# מאָרים ראָזענפעלדס בריוו

מיט אַן אַריינפיר און דערקלערונגען פון

י. ליפשיץ

# מאָרים ראָזענפעלדס בריוו

מיט אַן אַריינפיר און דערקלערונגען פון

י. ליפשיץ



ייִדישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט — ייוואָ

בוענאָס־איירעס 1955

דאָס בוך איז אַרויסגעגעבן געוואָרן מיט דער הילף
פון די פאַנדן, וואָס **פּ׳ עוזר בומאַזשני** האָט געשטעלט
צו דער דיספּאָזיציע פון ייוואָ אין אַרגענטינע

**עוזר בומאַזשני** געבוירן ביי אָרעמע עלטערן דעם 15טן יאַנואַר 1885 אינעם שטעטל יוזעפּאָל, פּאָדאָליער גובערניע. געלערנט ביז 8 יאָר אין חדר. פון 9 יאָר אָן אָנגעהויבן פאַרדינען זיין ברויט ווי אַן אָנגעשטעלטער אין אַ געשעפט אין זעלביקן שטעטל. אין עלטער פון 16 יאָר פאַרלאָזט ער די שטעלעס ביי פרעמדע און אַליין זיך גענומען צו מיסחר. געפאָרן אויף ירידים מיט גאַלאַנטעריע־סחורות. אין דער זעלבער צייט זיך אָפּגעגעבן מיט אַליין־בילדונג. איינגעשאַפן אַ סך יידישע און רוסישע ביכער און אָרגאַניזירט ביי זיך אַן אומזיסטע ביבליאָטעק פאַרן שטעטל. שפּעטער, צוזאַמען מיט דער שטעטלשער אינטעליגענץ, אויך אָרגאַניזירט אָוונט־קורסן פאַר נער־וואַקסענע אַרבעטער.

אין 1903—1904 איז ער אין קאָנטאַקט מיט פאַרשידענע רעוואָלוציאָנערע טוער און אָרגאַניזאַציעס פון די אַרומיקע שטעט און האָט אָנגעפירט אַן אונטערערדישע און אויפקלערערישע אַרבעט צווישן דער יוגנט און אַרבעטער אין שטעטל און צווישן די פּויערים פון אַרומיקע דערפער.

אין 1905, ווען עס איז אין רוסלאַנד אויסגעבראָכן אַ כוואַליע פון פּאָגראָמען אויף יידן, אָרגאַניזירט ער אין שטעטל אַ געמישטע זעלבסטשוץ פון יידן און פּויערים, וואָס האָט אויסגעהיט דאָס שטעטל פון אַ פּאָגראָם.

אין סעפּטעמבער 1912 קומט ער קיין אַרגענטינע פון יעקאַטערינאָסלאַוו. דאָ פאַרוואַרפט ער דעם מיסחר פון דער אַלטער היים און זיך אויסגעלערנט זעצעריי. ווי אַ יידישער זעצער הייבט ער אָן מיטצואַרבעטן אין דעם דאַמאָלסטיקן „אַרגענטינער אידישן וואָכנבלאַט״ און שפּעטער אין דער ערשטער יידישער טאָגצייטונג אין אַרגענטינע „דער טאָג״. שפּעטער, פון צייט צו צייט, אין דער „די אידישע צייטונג״ א״א.

סוף 1917 אָרגאַניזירט ער דעם קאָאָפּעראַטיוו פון אַרבעטער און זשורנאַליסטן מיט אַן אייגענער דרוקעריי אַרויסצוגעבן „די פּרעסע״, וואָס האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען דעם 1טן יאַנואַר 1918. פון דאַן אָן איז ער דער פאַרוואַלטער פון דער צייטונג.

בומאַזשני האָט אויך אין פאַרשידענע צייטן אַקטיוו זיך באַטייליקט אין דער אָנפירונג פון קולטור־ און דערציאונג־אינסטיטוציעס. אין יאָר 1952 האָט ער געגרינדעט דעם „עוזר בומאַזשני־פאָנד״ פאַר ליטעראַטור און זשורנאַליסטיק.

# אַריינפיר

מיט אַן ערך צוואַנציק יאָר צוריק האָט דר׳ שאַצקי זיך געקליבן אַרויסצוגעבן מאָרים ראָזענפעלדס בריוו מיט די נייטיקע הערות און מיט אַן אַריינפיר. מחמת דעם וואָס ער איז געווען כסדר פאַרנומען מיט אַנדערע ליטעראַרישע אַרבעטן, האָט ער דאָס אַלץ אָפגעלייגט. אַזוי ווי דר׳ שאַצקי איז לעצטנס שטאַרק אַריינגעטאָן אין זיין גרויס ווערק „געשיכטע פון די יידן אין וואַרשע", האָב איך איבערגענומען צוצוגרייטן די בריוו צום דרוק. אַ גרויסע צאָל בריוו איז צוגעקומען די לעצטע יאָרן.

די גרעסטע זאַמלונג פון ראָזענפעלדס בריוו, די בריוו צו לעאָ ווינערן, האָט דר׳ שאַצקי נאָך אין 1929 געקראָגן פון ווינערן אַליין. די בריוו צו ש. גינזבורגן, דר׳ י. לעוויטן, קלמן מרמרן און יעקב דינעזאָנען זיינען פון ייוואָ־אַרכיוו. דער בריוו צו ש. נ. ליבאָוויטשן איז פון דער יידישער אָפטיילונג פון דער ניו־יאָרקער פאָלקס־ביבליאָטעק און די בריוו צו ראובן בריינינען האָט פאַר מיר אָפגעשריבן די מאָנטרעאַלער פאָלקס־ביבליאָטעק, וואו עס געפינען זיך די אָריגינאַלן. די בריוו צו פרידריך טיבערגערן, דר׳ אַרנאָלד קישן און צו די פוילישע איבערזעצער זיינען שוין פריער געווען געדרוקט אויף נישט־יידישע לשונות און דערשיינען דאָ אין אַ יידישער איבערזעצונג און נישט אין ראָזענפעלדס יידיש. די בריוו 8, 13, 14, 26, 31, 32, 38 און 50 צו לעאָ ווינערן, דער בריוו 1 צו דר׳ יחזקאל לעוויטן און די בריוו צו מאיר אַפעלבוימען, מאָזעס פריהמאַנען, קישן, ליבאָוויטשן און פראָפעסאָר יאַראָסלאַוו ווערכליצקין (דער אָריגינאַל געפינט זיך אין ווערכליצקי אינסטיטוט אין פראָג) זיינען געדרוקט געוואָרן אין די „ייוואָ בלעטער" ב. XXXVIII (ניו־יאָרק 1954).

אַלע בריוו וואָס ווערן אין דעם באַנד פאַרעפנטלעכט, אַ חוץ די צו נ. ש. ליבאָוויטשן, פראָפעסאָר ווערכליצקין און ראובן בריינינען, זיינען איצטער דאָס אייגנטום פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט און געפינען זיך אינעם אַרכיוו פון ייוואָ.

איך וויל דאָ אויסדריקן אַ דאַנק דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט, דער יידישער אָפטיילונג פון דער ניו־יאָרקער עפנטלעכער ביבליאָטעק, דער מאָנטרעאַלער פאָלקס־ביבליאָטעק, דעם פראָגער ווערכליצקי אינסטיטוט, קלמן מרמרן, פרוי טירקעל און די משפחות פון אַלע די צו וועמען די

בריוו זיינען געשריבן געוואָרן פאַרן דערלויבן זיי צו פאַרעפנטלעכן. אַ דאַנק אויך דער אַרכיוויסטן פון ייוואָ, פרוי רבקה טשעריקאָווער, פאַר איר פריינד־לעכער הילף.

מחמת טעכנישע סיבות ווערן אַלע בריוו געדרוקט מיט דער מאָדערנער אָרטאָגראַפיע. אַחוץ דעם אויסלייג ווערט אין זיי, אין די יידישע ווי אין די ענגלישע בריוו, גאָרנישט געענדערט, אפילו נישט די אויגנשיינלעכע גראַמאַטיקאַלישע גרייזן.



דיזען בילד, מיינע טהייערע עלטערן, שיק איך
אייך אלס אייביגען אנדענקען, פערגעסט ניט אן
אייער הערצליבען זאָהן.

משה יעקב ראָזענפעלד.

Morris Rosenfeld.

מאָריס ראָזענפעלדס פאָטאָגראַפיע מיט אַ דעדיקאַציע צו זיינע עלטערן.

# מאָריס ראָזענפעלדס בריוו

טויזנט אַכט הונדערט זיבן און ניינציק, ווען מאָריס ראָזענפעלד האָט אַליין אַרויסגעגעבן זיין „ליעדער בוך“, איז ער אַלט געווען זעקס און דרייסיק יאָר. ער האָט שוין עלף יאָר געדרוקט לידער און געהאַט שוין פּאַרעפנטלעכט עטלעכע קליינע בענדלעך ווי „די גלאָקע“ (1888), „די בלומענקעטטע“ (1890), „פּאָעזיע און לי־דער“ (1893) און בלעטלעך לידער, וואָס ער פלעגט פּאַרלייענען און פאַרקויפן אין די קאַפעען, וואו עס זיינען זיך צונויפגעקומען יידישע אַרבעטער(1).

מאָריס ראָזענפעלד איז זיך מתנצל אין דער הקדמה צום „ליעדער בוך“, אַז ער האָט זיך געקליבן אַרויסצוגעבן אַ גרויסן באַנד, „אַ פולשטענדיקע זאַמלונג פון מיי־נע ווערקע“, וואָס וואָלט געדאַרפט „ענטהאַלטן 500 זייטן“. דאָס געלט וואָס ער האָט צונויפגעקליבן איז אָבער נישט געווען גענוג דערויף און ער האָט זיך געמוזט „ענטשולדיקן“ פאַר די „ווערטע אַבאָנענטן“, וואָס ער האָט געמוזט אַרויסגעבן אַ „פיל דינער בוך“(2) — אַ בראָשור פון קוים 88 זייטן. ווי עס זעט אויס האָט דער ענערגישער אָבער אַנטוישטער פּאָעט נישט דערוואַרט קיין פיל בעסערע מערכה פון „ליעדער בוך“ ווי פון זיינע פריערדיקע זאַמלונגען.

דאָס בוך האָט אָבער געבראַכט אַן ענדערונג אין ראָזענפעלדס לעבן. אַ פּאָר וואָכן נאָכן דערשיינען פונעם „ליעדער בוך“, דעם 9טן סעפּטעמבער, באַווייזט זיך אין דעם אָנגעזעענעם ניו־יאָרקער ליבעראַלן זשורנאַל די „ביישאָן“ אַ וואַרעמע נאָ־טיץ וועגן „אַ טשיקאַווע ביכל דייטש־יידישע לידער פון מאָריס ראָזענפעלדס פע־דער, וואָס באַצייכנט אַן ערא אין דער יידישער פּאָעזיע“(3).

אַזאַ נאָטיץ אין אַן ערנסטן ענגלישן זשורנאַל וועגן אַ יידיש בוך איז נאָך היינט, איבער אַ האַלבן יאָרהונדערט שפּעטער, אַ זעלטענע געשעעניש. דאַמאָלס איז דאָס לגמרי געווען אַן אוממעגלעכקייט. כאָטש די נאָטיץ האָט נישט געהאַט קיין אונטערשריפט, איז מען אָבער באַלד געוואָר געוואָרן אויף דער איסט־סייד, אַז דאָס האָט געשריבן לעאָ ווינער, אַן אינסטרוקטאָר פון סלאַווישע שפּראַכן אין הארוואַרד אוניווערזיטעט.

מאָריס ראָזענפעלד האָט געקאָנט לעאָ ווינערן נאָך איידער ער האָט אַרויסגע־געבן דאָס „ליעדער בוך“, ווייל דאָס בוך איז שוין „געווידמעט מיט ערע און האָכ־אַכטונג צו מיין ווערטן פריינד לעאָ ווינער, פּראָפעסאָר אויף סלאַווישע שפּראַכן אין הארוואַרד קאָלעדזש“. ווי אַזוי האָט זיך ראָזענפעלד באַקענט מיט ווינערן, אַז ווינער האָט זינט זיין קומען קיין אַמעריקע געלערנט מחוץ ניו־יאָרק? ווי ס׳זעט

אויס האָט זיי צוגיפגעפירט ווינערס פּאָטער, וועמען ראָזענפעלד דערמאָנט אין אַ בריוו. ווינערס פּאָטער איז געווען אַ ייד אַ משכיל מיט אַ באַדייטנדיקער וועלטלעכער בילדונג און מיט אַן אינטערעס כאַרן יידישן פאָלקשאַפן. ער האָט נאָך אין 1818 אָפּגעדרוקט אין דער „סט. פּעטערסבורגער דויטשער צייטונג" אַ סעריע יידיש־פאָלקלאָריסטישע בילדער אונטערן טיטל: „פון וויגל ביז צום קבר"(4). דער זון לעאָ, וואָס האָט זיך שנעל איינגעבירגערט אינעם אַמעריקאַנער גייסטיקן לעבן, איז אויך געווען שטאַרק פאַראינטערעסירט אין יידישן פאָלקלאָר און אין יידישער פילאָלאָגיע. ער האָט זיך קונה שם געווען מיט עטלעכע אַרבעטן אויף דעם געביט און האָט אפילו געגרייט אַ יידיש ווערטערבוך. לעאָ ווינער האָט געהאַט אַ גרויסע זאַמלונג פון יידישע ווערק — עלטערע און מיטצייטלערישע — און מאָריס ראָזענפעלד דער פּאָעט איז אים אוודאי נישט געווען פרעמד.

נאָך דער נאָטיץ אין דער „ניישאָן" האָט ווינער געשריבן וועגן ראָזענפעלדן אין באָסטאָנער „טראַנסקריפּט" און ס'האָבן זיך באַוויזן גרעסערע נאָטיצן און אַרטיקלען אין דער פאַרשפּרייטער טעגלעכער פּרעסע אין ניו־יאָרק. דער אינטערעס צום דיכטער, פאַר וועמענס אַ ליד דאָס „טאָגעבלאַט" האָט מיט אַ קורצער צייט נישט געוואָלט געבן אפילו קיין פינף און צוואַנציק סענט, איז געשטיגן פון טאָג צו טאָג.

דער דאָזיקער אינטערעס איז געווען אַ דרייפאַכער: קודם־כל האָט מען זיך אין דער יידיש־אימיגראַנטישער סביבה אָנגעהויבן אַרומקוקן אויף אים: ער איז דערהויבן געוואָרן, ער האָט געקראָגן אָנזען. מע האָט דאָרט שטאַרק געהאַלטן פון גויאישע הסכמות. וואָס אמת איז האָט מען ראָזענפעלדן גוט געקאָנט אין דער יידישער אַרבעטער סביבה. מע האָט אָפט געלייענט זיינע לידער אין די בלעטער; מע האָט אים געהערט פאַרלייענען און געזען פאַרקויפן זיינע „פאָלקסלידער עקסטרא צום זינגען פיר מיינע יידישע ברידער אין אַמעריקא", וועלכע האָבן געדאַרפט דעם עולם „פערגעניגן פערשאַפן". דער רוב אָבער פון די, וואָס האָבן געהערט אָדער אַליין געלייענט אָדער געזונגען מאָריס ראָזענפעלדס לידער — און וועמענס געגראַמטע פּראָקלאַמאַציעס האָט מען דעמאָלט נישט געזונגען? — איז מסתמא נישט איינגעפאַלן, אַז ער שטייט העכער פון די אַלע אַנדערע, וועמענס לידער מע האָט אויך געדרוקט און וועמענס לידער מע האָט אויך געזונגען.

פאַרשטייט זיך, אַז ס'איז געווען אַ קנאת סופרים. דאָס איז דאָך אַזוי נאַטירלעך־מענטשלעך. ראָזענפעלד האָט שטאַרק איבערגעטריבן, ווי דאָס איז געווען זיין שטייגער אין אַזעלכע פאַלן, ווען ער האָט געמיינט, אַז „די יידעלעך מיינען, אַז איך בין שוין גליקלעך און (זיי) זיינען מיר דם שונאים"(5). פאַרקערט, ווען מען באַקענט זיך מיטן שרייבן פון זיינע מיטצייטלער זעט מען, אַז ראָזענפעלד איז באַהאַנדלט געוואָרן מיט דרך־ארץ, נישט געקוקט אויף דער רויקייט מיט וועלכער ער האָט באַהאַנדלט זיינע צייט־חברים. די יידישע איסט־סייד האָט זיך געפרייט מיט מאָריס ראָזענפעלדס גדולה.

די צווייטע גרופּע פּאַראינטערעסירטע זיינען געווען די איינפלוסרייכע דייטשע יידן, וואָס האָבן גענומען אויף זיך די אַפּיטראָפּסות פון די „אָסט יודען“, כאָטש קיינער האָט זיי נישט געקרוינט דערצו. די דייטשע רייכע יידן האָבן זיך שטאַרק געווערט קעגן דער רוסישער יידישער מאַסן־אימיגראַציע. זיי האָבן געציטערט איבער זייער אייגענער מנוחה און שלווה אין דעם נייעם לאַנד. זיי האָבן נישט געוואָלט אויפרייסן די גויאישע אויגן מיט קיין שטראָם פון „אומציוויליזירטע פּאָליאַקס“. זיי האָט זיך דאָס נישט איינגעגעבן צו פאַרמיידן. די אַמעריקאַנער טויערן זיינען סוף ניינצנטן און אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט געשטאַנען ברייט אָפן פאַר אַלעמען. האָבן אונדזערע דייטש־יידישע עסקנים און גבירים כאָטש געוואָלט לענקען די אימיגראַציע דורך דעם באַקאַנטן גאַלוועסטאָן פּלאַן, וואָס דזשייקאָב שיף איז געווען גרייט צו שטיצן מיט הונדערטער טויזנטער. אויב מען האָט די פּוילישע און רוסישע יידן נישט געקאָנט אָפּהאַלטן פון קומען קיין אַמעריקע, האָט מען דורכן „רעמוּאַוול אָפיס“ זיי געוואָלט אָפּהאַלטן פון באַזעצן זיך אין די גרויסע שטעט(6). אונדזערע רייכע יידן האָבן זיך שטאַרק געשעמט מיטן אָרעמען יידישן אימיגראַנט און מיט זיין יידיש, וואָס האָט א סך „דייטשע“ יידן, וואָס האָבן געשטאַמט פון פּויזן, צופיל דערמאָנט אין דעם אייגענעם נעכטיקן לשון.

זיי האָבן געמיינט, אַז אַלע נישט־יידן קוקן מיט די זעלביקע אויגן אויף דער יידיש־ריידנדיקער אימיגראַנטן מאַסע ווי זיי, די דייטשע יידן. אָן אמתער פּאָעט פון דער יידיש־ריידנדיקער אימיגראַנטן מאַסע, וואָס אפילו די נישט־יידישע וועלט באַוואונדערט, האָט געגעבן אַ געלעגנהייט צו פּרעדיקן טאָלעראַנץ און אַרויסרופן האָפענונג, אַז מיט דער צייט וועלן אפילו די איסט־סיידער יידן ווערן ענלעך אויף זייערע איינגעזעסענע דייטשע ברידער. דאָס האָט אויך מסתמא באַוואויגן אַזאַ פאַרביסענעם, ממש פאַטאַלאָגישן קעגנער פון „זשאַרגאָן“ ווי דעם זייער פאַרדינסטפולן עסקן בצרכי ציבור, דזשייקאָב שיפן צו קויפן דאָס יידישע „ליעדער־בוך“, געבן אַ באַדייטנדיקע סומע צו העלפן אַרויסגעבן ראָזענפעלדס לידער אויף ענגליש און שטיצן דעם דיכטער פּערזענלעך, העלפן שאַפן פאַר אים אַ פאָנד. שיף צוזאַמען מיט די זולצבערגערס, מיט דער סופראַזשיסטקע און שרייבערין מרס. מאָוד נייטן, דעם ריכטער ראָוזדייל, דעם שאַפער פון דער עטישער געזעלשאַפט דר׳ פעליקס אַדלער, דעם באַקאַנטן עקאָנאָמיסט און פּראָפעסאָר עדווין זעליגמאַן און אַ סך אַנדערע פון דער יידישער פּני׳ האָבן געהאָלפן ראָזענפעלדן, געקומען אויף זיינע רעציטאַציע־אָוונטן אין דעם „נייבאַרהוד“ סעטלמענט און אין אַנדערע סעטלמענט־הייזער און איינגעאָרדנט פאַר אים צונויפקונפטן אין רייכע יידישע הייזער און קלובן און אפילו אין דעם ניו־יאָרקער טעמפּל „עמנואל“ און אין ענלעכע טעמפּלען אין אַנדערע גרעסערע שטעט.

ווי עס זעט אויס איז די ניו־יאָרקער פּרעסע שטאַרק אינספּירירט געוואָרן פון

ערגעצוואו צו מאַכן אַ סענסאַציע פון דעם „שניידער פּאָעט פון דער איסט סייד״, וואָס איז „אַנטדעקט״ געוואָרן פון אַ הארווארד פּראָפעסאָר. גאַנצע זייטן מיט אינ־טערוויוען, פּאָטאָגראַפיעס, אָפט מיט אָריגינעלע צייכענונגען פונעם פּאָעט, זיין משפחה און אפילו זיין וואוינונג, זיינען פּאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער ניו־יאָר־קער טעגלעכער פּרעסע. די אינטערוויוען און באַשרייבונגען זיינען טיילמאָל געווען באַגלייט מיט ראָזענפעלדס לידער אין יידישן אָריגינאַל אַחוץ דער ענגלישער אי־בערזעצונג.

די דורכשניטלעכע אַמעריקאַנער צייטונג האָט זיך דעמאָלט קנאַפּ־וואָס אָפּ־געגעבן מיט ליטעראַטור און האָט בדרך כלל פאַרזען וואָגיקע אַמעריקאַנער שריי־בער און זייערע ווערק. ליטעראַרישע אונטערנעמונגען אָדער אָוונטן פון פּאָעזיע אין קלובן אָדער סעטלמענט־הייזער האָבן געוויינלעך נישט געקראָגן דעם אָנזען, וואָס מאָריס ראָזענפעלדס אַרויסטריטן האָבן געקראָגן. נישט נאָר די סענסאַציאָנעלע פּרע־סע האָט זיך שטאַרק פּאַראינטערעסירט מיט ראָזענפעלדן, נאָר אפילו די ערנסטע און קאָנסערוואַטיווע בלעטער האָבן אים אָפּגעגעבן אַ סך אָרט. ווי אַביישפּיל קאָן דינען דאָס, וואָס פאַר די נאָטן צו מאָריס ראָזענפעלדס ערשטן ענגלישן ליד I KNOW NOT WHY („איך ווייס נישט פאַרוואָס״?), האָט די „טריבון״ אָפּגעגעבן אַ ה אַ ל ב ע זייט.

אָן ערנסטע און אויפריכטיקע פּאַראינטערעסירטקייט אין ראָזענפעלדן דעם דיכטער האָבן אַרויסגעוויזן אַ צאָל אַמעריקאַנער, וואָס זיינען זינט די אַכציקער יאָרן געשטאַנען אונטער דעם איינפלוס פון דזשין אדאַמס, דער סאָציאַלער רעפאָרמאַ־טאָרין פון שיקאַגאָ, די שאַפערין פון „האָל האוז״ און די מוטער פון די סעטלמענט־הייזער. אַזעלכע סאָציאַלע רעפאָרמאַטאָרן ווי ליליען וואלד, מערי קינגסבורי־סימכאוויטש און אַנדערע זיינען „געגאַנגען אין פאָלק״ דורך די סעטלמענט־הייזער, וואָס זיי האָבן געשאַפן אין די אָרעמסטע געגנטן פון די גרויסע שטעט. זיי האָבן זיך באַקענט, דערנענטערט און געהאָלפן די אָרעמסטע, און דאָס האָט געמיינט די אי־מיגראַנטן. זיי, די סאָציאַלע רעפאָרמאַטאָרן און זייערע אַרויסהעלפער, וואָס זיינען אָפט געווען קינדער פון די רייכסטע און אָנגעזעענסטע היימען, האָבן געזוכט ביי דער אימיגראַנט זיין גייסטיקן ניצוץ. זיי זיינען געגאַנגען קעגן דעם שטראָם פון דעם אַזוי באַקאַנטן הונדערט־פּראָצענטיקן אַמעריקאַניזם, וואָס האָט געזוכט צו דער־שטיקן די פרעמדע קולטורן וואָס די אימיגראַנטן האָבן מיט זיך געבראַכט. די רע־פאָרמאַטאָרן האָבן געוואוסט, אַז די יידישע איסט־סייד האָט נישט קיין שיכורים, אַז אויף דער איסט־סייד קומען נישט פאָר קיין בלוטיקע געשלעגן און אַז יידן זיי־נען אָרבעטזאַם, שפּאָרזאַם, פירן בדרך כלל אַ מוסטערהאַפט פאַמיליען לעבן און האָבן אייגנאַרטיקע קולטור־אינטערעסן(7).

די קליינע, ערנסטע זשורנאַלן אין וועלכע עס האָבן געשריבן די יינגערע און

פּראָגרעסיווערע שרייבער האָבן ראָזענפעלדן אויפגענומען נישט ווי אַ סענסאַציע, נאָר ווי אַ נייעם באַדייטנדיקן טאַלאַנט. דאָרט האָבן געשריבן וועגן דעם יידישן דיכטער אַזעלכע ליבעראַלן ווי דער באַרימטער נאָוועליסט וויליאַם האָועלס און דער באַקאַנטער פּובליציסט האַטשינס האַפּגוד, דער פאַרפאַסער פון „ספּיריט אָוו דהי געטאָ" („דער גייסט פון געטאָ") — אַ בוך וועגן דער יידישער איסט־סייד(8).

ווי מיר קאָנען זיך אָנשטויסן פון די ערשטע בריוו צו לעאָ ווינערן, האָט ווינער געהאַט בדעה אָפּצודרוקן אַן ענגלישע איבערזעצונג פון ראָזענפעלדס לידער נאָך איידער דאָס „ליעדער בוך" איז דערשינען. אין דער צייט וואָס ווינער האָט זיך פאַר־נומען מיטן צוגרייטן די איבערזעצונג פון ראָזענפעלדס לידער אויף ענגליש, האָט ער אויך פאַרטראַכט אַרויסצוגעבן „די געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור אין ניינצנטן יאָרהונדערט", וואָס איז דערשינען אין 1899.

אַלע בריוו צו ווינערן, מיט איין אויסנאַם — די פאַרבעטונג אַז ער זאָל מיט־אַרבעטן אין „פּנקס", וואָס ראָזענפעלד און שאַרקאַנסקי האָבן אַרויסגעגעבן 1900 — נעמען אַרום אַן ערך צוויי יאָר צייט און זיינען פאַרבונדן מיטן אַרויסגעבן ראָ־זענפעלדס לידער אויף ענגליש(9).

מאָריס ראָזענפעלד האָט אין זיין אומדערפאַרנקייט געבויט לופט־שלעסער אויף דעם דערוואַרטן דערפאָלג מיט זיין ביכל אין ענגליש. מע קאָן נישט זאָגן אַז ווינער האָט אים דערמוטיקט דערצו, זיכער פאַרקערט. עס איז באַלד געדרוקט געוואָרן אַ באַשיידענע צאָל עקזעמפּלאַרן, ווייל ווינער און אויך די פאַרלעגער האָבן אוודאי געוואוסט אַז דער מאַרק פאַר אַזעלכע ביכער איז אַ באַגרעניצטער. אַ גרויסע צאָל פון די אָפּגעדרוקטע לידער זיינען שוין פריער געווען פאַרעפנטלעכט און איבער־געדרוקט אין פאַרשיידענע צייטונגען און פּאָפּולאַריזירט געוואָרן דורך דער גרויסער צאָל עפנטלעכע רעציטאַציע־אָוונטן, וואו דער דיכטער אַליין האָט געלייענט זיינע לידער אין אוניווערזיטעטן ווי קאָלאָמביע, האַרוואַרד, ראַדקליף, סעטלמענט־הייזער, טעמפּלען און קלובן אין ניו־יאָרק, באַלטימאָר, פילאַדעלפיע, באָסטאָן און אין אַנ־דערע שטעט. דער באַשרענקטער עולם, וואָס האָט געקאָנט זיין פאַראינטערעסירט אין קויפן אַזאַ עקזאָטיש ביכל לידער, נישט געקוקט אויפן גאַנצן טאַראַראַם אַרום דעם דיכטער, האָט שוין דורך דעם פּאָעטס אָפטע אויפטריטן און דורך דער פּרעסע געהאַט אין אַ גרויסער מאָס געשטילט די נייגעריקייט. ווען דאָס ביכל לידער איז דערשינען און זיך נישט פאַרקויפט אַזוי שנעל ווי ער האָט דערוואַרט האָט זיך ראָ־זענפעלד געפילט ווי אָפּגענאַרט פונעם אייגענעם גורל.

די זאַמלונג בריוו איז אין אַ געוויסער מאָס אייגנאַרטיק: נישטאָ קיין אינטימע בריוו צו נאָענטע און אייגענע, ווי למשל די באַרעדעוודיקע, האַרציקע שלום עליכם בריוו; נישטאָ לגמרי קיין ליבע־בריוו, וואָס זיינען בכלל אַ יקר המציאות אין דער יידישער עפּיסטאָלאַרער ליטעראַטור. כמעט אַלע בריוו, אַחוץ אַזאַ אויסנאַם ווי דער

האַרציק־ווייטיקדיקער בריוו צום העברעאישן שרייבער ליבאָוויטש, וואָס איז געווען ראָזענפעלדס אָן אח לצרה — אויך ביי אים איז ווי ביי ראָזענפעלדן געשטאָרבן אַ יונגער זון — האָבן אַלע אַ מין געשעפטלעכע פאַרבינדונג. איר האָט דאָ נישט קיין סימן פון יענע צוגעלאָזענע בריוו, וואָס זיינען אייגנטלעך חברישע שמועסן. די שיחות חולין פון באַרימטהייטן. אָפט די ערשטע אָנזאָגן פון פאַרטראַכטע ווערק.

באַרימטע שרייבער זיינען נישט אַלעמאָל גוטע בריוו־שרייבער, ווי למשל פּרץ. אַנדערע ווידער, וואָס זייער באַרימטקייט ליגט אויף זיי ווי אַ משא, באַשווערט דאָס אָפט אויך די אומיטלבאַרקייט פון זייערע בריוו. זיי פילן און זיינען זיך פליכט־באַוואוסט, אַז זייערס אַ וואָרט טאָר נישט פאַרלוירן גיין און אַז פריער אָדער שפּע־טער וועלן טויזנטער פּאָר אויגן קוקן אויף דעם, וואָס זעט איצטער אויס צו זיין טריוויאַל. דאָס ווירקט אַז זיי זאָלן קאָקעטירן מיט זיך אַליין. אַ גוטערביישפּיל פון אַזאַ שרייבער איז בערנאַרד שאָו.

מאָריס ראָזענפעלד איז פריי דערפון אין זיינע בריוו. ראשית האָט ער דאָס רוב בריוו געשריבן, ווען ער האָט מיט זיין גאַנצער איינבילדונג נישט געקאָנט וועגן זיך חלומען פון אַזאַ הויך. שנית איז ראָזענפעלד געווען אַזוי אימפּולסיוו, דירעקט און אומאויסגערעכנט אין זיינע בריוו, ווי ער איז דאָס געווען אין זיין רעדן. דאָס האָט אָפט אים און אַנדערע פאַרשאַפט צער. כאָטש ער האָט דאָס געוואוסט, האָט ער דאָס אָבער נישט געקאָנט פאַרמיידן. „איך בין אַביסל אַ האַסטיקער — שרייבט ראָזענפעלד צו ווינערן — אָבער (נישט) קיין פאַלשער און (נישט) קיין ליגנער״(10).

דער באַקאַנטער ראָזענפעלדישער טעמפּעראַמענט רייסט זיך אָפט דורך אין די בריוו אין דער גאַנצער שאַקירנדיקער רוקייט. ראָזענפעלדן איז פרעמד דאָס לאַגי־שע רעזאָנירן. זאַכן זיינען אָדער ווייס אָדער שוואַרץ. יאָהאַן פּאַליי, דער געוועזענער רעדאַקטאָר פון „טאַגעבלאַט״ איז 1890 „מיין פריינד יאָהאַן פּאַליי״, וועמען ראָ־זענפעלד ווידמעט דאָס ביכל די „בלומענקעטע״(11) און אין פיר יאָר שפּעטער, 1894, איז ער שוין „יאַנעק דער משומד״, וועגן וועמען ער שרייבט שוין לידער, וואָס דאַרפן ווי אַ „שווערד צערייסן די האַרץ״(12). 1910 בעת ראָזענפעלד איז נאָך גע־ווען אַ מיטאַרבעטער פון „פאָרווערטס״, האָט ער אָנגעשריבן אַ ספּעציעל ליד לכבוד אַב. קאַהאַנס פופציק יעריקן יובילײ און אים, קאַהאַנען, אָנגערופן „דער ערשטער מאַרגנשטראַל, וואָס האָט געגלאַנצט אין יונגן פירמאַמענט״(13). 1914 איז שוין אַב. קאַהאַן אַ „געלער זשורנאַליסט״ און די „פאָרווערטס״ רעדאַקציע אַ „זנות רע־דאַקציע״(14). אַלעקסאַנדער האַרקאַווי איז אַ „קרענק״, זיין שרייבן איז „געפּלוי־טעוועט״ און ער גיט אַרויס „שמאַטע לוחות״(15), ווען ראָזענפעלדן געפעלט נישט עפּעס, וואָס האַרקאַווי שרייבט. האַרקאַווי ווערט אָבער אַ „געלערנטער״, ווען ער שרייבט אָן ראָזענפעלדס ביאָגראַפיע(16). פּרץ ווינערניק איז נישט נאָר אַ „קרענק״, ווען ער שרייבט אַ פּאָר קריטישע באַמערקונגען וועגן ווינערס „געשיכטע פון דער

יידישער ליטעראַטור", נאָר „אַ לומפּ און אַ פאַרקויפטע נשמה צו שרהזאָהן"(17), דעם אַרויסגעבער פון „טאָגעבלאַט". דעם איידעלן מאָריס ווינטשעווסקי, וועמען ראָזענפעלד האָט מיט רעכט געהאַלטן פאַר אַ קלענערן פּאָעט פון זיך, איז ביי אים געווען „מאַריסקע דעוו' באַמער"(18) און דער יידיש־ליטעראַטן קרייז אין ניו־יאָרק — דער „חזיר מאַרק"(19).

אפילו ווען ראָזענפעלד שרייבט אין 1918 צו זיין אונגאַרישן איבערזעצער, דעם אויבערראַבינער פון בודא, דר' אַרנאָלד קישן, צו אַ מענטשן וואָס דאָס לעבן אין אַמעריקע איז אים געווען פרעמד און אוודאי זיינען אים געווען פרעמד די יידיש־שרייבערישע צאַנקערייען, קאָן זיך אָבער ראָזענפעלד נישט אָפּהאַלטן פון באַקלאָגן זיך פאַר אים, אַז „צו אַלע זאַכן האָב איך נאָך מאַסן שונאים צווישן יידישע שרייבער אין אַמעריקע, וועלכע פאַרגינען מיר נישט מיין פּאָפּולאַריטעט און וואָלטן מיך דערטרונקען פאַר האַס און נייד. עס איז זיי קיין מיטל נישט צו שווער, קיין נידערטרעכטיקייט צו נידערטרעכטיק. זיי ווענדן אָן אַלעס מעגלעכע מיר אויף שריט און טריט צו שאַדן"(20). ווער עס איז נאָר אפילו אויבנאויפיק באַקאַנט מיט דער דעמאָלטיקער יידישער ליטעראַרישער סביבה ווייס אַז מען דאַרף איר, דער ליטעראַרישער סביבה, זאָגן לשבח דאָס, וואָס זי האָט מאָריס ראָזענפעלדן נישט אָפּגעדינט מידה כנגד מידה. זיין באַשולדיקונג איז אָן אָנדייט אויף אַ פאַרפאָלגונגס־מאַניע. דאָס דערקלערט אויך פאַרוואָס ראָזענפעלד האָט זיך נישט דורכגעשריבן אינטים־חבריש מיט זיינע בני דור און פאַרוואָס ער קאָן שרייבן צו ווינערן, אַז „זעלטן וואו (ווּעט) איר געפינען אונטער יידן אין אַמעריקע אַ מענטש, וואָס זאָל האָבן אַזויפיל באַקאַנטע און נישט האָבן מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן"(21). באַקאַנטע יאָ, אָבער פריינד — נישט.

דאָס דאַמאָלסטיקע לעבן אין אַמעריקע איז געווען שווער פאַר יעדן יידישן אימיגראַנט און דערדריקנדיק שווער פאַר דעם פיינפילנדיקערן. היימישע לומדים, משכילים און העברעאישע שרייבער זיינען דאָ געוואָרן שמאַטע־קלייבער, פּעדלער. רבנים זיינען דאָ געווען ווי שטויב אונטער די פיס פון אַ „קופה של שרצים"(22). אַן אונגאַרישער רב, וואָס איז געקומען קיין אַמעריקע אַרום דער זעלבער צייט וואָס ראָזענפעלד, שרייבט, אַז „דער גראָבער יונג און קופּץ בראש האָט דאָ אויפגעהויבן דעם קאָפּ... לומדים און וואוילקענערס זיינען, ברוך השם, דאָ גענוג, אָבער זיי גייען אויס פון הונגער"(23). דער ערשטער „רוסישער" רב אין ניו־יאָרק, ר' אברהם יוסף אַש האָט זיך געמוזט מפרנס זיין פון גלעזערײַ(24). דער באַקאַנטער העברעאישער פּעדאַגאָג הלל מלאכובסקי, וואָס איז אַהערגעקומען אין די אַכציקער יאָרן, האָט געפּעדלט, געליטן בזיונות פון די לאָבוזעס אין די גאַסן און אויפן סמך פון זיינע אייגענע איבערלעבונגען געוואָרנט די לייענער פון „המליץ" „למען השם קומט נישט אַהער!... אַמעריקע איז גוט פאַר עם־הארצים"(25).

עס איז בלי שום ספק אַז ראָזענפעלדס דאַליע אין אַמעריקע איז געווען אַ בי־טערע און אַז די צען יאָר, וואָס ער האָט געאַרבעט דאָ אין שעפּער, האָט ער געלעבט אין גרויס דחקות. אב קאהאן שרייבט, אַז ווען ער האָט ראָזענפעלדן געזען צום ערשטן מאָל „איז ער געווען בוכשטעבלעך אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן. קיין אויבער־העמד און קיין קאלאר (קאָלנער) האָט ער נישט געטראָגן. ער האָט נישט אויסגעזען ווי קיין שניידער, נאָר עפּעס ווי איינער פון די יונגען, וואָס אַרבעטן אויפן ברעג פון טייך ווילִיא אין ווילנע, ביי די פליטן"(26).

דאָס זעלביקע האָט דער אַמעריקאַנער שרייבער האטשינס האפּגוד געשריבן וועגן ז. ליבינען: ער איז אַרומגעגאַנגען „קרועה בלועה... ווי אַ באָסיאַק" און אַז ער איז געווען „אויסערגעוויינלעך אָרעם"(27).

מאָריס ראָזענפעלד האָט געאַרבעט צען יאָר אין שאַפּ. אַנדערע יידישע שריי־בער האָבן צענדליקער יאָרן געאַרבעט אין שאַפּ און אַריבערגעטראָגן זייער פּיין און אָרעמקייט אין שטילשווייגן. זיי האָבן זייער שווער לעבן נישט געוואָלט מאַכן פאַר קיין רשות הרבים. אין יענער צייט האָט צו שרייבן פאַר שרהזאָהנס „גאַזעטן" אָדער „טאָגעבלאַט" נישט געמיינט פיל בעסער ווי צו אַרבעטן אין אַ סוועט־שאַפּ און אונ־טער אַ סוועט־שאַפּ סיסטעם. די בעלי־הבתים פון די דערמאָנטע בלעטער האָבן נאָך 1921 געהאַט די חוצפה אָפּצוזאָגן אַזאַ וועלט־באַרימטן פּאָעט ווי ראָזענפעלדן אויף אַן אופן, וואָס קיין דורכשניטלעכער בעל־הבית וואָלט אויף אַזאַ אופן נישט אָפּ־געזאָגט קיין שיק־יינגל(28). עס זיינען דעמאָלט נישט געווען אין אַמעריקע קיין יידישע שרייבער, וואָס זאָלן האָבן אַ גרינגער לעבן. באָוושאָווערן, עדעלשטאַט און שארקאנסקין, וואָס זיינען ביז מאָריס ראָזענפעלדס גרויסער אנערקענונג געווען פּאָפּולערער פון ראָזענפעלדן, האָט דאָס מזל אויך נישט צוגעשמייכלט.

מאָריס ראָזענפעלדן איז דאָס לעבן געווען שווערער נישט דערפאַר אַליין דאַכט זיך, ווי מרמר מיינט, ווייל ער האָט אין דער „שווערסטער נויט ווי אַ שאַפּ־אַרבע־טער זיך באַטראַכט ווי אַ פּרינץ אין גלות... זיך געהאַלטן הימל הויך איבער זיין סביבה" און „יעדע גרינגשעצונג האָט איבערגעלאָזן אַ טיפע וואונד אויף זיין נשמה"(29). ער איז נישט געווען ראַפינירטער אָדער אפילו געבילדעטער ווי דאָס רוב שרייבערישע מיטצייטלער זיינע. ניין. זיי, ראָזענפעלדס מיטצייטלער, האָבן בדרך כלל געהאַט אַ חלום, אַן אידעאַל און מאָריס ראָזענפעלד האָט דאָס נישט גע־האַט. כאָטש ער האָט זיך דעמאָלט אין זיינע לידער באַנוצט מיט דעם רעוואָלוציאָ־נערן זשאַרגאָן. ער, אַ פלעבעיער דורך און דורך האָט געליטן פון אַ מין אומנאַטיר־לעכן פּאַטריצישן שטאָלץ, וואָס האָט אים נאָך ענגער געמאַכט אין דער פּלעבעאישער סביבה. ער האָט דעם אייגענעם איך געהאַלטן וויכטיקער פון אַלע פּאַרטייען און באַוועגונגען. ער איז געווען צופיל אינדיווידואַליסטיש צו באַמערקן אַנדערע.

אַלעקסאַנדער האַרקאַווי האָט שוין מיט פופציק יאָר צוריק געפילט, אַז מען

קאָן נישט אויפוואַרפן ראָזענפעלדן, ווי זיינע קאָלעגן האָבן דאָס געטאָן, אַז ער איז אַ פּרינציפּנלאָזער דיכטער, ווייל ער „האָט נישט קיין באַשטימטע ריכטונג... ער דיכטעט אונטער דעם באַזונדערן איינדרוק אָדער באַזונדערע פאָדערונג פון דעם מאָמענט״(30). דעריבער האָט ראָזענפעלד זיך געקאָנט איינבעטן ביים „טאָגעבלאַט״, אַז מען זאָל דרוקן זיינע לידער און ער, דער באַרימטער אַרבעטער־פּאָעט האָט אַפילו געקאָנט באַזינגען דאָס דאָזיקע אַרבעטער־פיינדלעכע בלאַט ווי „דער שטאָלצער אייכנבוים, וואָס לאַכט פון שטורעם און פון ווילדסטן וועטער״(31). האטשינס האַפּגוד וואָס האָט זיך באַקאָנט מיט ראָזענפעלדן סוף ניינצנטן יאָרהונדערט, ווען ער, ראָזענפעלד, איז שוין געווען וועלט־באַרימט, האָט באַמערקט, אַז ראָזענפעלדס „שוואַכע אַקסלען״ און זיין „טעמפּעראַמענט״ זיינען „נישט געווען צוגעפּאַסט אַנטקעגנצוקומען דער וועלט״(32) און אַריבערצוטראָגן אַ שווער לעבן. ער איז נישט געווען ווי ווינטשעווסקי אָדער באָוושאָווער פאַרכאַפּט פונעם סאָציאַליסטישן באחרית הימים, וואָס אַנטקעגן דעם איז דער הייגט געווען אומוויכטיק און פאַרגענגלעך. ראָזענפעלד איז לויט דער טרעפלעכער אָפּשאַצונג פון ש. ניגער „געווען אַריינגעטאָן אין דער וועלט פון זיין אייגענעם איך״. ער האָט געהערט צו יענע, „וואָס ווילן דווקא זיין כּוהנים״, כאָטש זיי דערגרייכן אָפט דאָס פאַרקערטע: זיי ווערן „קרבנות און זעלטן כּוהנים״(33).

מאָריס ראָזענפעלדס טיפסטער גייסטיקער ווידעראַנאַנד איז געווען דאָס, וואָס ער האָט אַ גאַנץ לעבן געקעמפט קעגן זיין  א מ ת ן  איך און איז באַזיגט געוואָרן. ער האָט געוואָלט זיין אַן אַנדערער מענטש ווי ער האָט געקאָנט זיין. ער האָט געוואָלט זיין שטאָלץ און נישט געקאָנט. ער האָט געוואָלט זיין מאַטעריעל און גייסטיק אומאָפּהענגיק און נישט געקאָנט. ער האָט געוואָלט אַרויסרופן צו זיך דרך־ארץ און דערגאַנגען צו בעטלען אנערקענונג ביי די וואָס זיינען נישט געווען דערוואַקסן צו זיינע קנעכלעך. אַפילו דעמאָלט האָט ער גערעדט מיט גאַל וועגן זיינע קאָלעגן ווי „שרייבאַרעס״ מיט וועמען ער מישט זיך נישט און „געלויבט איז גאָט איך האַלט זיך פון זיי ווייט, ווייט אַוועק״(34).

ער איז אונטערטעניק גרייט געווען צו ווידמענען דזשייקאָב שיפן די ענגלישע איבערזעצונג פון זיינע לידער און אויך אַ ספּעציעל ליד וואָס טראָגט דעם סימבאָלישן נאָמען „אונדזער שיף״, ווייל „צו האָבן פּאַר אַ פריינד אַזאַ מאַן ווי שיפן קאָן נישט שאַטן״(35). ער ווערט שטאַרק נתפּעל פון די „רייכע און פאַרנעמע לייט״, ווי פון דעם רייכן פּראָפעסאָר זעליגמאַן, וואָס באָרגט אים געלט, שאַפט אים אַ שטעלע, אָבער באַנעמט זיך ווי אַ גביר אַ תּקיף נישט נאָר קעגן אים, ראָזענפעלדן, נאָר אַפילו קעגן ווינערן, וועמען זעליגמאַן האָט געמעגט באַטראַכטן ווי זיינסגלייכן. ראָזענפעלדן טוט דאָס וויי און ער שרייבט ווינערן, אַז ער „האָט די חברה פיינט״ און אַז ער וועט זיין „ווירדע נישט ערנידעריקן״ ווייל אין אים „ליגט צו

ווייניק בעטלער״ און אַז ער „איז צו שטאָלץ צו בעטן (בעטלען)״ און אַז אין „צייט פון נויט קען״ ער „זיך ערהייבן איבער די פאַרהעלטעניסע״(36). דאָך איז ער שפּעטער געווען גרייט צו גיין צו „פּראָפעסאָר זעליגמאַן און באַקומען געלט גע־באָרגט״(37).

די מורא פאַרן מאָרגן וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַרן אויסגעוואָרצלטן אי־מיגראַנט, איז ביי ראָזענפעלדן דערגאַנגען ביז צו אַ מאַניע. ער האָט תמיד געזוכט זיך און זיין משפּחה צו באַוואָרענען. ער האָט זיך אַפילו דעמאָלט געזען אין נויט, ווען ער האָט אין פאַרגלייך מיט אַנדערע יידישע שרייבער געלעבט ממש אין רחבות: געהאַט אַן אייגן הויז און געווען מער־ווייניק באַוואָרנט מיט אַ שטעלע, מיט פּרנסה און מיט אַ וועלט־נאָמען, וואָס האָט אים געדאַרפט צוגעבן זיכערקייט פאַרן מאָרגן. כאָטש ער האָט ווי יעדער קינסטלער געוואָלט כבוד, האָט ער אונ־טערגעשטראָכן, אַז ער וויל בעסער „פּשוטע שטערבלעכע דאָלאַרס״(38). אין 1898 ווען דער דורכשניטלעכער שניידער האָט נישט פאַרדינט קיין צען דאָלאַר אַ וואָך, האָט דער נעבעכדיקער שניידער און אביון מאָריס ראָזענפעלד געהאַלטן, אַז מען קאָן „נישט געהאָלפן ווערן״ פון „20 דאָלאַר פאַר אַ פאָרלעזונג... נאָר עט, בעסער ווי גאָרנישט״(39).

זיין מאַטעריעלע אָפּהענגיקייט האָט אים פאַרשקלאַפט צו יעדן איינעם, וואָס עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז ער קאָן אים, ראָזענפעלדן, זיין בייהילפיק. ער האָט זיינס אַ נעבעכיקן באַשלוס היינט געענדערט אָן דעם מינדסטן ווידערשטאַנד, ווען דאָס איז נישט געפעלן די, וואָס האָבן געקאָנט פאַרבעסערן זיין מאַטעריעלע מערכה.

מאָריס ראָזענפעלד האָט נישט אַרויסגערופן צו זיך קיין דרך־ארץ, האָט ער געקלאַפּט אין טיש אַריין און געפאָדערט דרך־ארץ:

וואָס רוקט איר אַלץ דאָס פליייש צו זיך
און שמייסט צו מיר די ביינער?
וואָס מיינט איר וואָס? אַ הונט בין איך,
אַ הונט מיט קהלשע ציינער?

און פאַרענדיקט האָט דער אנערקענטסטער יידישער פּאָעט, דער פּאָעט מיט אַ וועלט־נאָמען, מיט לייענען לידער פאַר יעדן איינעם וואָס ער האָט צופעליק אָנגע־טראָפן אין קאַפע צי אין גאַס און מיט בעטלען הסכמות(40) — הסכמות, וואָס האָבן קיין שום ווערט נישט געהאַט און וואָס ער, מאָריס ראָזענפעלד, האָט זיי לגמרי נישט געדאַרפט.

דאָס יידישע לשון האָט מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק נישט געהאַט קיין געהויבן מזל ביי דעם דאַמאָלסטיקן דור יידישע שרייבער, ביי דעם „ממזר דור״(41)

לויט לייוויקס אויסדרוק. איינער פון די פאַרשפּרייטסטע טראַגישע ספּאָרטן איז געווען די „נביאות" וועגן דעם אונטערגאַנג פון דער יידישער שפּראַך. און ווער איז אַלץ נישט געווען קיין „נביא"? אַב. קאַהאַן און פּרץ וויערניק, געצל זעליקאָ־וויץ און לואי מילער, לעאָ ווינער און מאָריס ראָזענפעלד. ווער נישט? אַלע יידישע צייטונגען, סיי די סאָציאַליסטיש־קאָסמאָפּאָליטישע און סיי די בורזשואַז־טראַדי־ציאָנעלע זיינען געווען באַאיור־אַסימילאַטאָריש. קיינער פון די, וואָס יידיש האָט זיי געגעבן כבוד, פּרעסטיזש, אַנזען און אַפּט מאַכט — קיינער פון זיי האָט דעם יידישן לשון נישט געגעבן מער ווי פינף און צוואַנציק יאָר לעבן. מען האָט אָפּגעזאָגט דעם יידישן לשון דאָס לעבן דאַמאָלס, ווען דער אָרום האָט געברוויזט מיט יידיש. מען האָט זיך אַליין אויף אַ מאַזאָכיסטישן אופן אָפּגעזאָגט דאָס לעבן און זיך פּאַרמי־אוסט די אייגענע עקזיסטענץ.

מאָריס ראָזענפעלד האָט נישט געהערט צו דער קליינער גרופּע גלייביקע, ווי יהואש, אַלעקסאַנדער האַרקאַווי, דר' חיים ספּיוואַק, א. ליעסין און אַ פּאָר אַנדערע. ער איז נ י ש ט געווען קיין יוצא מן הכלל. ראָזענפעלד איז געווען אַן אימפּולס־סיוו־אומקאָנסעקווענטער מענטש און דאָס האָט זיך אויך געמערקט אין זיין באַציאונג צום יידישן לשון. זיין געמיט־צושטאַנד איז געווען אַ גוטער באַראָמעטער: האָט זיך זיין שרייבערישע מערכה געהויבן, איז די מערכה פון יידיש געפאַלן אין זיינע אויגן. טאָמער איז זיין שרייבערישע מערכה געפאַלן אָדער עס האָט זיך אים גע־דאַכט, אַז זי איז געפאַלן, איז יידיש דערהויבן געוואָרן אין זיינע אויגן.

באַלד ווי ראָזענפעלד איז געוואָר געוואָרן, אַז ווינער קלייבט זיך איבערצוזעצן זיינע לידער, האָט ער אים, ווינערן, תיכף מודיע געווען, אַז „דער זשאַרגאָן האָט דאָ אין דעם לאַנד סיי־ווי־סיי קיין צוקונפט, נאָך אין 25 יאָר אַרום וועלן זאָגאַר די בעסטע ווערקע, געשריבן אין דיזער שפּראַכע אָדער דיאַלעקט נאָר בלייבן ליטע־ראַרישע קוריאָזיטעטן". ראָזענפעלד באַדויערט זיך אַליין: „ווייַ איז דעם וואָס איז נישט אימשטאַנד אַרויסצוגעבן זיינע געפילן און געדאַנקען אין איינער לעבענדיגען שפּראַכע"(42). כאָטש ער קאָן נאָך נישט אָנשרייבן קיין ענגלישן זאַץ אָן גרייזן, פאַרזיכערט ער אָבער ווינערן, אַז „אין אַ יאָר אַרום" וועט ער „שרייבן ענגלישע געדיכטע"(43). צו אַב. קאַהאַנען שרייבט ער מיט בראַוואַדע, אַז „זשאַרגאָנישע צייטונגען קאָנען מיך נישט מאַכן אָדער אָנמאַכן"(44).

דער דערשלאָגענער אָדער דערווייטערטער ראָזענפעלד טוליעט זיך צו דעם באַ־ליידיקטן יידישן לשון, ווי צו אַ מאַמען. 1916 שרייבט ער צו דעם יונגען און אומ־באַקאַנטן טראַמערן: „ביי מיר איז יידיש אַ שפּראַך ווי אַלע שפּראַכן"(45). ווען זיין ביכל לידער אין ענגליש האָט זיך נישט פאַרקויפט אַזוי שנעל ווי ער, ראָזענ־פעלד, האָט דערוואַרט, האָט ער פאַרלוירן זיין האָפענדיקייט און מיט רעזיגנאַציע געשריבן צו ווינערן: „איך האָב אויפגעגעבן דעם געדאַנק צו שרייבן אין ענגליש. אין יידיש האָף איך נאָך אָבער פיל אויפצוטאָן"(46).

אין דעם ליטעראַרישן עזבון וואָס קלמן מרמר האָט איבערגענומען פון ראָזענ־פעלדס אלמנה און שפּעטער איבערגעגעבן דעם יידיש וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט, געפינט זיך אַ זאַמלונג ענגלישע לידער, וואָס ראָזענפעלד זאָל האָבן אַליין געשריבן אויף ענגליש. דאָס ערשטע ענגלישע ליד I KNOW NOT WHY האָט ראָזענ־פעלד נאָך אָנגעשריבן 1899 און עס איז עטלעכע מאָל איבערגעדרוקט געוואָרן אין צייטשריפטן און אין אַנטאָלאָגיעס. פאַרן טויט האָט שוין ראָזענפלעד כמעט געהאַט גרייט צום דרוק אַ זאַמלונג פון זיינע ענגלישע לידער, אַ גאַנץ בוך. ווי עס ווייזט אויס האָט זיך אונדזער דיכטער שוין געהאַט פאַרשטענדיקט מיט אַ פאַרלעגער און דער „לייענער" (רידער) פונעם פאַרלאַג האָט זיך גינציק אָפּגערופן וועגן די לידער(47).

כאָטש ראָזענפעלד האָט געהאָפט, אַז מיט זיינע ענגלישע לידער וועט ער נאָך ווייזן דער יידישער שרייבער־וועלט וואָס ער קאָן און אַז זיינע באַגענטע וועלן ווידער שטאָלצירן מיט אים(48), ביי זיך האָט ער אָבער געפילט, אַז דאָס וואָס יידיש וועט אים נישט פאַרשאַפן, וועט אים ענגליש אַוודאי און אַוודאי נישט פאַרשאַפן. אין דער פריער דערמאָנטער ענגלישער זאַמלונג איז דאָ אַ ליד, וואָס הייסט I SING AND SING איז מסתמא געשריבן געוואָרן נישט לאַנג פאַרן דיכטערס טויט. דאָרט שרייבט ראָזענפעלד וועגן זיינע יידישע לייענער אַזוי צאָרט:

Am well paid by the millions,
By brave men and women fair;
Have their blessings and good wishes
Am, a multi-millionaire.

מאָריס ראָזענפעלד איז אָבער וואָס שייך דעם יידישן לשון דאָך געבליבן געט־טריי זיין דור. אַפילו ווען ער האָט זיך געקלאַמערט אָן יידיש ווי אָן אַ רעטונגס־גאַרטל, האָט ער אָבער נישט געקאָנט באַנעמען פאַרוואָס טאַלאַנטירטע יונגע מענטשן, וואָס קאָנען גוט ענגליש, גיבן זיך אָפּ מיט יידיש(49).



דאָס רוב בריוו ראָזענפעלדס ווערן דאָ געדרוקט צום ערשטן מאָל. זיי ברענגען נישט קיין נייע שטריכן צו ראָזענפעלדס כאַראַקטער. זיי אָקצענטירן בלויז דאָס, וואָס איז שוין געווען באַקאַנט די, וואָס האָבן זיך אינטערעסירט מיט זיין לעבן און שאַפן. ראָזענפעלד איז נישט געווען קיין קאָמפּליצירטער מענטש און די בריוו זיינען נישט קיין שליסלען צו קיין געהיימע צעלן. דער געפיל ביים לייענען די בריוו איז, דאַכט זיך, אַן ענלעכער צו דעם וואָס הלל ראָגאָף האָט אויסגעדריקט אין זיין ענגלישן עסיי וועגן ראָזענפעלדן: „מען מוז זאָגן דעם אמת — שרייבט דאָרט ראָגאָף — אַז ראָזענפעלד האָט אָנהענגער, באַוואונדערער אָבער נישט קיין פריינד.

**קיין אויפריכטיקע, האַרציקע פריינד האָט ער נישט"(50). דער דיכטער וואָס האָט אַזויפיל געשריבן וועגן ליבע און אַרויסגעגעבן אַ גאַנץ בוך, וואָס טראָגט דעם נאָמען „דאָס בוך דער ליבע" איז זיך אַליין געווען דער ערגסטער שונא.**

---

(1) משה שטאַרקמאַן, מאָריס ראָזענפעלדס אַנהייב, פנקס, ניו־יאָרק 1928, ב' 1, ז' 53 און דר' י. מעריסאָנס צו „ראָזענפעלדס אַנהייב" דאָרט, ז' 269. אויך קלמן מרמר, דער אָנהויב פון דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע, ניו־יאָרק 1944, ז' 68 און פון זעלבן מחבר, דוד עדעלשטאַט, ניו־יאָרק 1950. מאָריס ראָזענפעלד האָט אין 1890 זיך אַליין איינגעאָרדנט אַ גרויסן קאָנצערט, אויף וועלכן ער האָט פאָרגעלייענט זיינע און ווינטשעווסקיס לידער און געלויבט געוואָרן פון דער יידישער פרעסע ווי „אַ טאַלאַנטפולער פּאָעט" (דוד עדעלשטאַט, ז' 110). אין דער אויטאָביאָגראַפיע, וואָס איז אָפּגעדרוקט ווי אַן אַריינפיר צו בערטאָלד פייוועלס דייטשער איבערזעצונג פון ראָזענפעלדס לידער, זאָגט דאָרט ראָזענפעלד וועגן זיין ביכל „די גלאָקע", אַז „דאָס בוך איז געווען אַ ליטעראַרישער מפּיל. איך האָב דאַמאָלס געאַרבעט אין סוועט־שאָפּ און איך האָב נישט געהאַט קיין צייט איבערצוקוקן די לידער, וואָס זיינען אָפּגעדרוקט געוואָרן מיט אַ סך גרייזן. איך האָב נאָך דעם אָפּגעקויפט אַ סך עקזעמפּלאַרן און זיי פאַרברענט".

(2) זע הערה צום בריוו צו ווינערן פון 7טן יולי 1897.

(3) The Nation, September 9, 1897.

(4) דר' יעקב שאַצקי, לעאָ ווינער, ייוואָ בלעטער, באַנד 15, נומער 3, מאַרץ־אַפּריל, 1940, ז' 247.

(5) צו ווינערן, דעם 30סטן מאַרץ, 1898.

(6) זע: י. ליפשיץ, די ערשטע רוסיש־יידישע מאַסן־אימיגראַציע און די אַמעריקאַנער יידן, ייוואָ־בלעטער, דעצעמבער, 1932. אויך געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער באַוועגונג אין די פאַראייניקטע שטאַטן, ב' 1, ניו־יאָרק, 1943, ז' 200. אַן ענלעכע מורא האָבן אויך אַרויסגעוויזן די איינגעזעסענע קאַטאָליקן, ווען אין די דרייסיקער יאָרן פון נייצנטן יאָרהונדערט האָט זיך אָנגעהויבן די אירלענדישע „אינוואַזיע". טייל איינגעזעסענע קאַטוילישע פירער האָבן אפילו אַרויסגעוויזן סימפּאַטיע צו דער אַנטי־קאַטוילישער נאַטיוויסטישער באַוועגונג Theodore Maynard, The Story of American Catholicism. New York 1948, p. 285.

(7) דער באַקאַנטער נאָוועליסט וויליאַם דין האועלס שרייבט אין זיינע נאָטיצן וועגן דער איסט־סייד פון די סוף אַכציקער יאָרן AN EAST SIDE RAMBLE (געדרוקט אין Impresions and Reflections, New York 1896.) אַז ער „קען זיך נישט דערמאָנען צו האָבן ווען געזען אַ יידן שיכור... קיין געשלעגן ווי אין אירלענדישן אָדער אין אָרעמען אַמעריקאַנער קוואַרטאַל, איז צווישן זיי (די יידן) נישט פאָרגעקומען; מען האָט דאָ נישט געזען קיין פּאָליציאַנט און די רואיקע באַנעמונג האָט מיר אויסגעזען צו זיין אַ נאַטירלעכע".

(8) די וויכטיקסטע ליטעראַרישע זשורנאַלן האָבן זיך אָפּגערופן וועגן ראָזענפעלדן: The Bookman, March 1899; The Book Buyer, February 1889, The Critic, March 1900; The Dial, Junne 16, 1899; Literature, February 10, 199 און פאַרשטייט זיך די Nation.

(9) זע דעם בריוו צו ווינערן פון 12טן יולי, 1897. דער בריוו איז געשריבן געוואָרן איידער דאָס „לידער בוך" איז דערשינען, ווייל ראָזענפעלד פרעגט זיך אַן ביי ווינערן, צי ער וויל, אַז ער, ראָזענפעלד, זאָל אים ווידמען דאָס בוך. מיט דעם בריוו שיקט ער שוין ווינערן לידער און

ער שרייבט אים, אַז „אין צוויי וואָכן אַרום וועט מיין בוך פאַרטיק ווערן, וועט איר האָבן מערערע גערדיכטע אויף אויסצוקלייבן".

(10) צו ווינערן, מערץ 29, 1898.

(11) זע: משה שטאַרקמאַן, אויבן, די ווידמונג לייענט זיך אַזוי:

אַלע ראָזען, אַלע ליליען
אויפבינדן ווען איך וואָלט געקענט,
וואָלט איך אין זייד געוויקלט
אונד געמאַכט דיר אַ פּרעזענט.

(12) בריוו צו פריהמאַהנען פון 13טן יאַנואַר, 1894.

(13) דאָס ליד „אַב קאַהאַן צו זיין פופציק-יעריקן יובילעאום" איז געדרוקט אין אַב-קאַהאַן יובילעאום שריפט, ניו-יאָרק, 1910. די ערשטע סטראָפע לייענט זיך אַזוי:

דאָס איז שוין לאַנג צוריק געווען,
ווען איך דיך צום ערשטן מאָל דערזען,
מען האָט נאָר דאַן געלייגט דעם פונדאַמענט
פון ניו-יאָרקס גייסטיק-יידישן קוואַרטאַל,
געווען ביסטו דער ערשטער מאָרגן-שטראַל.
וואָס האָט געגלאַנצט אין יונגן פירמאַמענט.

(14) אין דעם בריוו צו יחזקאל לעוויט פון 9טן אויגוסט, 1914.

(15) אין בריוו צו ווינערן פון 27סטן סעפּטעמבער 1897 און פון 14טן מיי, 1899.

(16) אין אַ בריוו צו טראַמערן, פון 6טן יוני, 1916.

אַלעקסאַנדער האַרקאַווי האָט געשריבן אַ ביאָגראַפיש-קריטישן אַריינפיר צו ראָזענפעלדס „געזאַמלטע לידער", וואָס עוואַלענקאַ האָט אַרויסגעגעבן אין 1904.

(17) אין אַ בריוו צו ווינערן פון 11טן אַפּריל, 1899.

(18) מ. דאַנציס, אַ פּערטל יאָרהונדערט באַגעגענישן מיט מאָריס ראָזענפעלדן, „דער טאָג", דעם 15טן יולי, 1933.

(19) אין אַ בריוו צו ווינערן פון 30סטן מאַרץ, 1899.

(20) אין בריוו צו אַרנאָלד קישן פון 20סטן אויגוסט, 1908.

(21) אין אַ בריוו צו ווינערן פון ערשטן אָקטאָבער, 1897.

(22) צ. ה. מאַסליאַנסקי אין זיינע זכרונות, ציטירט לויט געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער באַוועגונג, ניו-יאָרק 1943, ב' 1, ז' 326.

(23) משה וויינבערגער, ספר היהודים והיהדות בניו-יאָרק, ניו-יאָרק תרמ"ז, ז' 7-8. הני בני בריוני ועזי פנים — שרייבט דער אונגאַרישער רב — הרימו פה את ראשם (ז' 7) וועגן שרייבער און משכילים זאָגט ער: מרביתם סתם עניים (ז' 31).

(24) געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער באַוועגונג ב' 1, ז' 327.

(25) כתבי הלל בן זאב מלאכובסקי, ברוקלין ת"ש, ספר שני ז' 50.

(26) אב. קאַהאַן, בלעטער פון מיין לעבן, ב' 2, ז' 376.

(27) Hutchins Hapgood, The Spirit of the Ghetto, New York 1909. צווייטע אויפלאַגע ז' 202.

(28) די בעלי הבתים פון „טאַגעבלאַט" האָבן ראָזענפעלדן אָפּגעזאָגט מיט דעם לאַקאָנישן בריוול:

„געערטער הער:
מיר געפינען פאַר נויטיק אייך צו לאָזן וויסן, אַז פון היינט אָן דאַרפט איר מער פאַר אונדז

נישט שרייבן די אורזאַך איז ווייל אייער שרייבן איז נישט גענוג אין קוואַליטעט און קוואַנטי-טעט.

Sarasohn E. Son אַכטונגספאָל

קלמן מרמר, פון מאָריס ראָזענפעלדס ליטעראַרישער ירושה, פנקס, ניו־יאָרק, ז' 210.

(29) קלמן מרמר, דער פּאָעט פון דער יידישער פּאָעזיע אין אַמעריקע, יידישע קולטור, יולי, 1948, ז' 5.

(30) אַלעקסאַנדער האַרקאַווי, דער נייער גייסט, נומער 2, נאָוועמבער, 1897, ז' 107. אין נומער 5 (ז' 297) פון דער זעלבער צייטשריפט שרייבט יעקב מילך אַז „מען מאַכט באַמערקונ-גען, אַז ראָזענפעלד האָט נישט קיין באַשטימטע ריכטונג: היינט קען ער שרייבן פאַר די סאָציאַ-לע רעוואָלוציאָן און מאָרגן פיר חיבת ציון. דיזע באַמערקונג אַבוואָל זי האָט אַ שטיקל גרונד איז אָבער נאָך מיין מיינונג ניט ריכטיק".

ווי ס'ווייזט אויס האָבן האַרקאַווים באַמערקונג וועגן זיין, ראָזענפעלדס, פּרינציפּלאָזיקייט אים מער פאַרדראָסן ווי בודיאַנאָווס קריטיק (זע בריוו צו ווינערן פון 8טן נאָוועמבער): „פיל מער ווי בודיאַנאָווס דומהייט וואָלט מיך געערגערט האַרקאַווים „בערענפּריינטשאַפט", ווען איך וואָלט עס נישט פאַרשטאַנען ווי צו פערלאַכן".

דוד עדעלשטאַט האָט אין אַ ליד „דיכטער און מוזע" (געדרוקט אין דער „פרייע אַרבעטער שטימע" דעם 22סטן אויגוסט 1890) זיך געווענדט מיט שפּאָט צום „אַלזייטיקן דיכטער, וואָס זינגט ווי אַ נאַכטיגאַל" און ווערט געלויבט פון „אָרטאָדאָקס און ליבעראַל" און אים, ראָזענ-פעלדן, געוואָרנט: „פאַרקויף נישט דיין פעדער און אויך נישט דיין זעלע. דיין קערפּער וועט שטאַרבן, דיין פעדער וועט לעבן", קלמן מרמר, דוד עדעלשטאַט, ז' 111.

ש. יאַנאָווסקי, דער געוועזענער רעדאַקטאָר פון דער „פרייער אַרבעטער שטימע" האָט גע-שריבן „צום צענטן יאָרצייט פון מאָריס ראָזענפעלד" (פאַ"ש, דעם 28סטן יולי 1933) „אַז איך האָב איבערגענומען די רעדאַגירונג פון דער פ. א. ש. אין סוף פון 1899 בין איך ווידער גע-קומען אין באַרירונג מיט ראָזענפעלדן און איך מוז זאָגן דעם אמת, דאָס מיר איז שטאַרק נישט געפעלן געוואָרן פילעס אין ראָזענפעלדס אויפפירונג... שפּעטער צו אַז ער איז געקומען צוריק פון יוראָפּ פון זיין טריאומף־רייזע און מען האָט זיך דערציילט וועגן די מיטלען, וועלכע ער האָט געברויכט אום צו ערוועקן רחמנות צו זיך, האָב איך געהאַלטן פאַר נויטיק צו שרייבן וועגן דעם אַ פּאָר ווערטער אין דער פ. א. ש.. איך האָב איצט שטאַרק חרטה אויף מיין שטרענג-קייט צו אים. איך האָב פאַרגעסן, אַז ער איז געווען אַ ייד מיט אַ פרוי און קינדער, וועמען ער האָט געמוזט מפרנס זיין און צוליב וואָס ער האָט געמוזט אָפּט פאַרבויגן זיין כבוד און דעם כבוד פון זיין פען".

(31) קלמן מרמר, פון מאָריס ראָזענפעלדס ליטעראַרישער ירושה, פנקס, ניו־יאָרק, 1928, ז' 209.

(32) זע באַמערקונג 27.

(33) ש. ניגער, דיכטער און מענטש, „דער טאָג", ניו־יאָרק, יולי, 1933.

(34) צו קאַמייקאָן, דעם 20סטן סעפּטעמבער, 1916.

(35) צו ווינערן, דעם 5טן מיי, 1898

(36) צו ווינערן, דעם 8טן מאַרץ, 1898.

(37) צו ווינערן, אין אַ בריוו אָן אַ דאַטע, אוודאי אנהייב מאַרץ, 1899.

(38) אין א בריוו צו יחזקאל לעוויט, דעם 27סטן סעפּטעמבער, 1914.

(39) אין אַ בריוו צו ווינערן פון 16טן פעברואַר, 1898.

(40) מ. דאַנציס באַשרייבט (די טרויעריקע לעצטע יאָרן פון מאָריס ראָזענפעלד, „דער טאָג", ניו־יאָרק, דעם 16טן יולי 1933) ווי אַזוי מאָריס ראָזענפעלד פלעגט אין די לעצטע יאָרן

זוכן אומגײַטיקע הסכמות: „יעדן באַקאַנטן שרײַבער שטעלט ער אַפּ, בױגט זיך בעטלעריש, סוקט אַרײַן חניפהדיק אין די אױגן — ער, דער שטאָלצער, װאָס האָט פאַר יעדן געהאַט פאַראַכטונג. מ'האָט אים גענומען אױסמײַדן, אָװעקגײן אױף אַ צװײטער זײַט, װען מ'האָט אים דערזען, װאָרעם שרײַבער האָבן שױן געװאוסט, אַז װען מ'װעט אים באַגעגענען װעט ער באַלד אָנכאַפּן בײַם לאַץ, אַרױסשלעפּן אַ פּאַק בלעטלעך פאַרשריבן מיט גרױסע כאַראַקטעריסטישע אותיות און נעמען לײענען זײַנע לידער. עס האָט נישט אױסגעמאַכט װאו און װען ער האָט יענעם באַגעגנט: אין גאַס, אין טראַמװײ, בײַם קאַפע־טישל — ער האָט פאַרגעלײענט זײַנע לידער. פאַרטיק געװאָרן מיט אײן ליד, האָט ער געמאַכט אַ קורצע פּױזע, אַנגעשטעלט די האַלב־אױסגעלאָשענע אױגן און אַ פרעג געטאָן: — האַ, װאָס זאָגט איר? אַ פּערל! אַזױ קרענקען זאָלן זײ צי זײ קאָנען שרײַבן אַזעלכע לידער”

(41) „ליטעראַרישע בלעטער”, װאַרשע 1925, נומער 10.

(42) צו װינערן, דעם 6טן סעפּטעמבער, 1897.

(43) צו װינערן, דעם 4טן מאַרץ, 1898.

(44) אין דעם בריװ פון 25סטן יוני, 1914.

(45) אין בריװ פון 6טן יוני, 1916.

(46) צו װינערן, דעם 7טן מאַרץ, 1899.

(47) דעם רידערס, (לײענערס) מײנונג װעגן די לידער זײַנען געװען, אַז „די לידער רעפּרעזענטירן עפּעס נײַעס אין דער אַמעריקאַנער פּאָעזיע; זײ זײַנען װאונדערבאַר עכט און אײנפאַך און זײ מײנען עפּעס אַזױנס, װאָס קאָן באַװעגן און געװינען דעם עולם”, קלמן מרמר, פון מאָריס ראָזענפעלדס ליטעראַרישער ירושה, פּנקס, ז' 202.

װי מרמר האָט מיר איבערגעגעבן האָט די אַלמנה געװאָלט, אַז ראָזענפעלדס ענגלישע לידער זאָלן פאַרעפנטלעכט װערן, נאָר איזראַעל זאַנגװיל װאָס האָט געהאַלטן פון ראָזענפעלדס טאַלאַנט, אים אַפּטן דערמאָנט צום גוטן, געלײענט עפנטלעך ראָזענפעלדס לידער און אױפגעטראָטן אױף אַן אָװנט לכבוד ראָזענפעלד, בעת ראָזענפעלדס נסיעה איבער אײראָפּע, זאָל זי האָבן אָפּגערעדט דערפון. זאַנגװיל האָט געהאַלטן אַז ראָזענפעלדס ענגלישע לידער װעלן גאָרנישט צוגעבן צו זײַן אָנזען.

(48) דאַנציס שרײַבט („דער טאָג”, דעם 16טן יולי, 1933), אַז דורך פאַרן טױט האָט אים ראָזענפעלד געװיזן „אַ דיקן העפט מיט לידער, נישט געשריבן אױף אַ שרײַב־מאַשין ער האָט זיך פאַר מיר אױך באַרימט: — איר זעט? איך האָב שױן אַן אַרױסגעבער פאַר די לידער... איך װעל זײ נאָך װײַזן די שמאַראָװאָזן... מאָריס ראָזענפעלד איז נאָך נישט געשטאָרבן”.

שמרם טאָכטער, ראָזע שאַמער־באַטשעליס, װאָס איז געװען אַ פרײַנד פון דער ראָזענפעלד משפּחה, דערצײלט אַז אין אַ קאַלטן פאַרנאַכט פון יאָר 1923 — דאָס יאָר װען ראָזענפעלד איז געשטאָרבן — האָט זי ראָזענפעלד באַגעגנט בײַ אַן אונטערגרונט־באַן אַרײַנגאַנג און ער האָט פאַרגעלײענט זײַנע עטלעכע ענגלישע לידער און צום סוף צוגעגעבן: „ראָזע, אין גיכן װעט איר זען אַ געדרוקט בוך פון מײַנע ענגלישע לידער. איר אַלס מײַנס אַ גוטער פרײַנד װעט שטאָלץ זײַן מיט מיר” („יידישע קולטור”, ניו־יאָרק 1948, ז' 12).

(49) ז. װײַנפּער גיט איבער („אידישע שריפטשטעלער”, ניו־יאָרק, 1933 ב' 1, ז' 11), אַז ראָזענפעלד האָט שטאַרק געהאַלטן פונעם דיכטער א. ניסענזאָן. „ער װאַקסט אַ גרױסער דיכטער” — פלעגט ראָזענפעלד זאָגן — „און דערבײַ שטענדיק צולײגן מיט אַ בײזער אין זײַנע שװאַרצע, גליענדיקע אױגן:

— שרײַבט אױף יידיש, נעבעך.

...װען איך װאָלט געװען זײַן פאָטער, װאָלט איך אים צוגעבונדן צו אַ פוס פון טיש און אים געצװאונגען צו שרײַבן ענגליש”.

(50) Harry Rosoff, Nine Yiddish Writers, New York 1931, p. 6.

# מאָרים ראָזענפעלדס אויטאָביאָגראַפיע*)

## מיין לעבנס געשיכטע אין קורצן

איך בין געבאָרן אין דעם יאָר 1861 אין באָקשע, אַ דאָרף דריי מייל פון דער שטאָט סוואַלק, פוילן דאָרט איז אויך געבאָרן מיין מוטער רחל; מיין מוטערס עלטערן און אורעלטערן. מיין פאָטער אפרים ראָזענפעלד, איז געבאָרן אין אַ קליינע שטעטעלע מיטן נאָמען שלאַוואַנט, אויך סוואַלקער גובערניע. אין באָקשע ווי איך האָב אייך שוין פריער געזאָגט, בין איך געבאָרן געוואָרן, און האָב זיך דאָרט ערצויגן ביז מיין צענטן יאָר. מיינע עלטערן און עלטער עלטערן אי פון טאַטנס, אי פון דער מאַמעס צד זיינען געווען פישערס. מיין פאָטער איז זאָגאַר געווען אַ פּאַן מאַן, שניידער ביי פּראָפעסיאָן, האָט אָבער די שניידעריי ניט בעטריבן און איז אויך געווען אַ פישער. באָקשע, דער דאָרף וואו איך בין געבאָרן געוואָרן, איז בערימט מיט זיין גרויסע טייך (נעבן וועלכן אונזער הויז איז געשטאַנען), מיט די וועלדער, הויכע בערג און לאַנדשאַפטן וועלכע האָבן אים אַרום גערינגלט. איך געדיינק נאָך ווי היינט ווען מיין טאַטע און מיין מוטערס פאָטער, מיין זיידע (זלמן ווילטשינסקי) פלעגן מיט מיר אַרום פאָרן איבערן גרויסן און קלאָרן טייך און פלעגן מיר דאָרט דערצעלן אַלערהאַנד געשיכטן. דאָס האָט אויף מיר גוואַלדיג געווירקט. ניט איין מאָל פלעגט עס צושפּילן מיין קינדישע פאַנטאַזיע און אויף וועקן אין מיין יונגעס הערץ געפילן צו זאַכן, וואָס איך האָב נאָך דאַן אַליין ניט פערשטאַנען. ווען איך בין אַלט געוואָרן צען יאָר, האָבן מיינע עלטערן אויסגעוואַנדערט נאָך וואַרשע. דאָרט האָט מיין פאָטער פיר מיר געהאַלטן לערער, וועלכע פלעגן מיט מיר לערנען לשון קודש, גמרא, אַ ביסל פויליש און אַ ביסל דייטש. מיין פאָטער האָט עס אָבער אין וואַרשאָ אויך ניט געגליקט, און נאָכדעם ווי מיר האָבן דאָרט געוואוינט 4 יאָר, האָבן מיינע עלטערן אַריינגעצויגן אין סוואַלק.

*) די אויטאָביאָגראַפיע האָט מאָרים ראָזענפעלד אוודאי אָנגעשריבן אין 1897 פאַר לעאָ ווינערן. ראָזענפעלד שרייבט, אַז ער האָט אַרויסגעגעבן אַ בוך „עמיגראַציאָנס געדיכטע״. אַזאַ בוך לידער מיט דעם נאָמען איז נישט באַקאַנט. דער ישורין וואָס ראָזענפעלד דערמאָנט האָט געשריבן אַן אַרטיקל אין „וואָסכאָד״, נאָוועמבער 1896, אונטערן נאָמען: „די זשאַרגאָנישע ליטעראַטור אין די פאַראייניקטע שטאַטן״. די אויטאָביאָגראַפיע איז צום ערשטן מאָל געדרוקט געוואָרן אין זאַמלביכער 1, ניו־יאָרק 1936. אין דעם זעלביקן באַנד איז פאַרעפנטלעכט דר׳ שאַצקיס אַרבעט „מאָרים ראָזענפעלד אין ליכט פון זיינע בריוו״.

דאָרט בין איך געווען אַ בעל הביתשער ליידיג געהער, פלעג אַ ביסל לערנען אין בית המדרש און אַ ביסל זיך לערנען נייען אויפן מאַשין אין מיין טאַטנס „וואָרק־שאָפּ". אַזוי האָב איך פערבראַכט ביז מיין 18טן יאָר, דאַן האָט מען מיר חתונה געמאַכט מיט מיין מוטערס אַ קוזינע, אַ זער רייכע אָבער זער מיאוסע מיידל מיט וועלכע איך האָב געלעבט 6 מאָנאַט צוזאַמען און האָב זיך געגט. איך האָב דאַן געוואַרט צוויי יאָר און האָב געהייראַט מיט מיין יעצטיגער פרוי רעבעקאַ יעוואַר־קאָווסקי, פון סוואַלק, אַ פאַרנעמען בעל הבית׳ס אַ טאָכטער, אַ יונגע און אַ שענע מיידל. אין אַ יאָר נאָך מיין חתונה האָב איך אָבגערייזט נאָך אַמעריקא, דאָך ניט קענענדיג ריכטיג קיין פאַך האָב איך דאָ ניט געפונען וואָס צו טאָן און בין גע־קומען צוריק נאָך סוואַלק נאָכדעם ווי איך האָב דאָ פערבראַכט 6 מאָנאַט. דאָך ניט זייענדיק זיכער פון מיליטער האָב איך געמוזט סוואַלק פערלאָזן אויף יעדן פאַל. איך בין דאַן געפאָרן נאָך האָלאַנד; האָב זיך דאָרט געלערנט דיאמאַנטן שלייפן; איך בין אָבער דערביי קראַנק געוואָרן און האָב אָפּגערייזט נאָך לאָנדאָן, דאָרטן האָב איך פאַרשידענעס געטאָן אום אַ לעבן צו מאַכן. איך בין דאָרט ענדליך געוואָרן איין אַפּרייטער. האָב אַראָבגעבראַכט מיין פרוי נאָך לאָנדאָן.

(און מיינע) עלטערן אויך. מיין פאָטער איז געווען אַ למדן אַ (איד) (ער האָט) געקענט גאַנץ שען דאַווענען פאַרן עמוד ער איז (אויך) (געווען) אין לאָנדאָן אַ חזן אין אַ שול, שפּעטער אַ הע(ברעאישער) לערער, וואָס ער איז דאָרט יעצט אויך.

(האָט) אָבער אין לאָנדאָן ניט פאָליובעט דער וועטער און איך האָב (אָפּגע) רייזט נאָך ניו יאָרק, וואו איך בין פערבליבן ביז אויף היינטיגן (ט)אָג. דאָ האָב איך אַ קורצע צייט געאַרבעט, נאָכהער האָב איך אָנגעהייבן צו שרייבן אין צייטונגען, וועלכע האָבן גלייך גענומען דרוקן מיין פּאָעזיען, סקיצן און פערשידענע אַרטיקלען. איך האָב דאָ גלייך אַראָבגעבראַכט מיין פרוי און האָב זיך אָנגעהייבן צו ערנערן פון מיין פעדער, און פון דעקלאַמירן מיינע געדיכטע אין טעאַטערע און עפנטליכע פערזאַמלונגען און אַזוי בעטרייב איך עס ביז אויף היינטיגן טאָג.

**
*

שרייבן געדיכטע האָב איך אָנגעהויבן, לויט ווי איך געדענק, צו מיין 14טן יאָר. מיינע עלטערן אָבער און אַלע מיינע פריינדע וואָס קענען מיך פון מיינע קינ־דער יאָרן דערצעלן, אַז איך פלעג ליב האָבן צו זינגען לידלאַך נאָך צו מיין 7טן יאָר. דאָס מענטשן פלעגן זיך אַרום קלייבן אַרום מיר און בעטן מיך, איך זאָל זיי זינגען לידלאַך, נאַטירלעך פערשידענע פאָלקס־לידלאַך וועלכע איך האָב צו יענער צייט געקענט. איך האָב אויך פערגעסן צו באַמערקן, דאָס אין סוואַלק זאַגאַר, און נאָכהער אין לאָנדאָן האָט מען שוין געזונגען מיינע לידער, צו וועלכע איך פלעג אַליין צופּאַסן מעלאָדיען. מיינע ערשטע געדיכטע זיינען געווען נאַציאָנאַלע,

שפּעטער, אַריינפּאַלנדיג אין די סוועטינג שעפּער פון לאָנדאָן און ניו יאָרק, האָב איך גענומען זינגען אַרבייטער לידער, וועלכע זיינען געוואָרן זער פּאָפּולער צוליב זייער שענע פאָרם, פּאַטאָס און טיפן ערנסט. די טעטיקסטע פּעריאָדע פון מיין דיכטן איז געווען אין דער צייט פון די לעצטע פּאָגראָמען אויף אידן אין רוסלאַנד אונד גריכעלאַנד (אין קארפו) דאַן האָב איך זיך פאַרגעסן אָן דער גאַנ־צער וועלט, פאַר מיר האָט נאָר געלעבט איין זאַך און דאָס איז געווען — דער איד. איך האָב געשריבן אַ סך לידער אין וועלכע איך האָב אויסגעגאָסן מיין האַרץ פיר מיין פאָלק און אויף מיין פאָלק. איך האָב נאָכהער דיזע געדיכטע אַרויסגע־געבן אין אַ בעזונדערן בוך אונטער דעם טיטל עמיגראַציאָנס געדיכטע (אַ היבשע טייל פון דיזע לידער האָב איך אייך שוין צוגעשיקט) דיזע לידער זיינען זעהר גערימט געוואָרן אין אַלע העברעאישע זשורנאַלן, און אויך אין דעם „וואָסחאָד" פון פּערגאַנגענעם ווינטער, אין וועלכער אַ געוויסער „ישורון" רופט מיך: „דער גע־קרוינטער פּאָעט דער עמיגראַציאָן" ער ברייננגט דאָרט מאַנכע ציטאַטן און בע־וואונדערט מיין פּאָעטישע קראַפט.

**
*

דאָס ערשטע ווערק וואָס האָט אויפגעוועקט אין מיין הערץ דעם געפיל צום דיכטן, איז געווען די ביבל. שפּעטער האָב איך געלעזן די מאָדערנע העברייאישע ווערקע, ווי אדם הכהן לעווענסאָנס און גאָרדאָנס געדיכטע; אָבער די האָבן מיך ניט צושטאַרק בעגייסטערט. ערשט צו מיין 20סטן יאָר האָב איך גענומען אַליין שטודירן די דייטשע קלאַסיקער, איך האָב כמעט געלעזן אַלע גרויסע דיכטער און שריפטשטעלער דייטשלאַנדס. וואו איך פלעג ניט געפונען פערשטען, האָב איך זיך אימער געלאָזט בעלערן פון די וואָס קענען. צו מיין 25סטן יאָר, האָב איך געלעזן שעקספּיער, אין שלעגעלס איבערזעצונג. און ביז מיין 30סטן יאָר האָב איך גע־לעזן דאַנטע, ווירגיל און (ה)אָמער אין דייטשער און ענגלישער איבערזעצונג. איך (האָב) געלעזן הוגאָ און אַנדערע גרויסע דיכטער אין דייטשער ענגלישער און העבּ־רייאישער איבערזעצונג. איך בין אין קיין איינע פון די דריי דערמאָנטע שפּראַכן פּערפעקט; דאָך פערשטיי איך העברייאיש, דייטש און ענגליש צימליך גוט. איך שרייב דיזע אַלע שפּראַכן, אָבער מיט פעלער. דאָך אין לעזן פעלט מיר ניט. וואו איך ווייס ניט אַ וואָרט בענוץ איך זיך מיט אַ גוטן ווערטער־בוך.

ווי איר זעט האָב איך קיין סיסטעמאַטישע שול בילדונג ניט גענאָסן און בין ווי דער ענגליש מאַן זאָגט: „אַ סעלף מעיד מענן". אַלס מוסטער האָט מיר אַם מערסטן געדינט געטהע. געטהע איז מיין ליבלינגס דיכטער. דאָך זיינען מיינע לידער גאַנץ אייגנטימליך; זיי זיינען די קינדער פון מיין אייגענער מוזע. איך דענק אימער אין אידיש דייטש און בין כמעט גאַנץ אָריגינעל. איך האָב פיינד

צו עקספלאָאַטירן פרעמדעס טאַלענט אונד עמפפינדע מיינע לידער גאַנץ אַליין. מיין ליד „צו לויפיגען וואַסער" אויף וועלכן איר מאַכט מיך אויפמערקזאַם, איז מיין אייגענע עמפינדונג; ביי געטהע האָב איך עס ניט אַנגעטראָפן. פיליכט האָב איך זיך מיט אימעצן צונויף געטראָפן; דאַן איז עס גאַנץ אונשולדיגער ווייזע. דאָס איז אין קורצן אַלעס וואָס איך האָב אייך געקענט שרייבן. איך ווייס אַז איר וועט דאָ געפינען אַ מיש מאַש און וועט דאַרפן אַ ביסל צואַרבייטן, אום אַלעס געטוי אַרומצונעמען: שרייבט עס אָבער צו צו דעם וואָס איך בין יעצט אין טראָ-בעל: מיינע קינדער זיינען זער קראַנק. און מיין קאָפּ איז מיר זער צודרייט.

נ״ב. אין אַלגעמיין איז מיין לעבן ניט געווען קיין וועג פון רויזן, איך האָב קיין האָניק קיין מאָל נישט געלעקט און צו גוט איז מיר יעצט אויך נישט. איך האָב אַ ווייב מיט 4 קינדער און דאַרף זיך געגוג קוועלן ביז איך ברענג אַרויס אַ לעבן פון מיין פעדער. אַ נאָמען אַליין איז נאָך נישט אַלעס. און מיט פּאָפּולאַרי-טעט לעבט מען נישט. דער כלל דורכלעזנדיק מיין מגילה וועט איר פאַרשטיין אַלעס און אַלעס. אין שילדערן נאַטור סצענעס, גלויב איך, דאַרף איך נישט נאָכ-מאַכן קיינעם, ווייל איך בין אַ נאַטור קינד, בין אויפן שויס דער נאַטור געבוירן געוואָרן. אין מיין שילדערן דעם ים דאַרף איך קיינעם נישט נאָכטאָן ווייל איך בין געפאָרן אויפן ים עטלעכע מאָל, קען דעם אַלטן „חברה מאַן", און ווייס זיינע אַלע קאַפּריזן. ענטשולדיקט וואָס איך האָב דאָ אַזוי פיל געמעקט. איך גלויב אַז מעקן איז אַמאָל שווערער ווי שרייבן, אַ סך מענטשן ווייסן נישט וואו אויסצו-מעקן און דאָס הרגעט זיי צייטנווייז אַוועק. דאָס איז פאַרלויפיק אַלעס

אייער ערגעבענסטער

MORRIS ROSENFELD

פּ. ס. איר געפינט מיט דיזן שרייבן אויך צוגעשיקט 4 פון מיינע לידער (אַרבעטער לידער) וואָס איך האָב געשריבן ווען איך פלעג אַרבעטן אין די שעפּער.

# צו מאיר אַפּעלבוימען(1)

Brooklyn, Sept. 18, 1892.

איידעלער פריינד מיסטער אַפּפעלבוים,

אַנטשולדיקט וואָס איך האָב די גאַנצע צייט געשוויגן. איך האָב אייער אַדרעסע נישט געוואוסט. יעצט האָב איך עס ערפאַרן אין ניו־יאָרק. איך בין, ליידער, צו מיין גרויס באַדויערן געצוואונגען אייך דעם טיקעט אָפּצושיקן, ווערנד איך האָב געדענקט אַליין דעם ראָק אַרויסצונעמען. איך קען עס אָבער יעצט נישט באַהויפּטן, איין גאָט ווייס מיין לאַגע. איר וואונדערט זיך געוויס וואָס מיין בריוו קומט צו אייך פון ברוקלין, וואונדערט זיך נישט, פריינד, איך בין דאָ אַ פרעסער(2), אַ „באָרדער". מיין פאַמיליע וואוינט אין יאָנקערס. מיך האָט די גרעסטע נויט אַרויסגעיאָגט פון מיין הויז אום אַרבעט צו זוכן. איך פאַרדין יעצט צו פיל אויף צום שטאַרבן און צו ווייניק אום צו לעבן. פרעגט נישט, פרעגט נישט, איך בעט אייך, מיר איז „גאַנץ גוט"... איר ווילט אפשר וויסן דעם רעזולטאַט פון „זעליקאָוויטשעס" אויפרוף וועגן מיר: „רעטעט אַ האַרפע"(3), שרייב איך אייך, אַז דאָס האָט מיר געבראַכט גאַנצע 24 דאָלאַר. אַ „שיינע" סומע! ניט וואָר? נאָר גענוג. איך וואָלט אייך דאָ באַזוכט האָב איך ליידער קיין צייט נישט. איך אַרבעט אָפּ דעם טאָג פאַל איך ווי אַ שטיין און ווער אַנטשלאָפן... איך אַרבעט אין 186 Montrose Ave., אַפּילו ביי גאַנץ איידעלע מענטשן, צווישן שניידער איז זעלטן זאָלכעס צו געפינען, נאָך אויך אַ גליק. — אויף ראָש־השנה פאָר איך נאָך יאָנקערס. קומענדיק צוריק וועל איך אייך מיטברענגען די הויזן, דערווייל אַנטשולדיקט. איך שרייב אייך דיזן בריוו אין דער היים נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט וועלכעס קאָסטעט מיר געוויס מער ווי אַ חודש פון מיין שוואַכן פינצטערן לעבן, נאָר איך בין צופרידן... פאַרלייפּיק מער קיין נייס, איך פאַרבלייב אויף עוויג און אימער אייער וו אַ ר ע ר פריינט און מיט אַכטונג צייכנע איך

Morris Rosenfeld

P. S. זייט אַזוי גוט ווי גיך איר קריגט דיזן בריוו ענטפערט מיר. כ'וויל וויסן אויב איר האָט עס ערהאַלטן.

מיין אַדרעס אין יאָנקערס:

M. Rosenfeld, 44 Main St. Yonkers, N. Y.

---

(1) דעם בריוו האט 1933 געקראגן ד״ר שאַצקי פון מאיר אַפּעלבוימען, מאָריס ראָזענ־פעלדס אַ בן־עיר, וואָס איז געוואָרן אַ קליוולאַנדער תושב און אַ רעווערענד, אַ מסדר־קידושין.

אין אַ ביינעלייגטן בריוו געפינען מיר ה׳ אַפּעלבוימס אינטערעסאַנטע באַמערקונגען. זיי מאַכן דעם בריוו קלאָרער:

„מאָריס ראָזענפעלד איז געווען מיינער אַ לאַנדסמאַן פון סוואַלק, אָבער איך געדענק נישט צי איך האָב אים געקענט פון סוואַלק אָדער איך האָב זיך מיט אים באַקאַנט אין ניו־יאָרק, אָבער ער האָט געקאַנט מיין פאָטער און מיינע ברידער. אין יולי 1892 בין איך געווען סעקרעטאַר פון ניו־יאָרקער הכנסת־אורחים צוזאַמען מיט כתריאל צבי שרהזאָן ע״ה פּרעזידענט (אַרויסגעבער פון די גאַזעטטען און פון טאַגעבלאַט). גייענדיק מיט ראָזענפעלדן אויף איסט בראָדוויי און קאַנאַל־סטריט און רעדנדיק וועגן הכנסת־אורחים און אַנדערע געגנשטענדע, זיינען מיר אַרויפגעקומען וועגן אונדזערע פּערזענלעכע אומשטענדן. זאָגט מיר ראָזענפעלד פון זיין געדריקטן צושטאַנד, אַז ער איז אויף צרות, און איך אַליין, כאָטש דאַן סינגל, (נאָך אַ בחור) האָב נישט געהאַט אַ דאָלאַר אפילו, גענוג פאַר זיך. זאָג איך צו אים: „מאָ־ריס, איך וואָלט דיר געליען עטלעכע דאָלאַר נאָר איך האָב אַליין ניט״. ער האָט נישט געבעטן ביי מיר נאָר איך האָב זיך אַליין אויסגערופן... „אַלעס וואָס איך קאָן טאָן פאַר דיר איז געבן מיין טאָפּקויט (מאַנטל), דען יעצט איז דאָך דזשוליי (יולי) און איך קען זיך באַגיין אָן אים, און דו פאַרזעץ עס אין פּאָונשאָפּ (לאָמבאַרד) און אין אַ פּאָר מאָנאַטן שפּעטער וועסטו עס אַרויסנעמען און מיר אָפּברענגען״. אויך האָט ער געדאַרפט דאַן פאָרן נאָך באַלטימאָר צו געבן אַ קאָנצערט, האָב איך אים געליען אַ נייע פּאָר הויזן. איז ווי איר זעט פון זיין לעטער, האָט ער מיר אָפּגעשיקט דעם פּאָון־טיקעט (לאָמבאַרד צעטל) און איך האָב דעם קויט אַליין אַרויס־גענומען און די הויזן האָט ער מיר ניט אָפּגעגעבן, דען ער האָט געזאָגט, אַז זיי זיינען גע־וואָרן געספּאָילט (באַשעדיקט) און ער וועט מיר אַליין אָפּמאַכן אַן אַנדער פּאָר הויזן (דען ער איז דאָך געווען אַ שניידער), אָבער איך האָב די הויזן קיין מאָל ניט באַקומען״.

(2) אַ געוויסער דזש. עניעלמאַן, וואָס האָט אין די ניינציקער יאָרן געאַרבעט צוזאַמען מיט ראָזענפעלדן, האָט אין אַ בריוו צום „פאָרווערטס״ (פון 19טן יוני 1929) איבערגעגעבן די ווייטערדיקע אינטערעסאַנטע זכרונות:

„דאָס האָט געמוזט זיין מיט אַ יאָר 34 אָדער 35 צוריק. עס איז דעמאָלט געווען אַ שאָפּ אין 205 ווערעט־סטריט, אין ברוקלין. דער באָס האָט געהייסן יוסף גאָלדשטיין און איז געווען אַ לאַמזשער. דער שאָפּ איז געווען נישט קיין גרויסער, אָבער עס זיינען דאָרטן געווען סאַמע אינטעליגענטן. מאָריס ראָזענפעלד איז געווען דער בייסטער (פּאָרסטריגעווער). אַ זון פון דעם באָס, מיטן נאָמען היימאַן גאָלדשטיין, איז געווען דער אָפּערייטאָר. דער היימאַן איז אַליין געווען אַ געלערנטער סיי אין יידיש און סיי אין ענגליש. ער האָט געהאַט אַ שיינע לייברערי (ביבליאָטעק) מיט אַן אויסוואַל פון פאַרשיידענע ביכער אין דער וואוינונג, וועלכע איז געווען אין דעם זעלבן הויז וואו דער שאָפּ. אַנשטאָט צו האָבן איז זינען די אַרבעט פלעגט ראָזענפעלד אָפּזיצן שטונדן לאַנג איבער די ביכער. דער באָס מ״ר גאָלדשטיין, פלעגט אים אַ מאָל זאָגן: „מ״ר ראָזענפעלד, וואָס וועט זיין דער סוף? מען מוז דאָך האָבן די אַרבעט״. ראָזענפעלדס ענט־פער פלעגט זיין: „מ״ר גאָלדשטיין, עסט זיך נישט אָפּ די האַרץ, מאָרגן איז אויך אַ טאָג. אָבער איין זאַך וויל איך אייך זאָגן: וואָס מען כאַפּט נישט אַריין אין דער יוגנט איז אויף דער עלטער שווין צו שפּעט״. און אַזוי איז דאָס אַנגעגאַנגען טאָג־טעגלעך. עס פאַרשטייט זיך, אַז ווען דער בייסטער האָט נישט צוגעגרייט קיין רעק, האָט דער אָפּערייטאָר אויך נישט געהאַט וואָס צו טאָן. אָבער דער אָפּערייטאָר, דער יונגער גאָלדשטיין, האָט אויך נישט פאַרשווענדט זיין צייט

אויף נאַרישקייטן. ער האָט אימער געהאַט ליבן זיך אַ בוך און ער איז געזעסן און געלייענט פאַרשיידענע ווערק. איך בין דאָרט געווען דער פּרעסער און איך בין גאָר געווען אויף גרויסע צרות. איך אַליין פלעג אַ מאָל רעדן צום פאַרשטאַרבענעם דיכטער, אַז ער דאַרף מאַכן אַ ביסל אַרבעט. אָבער ס'האָט ווייניק געהאָלפן. דער באַס, מ"ר גאָלדשטיין, איז נישט געווען אַזוי ווי די הייַנטיקע באַסעס. ער איז געווען זייער אַ שטילער מענטש. ער האָט נישט געהאַט קיין האַרץ אָנצופאַלן אויף אַן אַרבעטער און ער האָט געזען, אַז דער מ"ר ראָזענפעלד איז נישט ווי אַלע אַנדערע. מען האָט שוין דעמאָלט געזען, אַז דער מאַן וועט אויסוואַקסן אַ גרויסער מענטש. מען האָט נאָך נישט געוואוסט און נישט פאַרשטאַנען צו וואָס דער מאַן צילט... איך קאָן נאָר צוגעבן, אַז מיר, דער גאַנצער שאַפּ, האָבן ראָזענפעלדן אָפּגעגעבן דעם גרעסטן כבוד. און דער פאַרשטאַר־בענער דיכטער האָט געהאַט די שענסטע באַנעמונג צו אַלעמען אין שאַפּ און האָט זיך צו זיי באַצויגן ווי צו ברידער".

(3) ווי ס'ווייזט אויס האָט געצל זעליקאָוויץ געשריבן אין די „גאַזעטעןן" און געבעטן זייַנע לייענערס צו העלפן דעם פּאָעט אין זיין נויט. צום באַדויערן זייַנען אָבער די „גאַזעטטען" פון דעם יאָר, וואָס געפינען זיך אין דער ניו־יאָרקער שטאָט־ביבליאָטעק, אין אַזאַ צושטאַנד, אַז די ביבליאָטעק קאָן זיי נישט אַרויסגעבן ביז זיי וועלן מיקראָפילמירט ווערן.

## צו מאָזעס פרימאַנען(1)

New York, January 13, 1894.

ווערטער הער פרימאַן,

ווי איר זעט איז שוין דער 3טער נומער „אשמדאי" אויך ערשינען. איך גלייב, אַז היינטיקער נומער איז שוין נישט „שוואַך"... דען ער רייסט און שניידט לינקס און רעכטס און פון אַלע זייטן. דער ליד („צו יאַנעק דעם משומד")(2) גלייב איך איז אַזאַ שווערד וואָס מוז דעם (משומד) צערייסן די האַרץ. די „שטאָדט־צייטונג"(3) האָט זיך אויך אויף אַזאַ קלאַפּ נישט געריכט וואָס דער גראָבער בלאָפער „בערקע האַר־רייס"(4) איז די וואָך אויסן געבליבן איז אייער אייגענער שולד. מיר האָבן געוואַרט אויף אַ בריוו און ביז דאַנערשטיק האָבן מיר פון אייך קיין וואָרט געהערט.

אַלזאָ, מיטן דריטן נומער גלייב איך איז דער „אשמדאי" געשטאָרבן. ווען מיר וואָלטן ערהאַלטן שטיצע פון פילאַדעלפיע, וואָלטן מיר נאָך געהאַט צוויי וויכטיקע זאַכן אויפצוטאָן: 1) אָפּצודרוקן יאָהאַן פּאַלייס „טויפשיין"(5). דאָס דאַרף אונדז קאָסטן אַ צענער: 10 דאָלער. מיר מוזן דערצו האָבן איין נאָטאַרי פּובליק, היינט דאָס סטעראָטיפּירן מיט די גאַנצע זיבן זאַכן. דאָס וואָלט דעם „פּאָלקס־געלעכטער" בוכשטעבלעך געוואָרפן. 2) וועגן דעם „דזשויש אַליאַנס" וואָלטן מיר נאָך אויך אַ גאַנצע סך געשריבן, אָבער לײדער מוזן מיר עס סטאָפּן, (אויפהערן) דען זיך אָפּגעבנדיק דערמיט קענען מיר קיין אַנדער זאַך נישט טאָן.

טרייט (פּרובירט) כאָטש דעם לעצטן נומער „אַשמדאי"(6) אין פילאַדעלפיע פערברייטן ווי ווייט מעגלעך.

מיט האָכאַכטונג
מאָררים ראָזענפעלד

P. S. אויב איר האָט וויכטיקע בריוו אָדער געלט, דאַן שיקט עס איבער אויף מיין אַדרעס אָדער אויף מיינע מיט שאַרקאַנסקיס, וואָרעם אונדזער דרוקער ערלויבט זיך צו עפענען בריוו נישט אויף זיין נאָמען געשריבן.

„דיר נישט" „אַ פלוי אין אַ קרינאָלינע"
„יוסף שידא" „אַ דגוש חזק אויף אַ בייסיקל"
„אַ פּופּעקל פון אַ פלוי" „אַ לין".

מאָריס ראָזענפעלדס בריוו

**P. S. איר קאָנט אַ סך אויפטאָן ווען אַ 4טער נומער זאָל ערשיינען. פאַרגעסט נישט וואָס דאָ איז!!!**

---

(1) מאָזעס פרימאַן (1859 — 1937) איז געווען אַן אַלטער פילאַדעלפיער תושב (זינט 1881), אַ כלל־טוער אַן אַרויסגעבער און מיטרעדאַקטאָר פון עטלעכע יידישע אויסגאַבעס און מחבר פון די זכרונות „50 יאָר געשיכטע פון יידישן לעבן אין פילאַדעלפיע", 2 בענד, פילאַדעלפיע, 1929 — 1934.

(2) געמיינט יאָהאַן פּאַליי (1860(?) — 1907) דעם שפּעטערדיקן רעדאַקטאָר פון דעם אָרטאָדאָקסישן ניו־יאָרקער „טאָגעבלאַט", קאָנסערוואַטיווער זשורנאַליסט און פאַרביסענער קעגנער פון אַלץ וואָס האָט געהאַט דעם מינדסטן שייכות צו דער יידיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג. עס איז אָנגענומען אַז פּאַליי זאָל אין די פריע אַכציקער יאָרן (1888 איז ער אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק) זיך האָבן געשמדט אין מאָסקווע, וואו ער איז געווען אַן אָנגעשטעלטער אָדער אַ פאַרוואַלטער פון אַ געשעפט. פרימאַן שרייבט וועגן דעם אין דעם פריער־ציטירטן בוך, אַז „איך האָב נישט געוואוסט און אויף זיכער ווייס איך עד־היום נישט וועגן „שמד" פון יאָהאַן פּאַליי. איך בין געווען אַ פילאַדעלפיער תושב און דער „קנאת סופרים" וואָס איז געווען אין אָלסט בראָדוויי באַגלייט מיט רשעות און לשון־הרע צווישן די שרייבער און ליטעראַטן פון יענער צייט, איז מיר נישט געווען אינטערעסאַנט".

(3) „די שטאָדט־צייטונג", אַ וואָכנבלאַט, אַרויס אין פילאַדעלפיע אין די יאָרן 1893 — 1894. היים מאַליץ איז געווען דער רעדאַקטאָר און אַ געוויכער היימאַן בראָדסקי דער אַרויסגעבער. לעאָן קאָברין איז דאָרט געווען אַ נאָענטער מיטאַרבעטער.

(4) בערנאַרד העריס, זעט הערה 5.

(5) אין אַ בריוו וואָס מאָזעס פרימאַן האָט אין 1933 צוגעשיקט צוזאַמען מיט מאָריס ראָזענפעלדס בריוו שרייבט ער: „1892 האָב איך געבראַכט פון ניו־יאָרק דעם פאַרשטאָרבענעם יאָהאַן פּאַלי אַלס רעדאַקטאָר פון „אידישע פּרעססע" וואָס איך האָב אַרויסגעגעבן אין פילאַדעלפיע. פּאַליי איז געווען מיט מיר פאַרבונדן אַ יאָר צייט. נאָך דעם יאָר איז געקומען דער פאַרשטאָרבענער לאָיער (אַדוואָקאַט) בערנאַרד העריס און האָט אים פון מיר אַרויסגענומען און צוזאַמען האָבן זיי געדרוקט אַ צייטונג „דער וועכטער" אַלס אַן אָפּאָזיציע צו „אידישע פּרעססע". איך האָב זיך געקענט מיט דעם דיכטער מ. ראָזענפעלד זייט 1889 און מיר זיינען געווען זייער באַפריינדט. איך האָב אים געבראַכט אין פילאַדעלפיע אין יענעם יאָר אויף אַ קאָנצערט און פאָרלעזונג פון די ערשטע געלונגענע לידער, וועלכע האָבן זיך אָנגעפאַנגען דרוקן אין „פאָלקס אַדוואָקאַט". וואָס עס האָט פאַראורזאַכט מ. ראָזענפעלד זאָל זיין אַזוי אָנגעשטויסן אויף פּאַליי קען איך אין דיזן מאָמענט זיך נישט דערמאָנען. עס איז אַ געשיכטלעכער פאַקט, אַז דער דיכטער האָט דעם רעדאַקטאָר פּ. געריסן ביי די זייטן ווי מ"ר ר. האָט געקענט... פאַר דיזן צוועק האָט ער צוזאַמען מיט דעם פאַרשטאָרבענעם דיכטער שאַרקאַנסקי געדרוקט אַ סאַטיריש פלוגבלאַט „דער אשמדאי" וועלכער האָט אַן רחמנות אָפּגעלאַכט און אויסגעלאַכט מיט טייוולשן הומאָר און שאַרפער סאַטירע פּאַליי מיט זיין פּאַרטנער ב. העריס". ס'איז כדאי צוצוגעבן, אַז נאָך 1890 איז פּאַליי געווען ראָזענפעלדס אַזאַ נאָענטער פריינד, אַז ר. האָט די לידער־זאַמלונג די „בלוממענקעטטע" געווידמעט „מיין פריינד יאָהאַן פּאַליי".

(6) דער „אשמדאי", דאָס הומאָריסטישע וואָכנבלעטל, וואָס א. מ. שאַרקאַנסקי און מאָריס ראָזענפעלד האָבן אַרויסגעגעבן אין 1894 האָט נישט אויסגעהאַלטן מער ווי 9 נומערן.

# צו לעאָ ווינערן

לעאָ ווינער (1862 — 1939) איז געבוירן געוואָרן אין ביאַליסטאָק, געשטו־דירט אין וואַרשעווער אוניווערזיטעט און אין בערלינער פּאָליטעכניקום און פּאַר־ענדיקט זיין שטודיום אין אַמעריקע, וואוהין ער איז אָנגעקומען צוזאַמען מיט זיינע עלטערן אין 1882. זיינע גרויסע פעאיקייטן אין שפּראַכן האָבן אים געהאָלפן שנעל צו באַהערשן די ענגלישע שפּראַך. ער איז פריער געוואָרן אַ לערער פון לאַטיין, גריכיש און מאַטעמאַטיק אין אַ מיטלשול און שפּעטער געהילפס פּראָפעסאָר פון ראָמאַנישע שפּראַכן אין אַ קלענערן אוניווערסיטעט. פון דאָרטן איז ער פאַרבעטן געוואָרן ווי אַן אינסטרוקטאָר פון סלאַווישע שפּראַכן אין דעם באַרימטן הארווארד אוניווערסיטעט, וואו ער איז שנעל געשטיגן ביז צום אמת פון פולן פּראָפעסאָר. אין הארווארד איז ווינער געווען אַקטיוו פון 1895 ביז זיין טויט. פּראָפעסאָר ווי־נער האָט אַ סך געשריבן אויף דייטש און ענגליש וועגן דער יידישער שפּראַך און האָט אין 1899 אַרויסגעגעבן אויף ענגליש „די געשיכטע פון דער יידישער ליטע־ראַטור אינעם 19טן יאָרהונדערט". פון 1897 ביז 1899 האָט פּראָפעסאָר ווינער אַחוץ דעם איבערזעצן מאָריס ראָזענפעלדס לידער אויף ענגליש (די זאַמלונג איז דערשינען אין צוויי אויפלאַגעס) אויך אַ סך געשריבן אין דער אַלגעמיינער אַמע־ריקאַנער פּרעסע וועגן ראָזענפעלדן און אים באַרימט געמאַכט. פון דעם אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָט ווינער פאַרלוירן דעם גאַנצן אינטערעס אין יידי־שע ענינים, איינגעשלאָסן יידישע שפּראַך און יידישע ליטעראַטור און זיך איינ־גאַנצן אָפּגעגעבן מיט זיינע נישט־יידישע אַרבעטן. ווינער איז אַזוי אָפּגעפרעמדט געוואָרן פון יידן, אַז לויט ווי זיין זון, דער באַרימטער מאַטעמאַטיקער נאָרבערט ווינער דערציילט אין זיינע מעמואַרן, האָט זיך די משפחה אפילו אָנגעשלאָסן אין אַ יוניטאַריער קירך.

1

New York, July 7, 1897.
52 Forsyth

צו מיין פריינד דעם ווערטן פּראָפעסאָר לעאָ ווינער.

זייט אַזוי גוט און געפינט מיט דיזן בריף, אייניגע פון מיינע לידער וועל־כע זיינען טאַקע געדרוקט אין דעם ביכל וואָס איר האָט געבעטן אייך צו צו־

שיקן. איך שיק אייך זיי יעצט ריכטיג דורכגעזען און פֿערבעסערט. איר וועט דיזע וואָך ערהאַלטן פון מיר, דעם „אידישן סאָלדאַט“ און מאַנכע אַנדערע געלונגענע געדיכטע דורכגעזען און פערבעסערט. איך בין זיכער אַז דער „אידישער מייא“, „ספירה“ און די „היסטאָרישע פעקלאַך“ וועלן אייך זער געפעלן ווערן. די ענדע פון די „היסטאָרישע פעקלאַך“(1) וועל איך אייך צושיקן מיט מיין נעכסטן בריוו. מער קיין נייעס פאָרלויפיג. איך צייכנע מיט אַכטונג אונד ערגעבנהייט אייער

Morris Rosenfeld

(1) אַלע לידער וואָס ווערן דערמאָנט אין דעם בריוו, זיינען אַריין אין „ליעדער־בוך“.

2

52 Forsyth st.
N. Y.

(צווישן 7טן און 12טן יולי 1897)

ווערטער פּראָפעסאָר!(1)

איך שיק אייך דאָ יעצט אייניגע לידער, אין פערלויף פון די לעצטע צוויי וואָכן וועל איך אייך צושיקן די לעצטע און בעסטע געדיכטע וואָס איך האָב געשריבן. איך האָף אַז איר וועט אַזוי גוט זיין און ענטפערן אויב איר האָט מיין פּאַקעט ערהאַלטן. מיט גרוס און ערגעבנהייט אייער דאַנקבאַרער

Morris Rosenfeld

P. S. אייער מיינונג וועגן מיינע לידער אין דעם ערשטן בריוו האָט מיר געגעבן מוט ווידער פאָרצוזעצן מיין אַרבייט מיט מער (פעלט אַ וואָרט).
ד'ז

(1) געשריבן מיט אַ בלייפעדער.

3

New York, July 12, 97
52 Forsyth

ווערטער פּראָפעסאָר ל. ווינער.

עס טוט מיר זער לייד וואָס איך האָב ניט געקענט האַלטן וואָרט, אייך די לעצטע געדיכטע צוצושיקן. ביי מיר זיינען צוויי קינדער קראַנק און דאָס נעמט

מיין גאַנצע צייט אין אנשפרוך. איך שיק אינען יעצט 3 געדיכטע: די לעצטע פערזן פון דאָס געדיכט די „היסטאָרישע פעקלאך" „אויפן בוזים פון ים" און דעם „אידישען סאָלדאַט", אבוואָל נאָך ניט אין גאַנצן אָבער דיזע וואָכע וועל איך שיקן די לעצטע פערזן פון „אידישען סאָלדאַט". אין צוויי וואָכן אַרום וועט זיין מיין בוך פערטיק וועט איר האָבן מערערע געדיכטע אויף אויסצוקלייבן פאַרלויפיק מער קיין נייעס איך דאַנק אייך אויס מיין טיפסטן הערצן פיר אייער גרויסע מיהע אונד אנערקענונג איך וואָלט אייך וועלן מיט עפעס דינען, איך ווייס אָבער ניט מיט וואָס אויב אייך וועט זיין אנגענעם וועל איך מיין בוך(1) ווידמען צו אייך(2) ענטפערט מיר זאָל איך עס טאָן אָדער ניט?

ערגעבענסט אייער

Morris Rosenfeld

(1) געמיינט דאָס „ליעדער־בוך".

(2) דאָס „ליעדער־בוך" איז „געווידמעט מיט עהרע און האכאַכטונג צו מיין ווערטן פריינד לעא ווינער, פראָפעסאָר אויף סלאַווישע שפראַכן אין הארוואַרד קאָלעדזש".

מאָרים ראָזענפעלד האָט זיך אנגעפרעגט ווינערן צי ער האָט נישט קעגן דעם, אַז ער זאָל אים ווידמענען דאָס „ליעדער־בוך". דערויף האָט אים לעא ווינער געענטפערט אין אַ בריוו פון 20סטן יולי 1897 (ראָזענפעלד קאָלעקציע, ייוואָ): „ליבער הער ראָזענפעלד! איך בין אינען זייער דאַנקבאַר פיר אירן ווילן מיר אירע געדיכטע צו ווידמען; זי זינד אַלע זא גוט דאָס איך האָב אַלס איינע ערע בעטראַכטען ווערדע. טוען זי אַלזאָ ווי זי ווינשען. איך וואַרטע אויף די פאָרטזעצונג פון אירן געדיכטען.

איר ערגעבענסטער Leo Wiener"

4

(דעם 9טן אָדער 20סטן יולי 1897)

Yonkers New York
22 Mulberry st.

פראָפעסאָר לעאָ ווינער

מיין טייערער הער: —

איר פרעגט מיך וואָס מיר פעלט, מיר פעלט געזונד. איך האָב שרעקליכע הערץ קלאַפּפען. איך בין קורץ אָטעם און זער, זער שוואַך. הייַנט פיל איך גראַדע אַביסל בעסער, נעכטן בין איך אָבער געלעגן דעם גאַנצן טאָג. אין אַלגעמיין איז די לופט אין יאנקערס(1) פיל בעסער פיר מיר ווי אין ניו יאָרק. איך האָב מיט

אַ וואָך צוריק געשיקט 3 לידער. איך ווייס ניט אויב איר האָט זיי ערהאַלטן אָדער ניט. זאָנסט גייט עס מיר ניט שלעכט מען האָקט ווי עס איז דורך אַ לעבן און מען ליידט קיין נויט. איך האָף אַז ווען איר וועט זיין פערטיק מיט אייער איבערזעצן וועט איר זיך ניט ענטזאָגען מיר אָפּצושיקן די מאַנוסקריפּטן דען איך זאַמלע זיי. פּאָרלויפיג מער קיין נייעס, אייער גאַנץ ערגעבענסטער

Morris Rosenfeld

(1) אַ פאָרשטאָט אין צפון פון ניו־יאָרק. אין מאַרץ 1903 האָט ראָזענפעלד געקויפט אַרום יאַנקערס אַ פערמע פאַר 2600 דאָלאַר, אַ באַדייטנדיקע סומע צו יענער צייט און באַצאָלט דאָס גאַנצע געלט אין מזומן. (פון אַ קבלה פון דזשאַן ד. ראָכסעל, דעם פריערדיקן אייגנטימער: די קבלה געפינט זיך אין דער ראָזענפעלד קאָלעקציע).

5

New York August 1/97
52 Forsyth st.

ווערטער פּראָפעסאָר לעאָ ווינער.

אייער בריוו האָב איך ערהאַלטען און אייערע בעמערקונגען האָב איך געפונען פאַר ריכטיג. דאָס געדיכט „אַלעקסאַנדערס חלום״(1) האָב איך געשריבן אויף די פערהאַנדלונג פון אַ טעלעגראַמע, וועלכע איז געווען געדרוקט אין אַלע ענגלישע צייטונגען אַז „אַלעקסאַנדער דער דריטער איז פערריקט געוואָרן״. דאָס איז גראַדע געווען אין צייט פון די פּאָגראָמען(2). איך האָב זיך דערפרייט מיט דער שטיקל נייעס און האָב געשריבן דיזעס געדיכט. איר מעגט עס אויסן לאָזן ווען איר ווילט. מיט דיזער זענדונג, וועל איך מאַכן אַ סוף צו די זענדונגען איך גלויב אַז איר וועט דאָ געפינען זאַכן וואָס וועלן אייך געפעלן ווערן און איר וועט זיי נאָך אויפנעמען אין דער זאַמלונג. איך גלויב אַז די „שטאַדטס צייטונג״(3) וועט ניט דרוקן אייער אַרטיקל, זי איז אַ בעוואוסטע אַנטיסעמיטקע וואָס האָט פיינט צו זאָגן אַ גוט וואָרט וועגן אַ יידן, מער קיין נייעס פּאָרלויפיג. איך פערבלייב אייער גאַנץ ערגעבענסטער

Morris Rosenfeld

(1) פאָרעפנטלעכט אין „לידער־בוך״.

(2) מסתמא 1891, בעתן מאָסקווער גירוש.

(3) די ניו־יאָרקער דייטשע „שטאַדטסצייטונג״, וואָס איז אַגב, געווען זייער פאָרשפּרייט צווישן די דייטשע יידן אין אַמעריקע.

**6**

New York August 24/97 — 52 Fersyth st.

ווערטער פראָפעסאָר לעאָ ווינער.

אייער לעצטן בריוו האָב איך ריכטיג ערהאַלטן. „סטאַבון" איז ניט קיין פאָ־געל נאָר אַן איבערגעוואקסענער שטענגל פון אַ ציבעלע. ווען די ציבעלעס וואַקסן טרעפט עס דאָס מאַנכע וואקסן אַרויס פון זייער נאָרמאַלן צושטאַנד און זייער שטענגעל ווערט זער הויך און דיק דאָס הייסט אין פוילן „סטאַבון", דאָס איז אַ פוילישעס וואָרט: „סטיבון". בא מיר איז דיזעס וואָרט געברויכט אויפן ריכטיגן אָרט. איך רייד דאָרט אַרום די פעלקער וועלכע זיינען זער שטאָלץ בא זיך, זער גרויס און זוכן צו פערביטערן דעם יידנס לעבן. איך וועל אייך צושיקן אַ קריטיק איבער מיינע לידער וועלכעס איז ערשינען אין „אבענד בלאטט" און אין אַנדע־רע צייטונגען. פאָרלויפיג מער קיין נייעס איר וועט מיר טאָן דעם גרעסטן געפאלן ווען איר וועט מיר צושיקן דעם מאַנוסקריפּט, ווען אַלעס וועט זיין אָפּגעשריבן, אום איך זאָל קענען זען וואָס דאָרט טוט זיך. איך פערשטיי ניט, ווערטער פריינד, וואָרום איר זאָלט דאַרפן אייער טייערע צייט בערויבן שרייבנדיק אַן דער „שטאַטס־צייטונג", מיך אַרט ניט אַז עס וועט דאָרט ניט זיין וועגן מיר געשריבן. און אייך דאַרף עס אויך ניט אַרן, באדערט זיך ניט און שרייבט ניט צו זיי דאָרט. דיזע לייטע האָבן פאַראורטיילע קעגן דעם זשאַרגאָן. איך פערבלייבע מיט האָכאַכטונג אייער ערגעבענסטער

Morris Rosenfeld

**7**

New York sep. 6/97 — 131 Madison st.
New York N. Y.

ווערטער פריינד און פראָפעסאָר לעאָ ווינער.

אייער לעצטע פ"ק האָב איך ערהאַלטן. איך שעץ מיך גליקליך מיט דעם חן און לייטזעליקייט וואָס איך האָב געקריגן אין אייערע אויגן, דאָס איר זאָלט פון מיינטוועגן מקריב זיין אייער טייערע צייט. אמת טאַקע, איר טוט עס אים נאָמען דער קונסט, לויט אַ געלערטער דאַרף טאָן, איר גיבט אָבער גלייכצייטיק אַריין אין מיר דעם מוט ווייטער צו שרייבן. דען איך זע אַז מיין אַרבעט איז אָנגעלייגט און מיין מי איז אנערקענט ביי געלערנטע איך וועל מיר נעמען די פרייהייט נאָך

אַמאָל אייך צו בעלעסטיגען מיטן לעזן אַ פּאָר רעצענזיאָנען איבער מיין ליעדער בוך(1) איך בין זאָגאַר מיטביידע ניט גאַנץ איינפאַרשטאַנדליך דאָך עס שאדעט ניט איר זאָלט זיי לעזן איך טראַכט פיל מאָל וועגן אייער ערשטע פ״ק צו מיר עס וואָלט כלעבן געווען אַ יושר אַזוי צו שרייבן, דען זיך צוהערנדיק נענטער צו די אויסשפּראַכע פון אונזערע רוסיש פּוילישע יידן קען מען גאָר אַנדערש ניט אויסלייגן („ספּעלען") ווי איר לייגט עס אויס אין אייער ערשטע פ״ק דאָך, עס איז זייער שווער צו גיין קעגן שטראָם, די גאַנצע יידיש דייטשע וועלט שרייבט אַנדערש און אַזוי ווי מאַיאָריטעט „רולט" — מוז עס בלייבן ווי דאָס איז. דער זשאַרגאָן האָט דאָ אין דיזעס לאַנד סיי ווי סיי קיין צוקונפט, נאָך אין אַ 25 יאָר אַרום וועלן זאָגאַר די בעסטע ווערקע געשריבן אין דיזער שפּראַכע אָדער דיאַלעקט נאָר בלייבן ליטעראַרישע קוריאָזיטעטן. ווייי איז דעם וואָס איז ניט אומשטאַנדע אַרויסצוגעבן זיינע געפילן און געדאַנקען אין איינער לעבענדיגען שפּראַכע. מער קיין נייעס פאָרלויפיק

אייער גאַנץ ערגעבענסטער

Morris Rosenfeld

---

(1) דאס „ליעדער בוך" האט ראזענפעלד אַרויסגעגעבן מיט דער הילף פון אַבאָנענטן, וואָס האבן אין פאָרויס איינגעצאָלט אַ דאָלאַר. ווי ס'זעט אויס האָט דער מחבר צוגעזאָגט אַ גרעסער בוך און ניט קיין בראָשור פון 88 זייטן און ער פאַרענטפערט זיך דעריבער אין דער הקדמה וואָס איז ספּעציעל געווענדט „צו מיינע ווערטע אַבאָנענטן": „איך געפין — שרייבט ראַזענפעלד — פאָר נייטיק צו בעטן ענטשולדיקונג ביי מיינע ווערטע אַבאָנענטן. איך האָב, לײידער, מיין פערשפּרעכן ניט געקענט האַלטן. מיין בוך איז אַלזאָ פיל דינער ווי ער האָט געזאָלט זיין. מיינע נאָענטע פריינד וועלן עדות זאָגן, אַז איך האָב גענוג געקעמפּט איידער איך האָב גע־דעקט די קאָסטן פון מיין בוך, אַזוי דין ווי ער איז. איך קאָן זאָגן, אַז איך האָב מיט מסירת נפש מיינע אָרעמע גייסטעס־קינדער אויסגעלייזט פון דרוק. די שולד איז, נאַטירלעך, מיין איי־גענע. איך האָב זיך ניט גוט אויסגערעכנט. איין פולשטענדיקע זאַמלונג פון מיינע ווערקע דאַרף ענטהאַלטן 500 זייטן. צו דרוקן אַזאַ בוך... דאַרף קאָסטן אַ ים מיט געלט. אַזאַ בוך וואָלט איך געוויס פיר איין דאָלאַר ניט געקענט פאַרקויפן. איך דאַנק פון מיין טיפסטן הערצן אַלע די יעניקע וואָס האָבן מיר איינגעצאָלט פאָרויס אויף מיין ווערק. איך בין זיכער, אַז זיי וועלן מיין ענטשולדיקונג אַננעמען פיר וואָר".

## 8

New York, Sept. 15, 1897.

ווערטער פריינד פּראָפעסאָר לעאָ ווינער,

איר וועט מיר אַנטשולדיקן וואָס איך דערלויב זיך אַזוי פיל אייך צו „באַ־דערן". איך וויל אייך בענאַכריכטן דאָס אַ געוויסער מיסטער דאַווידזאָן(1), אַ יונ־

גער־מאַן וועלכן אייער פאַטער האָט פאָרגעשטעלט פאַר אייך ווערנד אייער זיין אין ניו־יאָרק, שרייבט יעצט איינע אויספירלעכע קריטיק איבער מיינע אַלע יידישע לידער. און ער האָפט עס אין אַ וואָך אָדער צוויי אַרום צו פאַרעפנטלעכן אין איינע פון די ניו־יאָרקער ענגלישע צייטונגען.

ווערטער הער, פיליכט איז מעגלעך איך זאָל קענען באַקומען אייערע אַרטיקלען איבער די יידיש־דייטשע שפּראַכע, וועלכע זיינען ערשינען אין דעם „פילאָלאָגישן זשורנאַל"(2), איך וואָלט קיין מאָל פאַרגעסן דיזע געפעליקייט. אפשר איז מעגלעך איך זאָל עס באַקומען ביי אייך? דאַן וואָלט איך עס אייך מיט דאַנק אָפּגעשיקט צוריק. פיליכט קען איך זיי באַקומען אין אַ בוכהאַנדלונג אָדער אין די רעדאַקציאָן.

האָפנדיק אַז איר וועט זיך נעמען די מי צו בעאַנטוואָרטן דיזן שרייבן פאַרבלייב איך מיט אַכטונג אייער

Morris Rosenfeld
131 Madison St., New York.

(1) ישראל דאַווידזאָן (1870 — 1939) איז דער שפּעטערדיקער באַרימטער ליטעראַטור־היסטאָריקער, פאָרשער פון העברעאישער פּאָעזיע, מחבר פון „אוצר השירה והפיוט" און אַנדערע וויכטיקע ווערק און לאַנגיאָריקער פּראָפעסאָר פון יידיש־טעאָלאָגישן סעמינאַר אין ניו־יאָרק. י. דאַווידזאָן איז געקומען קיין אַמעריקע 1888.

(2) דאָ ווערן געמיינט לעאָ ווינערס אַרבעטן:

"The Judeo-German elements in the German language", *American Journal Of Philology*, Baltimore 1894, Vol. 15, Nº 3; "On the Hebrew element in Slavo-Judeo-German", *American Journal of Semitic Languages and Literatures*, 1893-94, Vol. 10, 3-4.

9

New York Sep. 19/97
131 Madison st.
New York

ווערטער פּראָפעסאָר לעאָ ווינער.

אייער בריוו האָב איך ערהאַלטן און איך דאַנק אייך פיר דעם צוזאָג: מיר צו שיקן אייערע שריפטן.

איך שיק אייך נאָך אַ צוויי פון מיינע לידער וועלכע, לויט ווי איך דיינק, מעגן געלעזן ווערן. אייער מיינונג איבער דאַווידזאָן איז, גלויב איך, ריכטיג. דאָך, ער האָט נאָך סיי ווי סיי ניט קיין צייטונג וואו זיין אַרטיקל צו דרוקן. מעגליך

אַז ער וועט אים נאָך איבערבלייבן אין חמץ... פאַרלויפיג מער קיין נייעס. איך בלייב אייער ערגעבנסטער פריינד מאָרריס ראָזענפעלד.

נ״ב: דאָס געדיכט „די נאַכטיגאַל צום אַרבייטער״ איז ערשינען צום ערשטן מאַי, פערגאַנגענעם יאָר, אין „אַרבייטער צייטונג״.

ג״ב: ווען מיין בריף איז שוין פאַרטיג געווען האָב איך ערהאַלטן אייער ווערטפאלע זענדונג. איך דאַנק אייך זער, איך האָף אַז אייערע שריפטן וועלן מיר זער פיל נוצן ברינגען.

ד״ז

10

New York sep. 27/97.
131 Madison st.

ווערטער פּראָפּעסאָר לעאָ ווינער,

דאָס איך האָב אייערע ווערטפולע שריפטן ערהאַלטן, האָב איך אייך שוין געשריבן אין מיין לעצטן בריוו. יעצט בלייבט מיר נאָר איבער צו דאַנקען אייך, פיר דעם גייסטיגן פערגעניגן וואָס אייערע ביכער האָבן מיר פערשאַפט. איך האָב דערזען פאָר זיך אַ וועלט וואָס איז מיר ביז יעצט גאַנץ פרעמד געווען. איך האָב אפילו געלעזן מאַנכעס איבער דעם זשאַרגאָן פון אַלעקסאַנדער האַרקאַווי, ליידער קען מען פון זיין שרייבן קיין גרינדליכע פערשטענדניס ניט אַרויסטראָגן, עס איז, ווי געזאָגט: געפּלוטעוועט איך מעג זאָגן אַז איך האָב דעם ערשטן מאָל אין מיין לעבן געלעזן איינע פילאָלאָגישע אָפּהאַנדלונג וועגן דער זשאַרגאָנישע שפּראַכע. איך האָב געשריבן איין ענגלישן בריף צום רעדאַקטאָר פון פילאָלאָגישן זשורנאַל אין באַלטימאָר, ער זאָל מיר צושיקן דעם נומער, אין וועלכן עס געפינט זיך אייער ערשטע טייל פון דער גראַמאַטיק, ליידער האָב איך נאָך קיין ענטפער בעקומען. איך וואָלט בעצאָלט 3 דאָלאַר נאָר דיזעס צו בעזיצן דאָך ווער וויים אויב אין דער רעדאַקציאָן געפינט זיך נאָך איין נומער צום פערקויפן? ווען איך וואָלט וויסן אַז עס וועט ניט נעמען צופיל אייער צייט אין אנשפּרוך, וואָלט איך אייך געבעטן איר זאָלט עס פון מיינטוועגן בעקומען; איך וועל בעצאָלן פיל עס וועט נאָר קאָסטן.

אויב עס וואָלט אייך ניט צופיל „געבאַדערט״ וואָלט איך אייך צוגעשיקט אַ קאָפּיע פון דאַווידזאָנס אַרטיקל, ער האָט עס „טייפּ רייטעד״, און געפינט פאַרלויפיג קיין צייטונג וואו עס צו פאַרעפנטליכן, דאָס הייסט, ער קען שוין געפינען פילע צייטונגען וואָס זאָלן עס אָננעמען; ער וויל אָבער קריגן בעצאָלט פיר זיין שרייבן, און דאָס איז אַ שווערע זאַך.

אויב איר דאַרפט עס ניט אויף דער מינוט, וואָלט איך נאָך געוואָלט בע־האַלטן ביי זיך אַ פּאָר וואָכן די ערשטע טייל פון אייער נומער.

פאַרלויפיג מער קיין נייעס איך צייכן מיט אַכטונג אייער

Morris Rosenfeld

11

131 Madison st.
New York, october 1th/97.

ווערטער פּראָפעסאָר לעאָ ווינער,

איך דאַנק אייך זער וואָס איר האָט מיר ערלויבט צו ניצן אייער בוך ביז איך וועל בעקומען איין צווייטן. פון באַלטימאָר האָט מען מיר ניט געענטפערט איך האָב שוין אָבער בעשטעלט דיזן באַנד ביי מיסטער פריידוס(1) מיינער אַ גוטער פריינד, אַנגעשטעלט אין „אסטאָר׳ס לייברערי״. כסדר: איך בין געווען אין אַ גע־שעפט פון סאַמאָווארן און האָב דאָרט פערשידענס געזען. זי קענען קריגן איין סאַמאָוואַר פיר 3 דאָלאַר, אָבער ניט קיין נייעם. פיר 5, 6, דאָלאַר בעקומען זי איין סאַמאָוואַר, וועלכער קען ענטהאַלטן אָן ערך פון 20 גלאָז. שרייבט מיר פיל גלאָז טיי דער סאַמאָוואַר זאָל ענטהאַלטן? עס זיינען דאָ סאַמאָווארן פיר צוויי און אַ האַלב דאָלאַר אויך, זיי זיינען אָבער זער קליין, און ברענען מיט געז און ניט מיט קוילן. מיט איין וואָרט איר קענט בעקומען אַ סאַמאָוואַר — זאָגאַר הונדערט; עס ווענדט זיך נאָר וועלכן פּרייז איר ווילט צאָלן. דאָרט געפינען זיך מאַנכע סאַ־מאָווארן זיינען זיי קליין און זער „פּעננסי״ אין ווערט פון 5, ביז 6 דאָלאַר. מיך פרייט זער וואָס איר האָט גערעדט וועגן מיר אין העברעע קרייזן און איך וועל מיך געוויס געפינען געערט צו געניסן די פריינדשאַפט פון אַזעלכע פאַר־נעמע דאַמען און הערן, דען דאָ אין ניו יאָרק, אָבוואָל צווישן אַזוי פיל יידן און „פריינד״, בין איך, ליידער, עלנד און אַליין. זעלטן וואָס איר וועט געפינען, אונ־טער אידן אין אמעריקא, אַ מענש וואָס זאָל האָבן אַזוי פיל בעקאַנטע, און ניט האָבן צו ווענען אַ וואָרט אויסצוריידן. איך בין פילייכט דער איינציקער. איך ערוואַרט מיט אומגעדולד אייער אָפּהאַנדלונג איבער די „אידישע פאָלקס פּאָעזיע אין רוסלאַנד״(2). אויב איר דיינקט אַז איך קען אייך עפּעס ניצליך זיין אין דיזער אַרבעט וואָלט איך עס גערן געטאָן, ווייל די יידישע פאָלקס־פּאָעזיע אין רוסלאַנד איז מיר זער בעקאַנט. איך האָב גאָר ניט געוואוסט אַז מיין פרוי קען אַזעלכע שענע אַלטע פאָלקס לידלאך. אויב איר ווילט קען איך אייך צושיקן אַ פּאָר, איך גלויב אַז איר האָט זיי נישט אין אייער זאַמלונג. אין די צייטונגען שרייב איך

איצט זער ווייניק, איך האָב זיך גענומען איבערזעצן דעם תהלים אין ריימען, וואָס דיינקט איר? איז דאָס ניט פּילייכט אַ אונזין? מאַכבע פון מיינע בעקאַנטע לאַכן פון מיר, וואָס איך האָב זיך גענומען צו אַזאַ אונדאַנקבאַרע אַרבעט.

מער קיין נייעס דערווייל.

Morris Rosenfeld

---

(1) אברהם זלמן פריידוס (1867 — 1923) באקאנטער ביבליאגראף און לאנגיאריקער הויפּט ביבליאטעקאר פון דער יידישער אפּטיילונג אין דער ניו־יארקער עפנטלעכער ביבליאטעק.

(2) פאַרעפנטלעכט געווארן א יאר שפּעטער ווי Popular Pactry of the Russian Jews Americana Germanica 1898, Vol. II, N° 2.

12

96 Henry st.
New York
October 5/97.

ווערטער פּראָפעסאָר לעאָ ווינער,

איך שיק אייך דעם ענגלישן בריוו צוריק מיט אַ צוזאָג, צו ערשיינען צו דער בעשטימטער צייט. איך וואָלט אָבער זער געוואָלט וויסן בעשטימט די דאַטום, כדי איך זאָל קענען איינאָרדענען, אין דער זעלביקער צייט, אַ קאָנצערט פיר די באָס־טאָנער יהודים. דאָס דאַרף אָבער ניט זיין אויף דער מינוט. דאַן, ווען איר וועט וויסן בעשטימט די צייט וועט איר מיר אַזוי גוט זיין שרייבן. איר מוזט מיר ענ־טשולדיקן וואָס איך שליס שוין מיין בריוו, איך בין זער פאַרנומען מיטן „מופען״. באַך דער אויבן אָנגעגעבענער אַדרעסע. אייער גאַנץ ערגעבענסטער

Morris Rosenfeld

13

96 Henry St., New York, Oct. 7/97.

ווערטער פּראָפעסאָר לעאָ ווינער,

איך האָף איר וועט מיר אַנטשולדיקן וואָס איך טראָבל אייך אַזוי פיל מיט מיין צו אָפטן שרייבן. איך טו עס מיט דעם באַוואוסטזיין דאָס איר אינטערע־סירט זיך מיינער. איך נעם מיר די פרייהייט אייך צוצושיקן מיסטער דאַוויד־

זאָנס(1) אַרטיקל וועגן מיר. איך בין איבערצייגט, אַז ביי מיסטער דאַווידזאָן וועט זיין אַ גרויסע ערע צו הערן אייער מיינונג גוט אָדער שלעכט. מיסטער דאַווידזאָן מאַכט קיין גוואַלדיקע אַנשפּריכע אַלס ליטעראַט; ער איז אָבער אַ מאַן וואָס האָט אַ גוטן געשמאַק, אַ קריטישע אויג און וואָס האָט צימלעך גוטע פעאיקייטן אַלס שרייבער. לויט דער מיינונג פון מענטשן וואָס פאַרשטייען ליטעראַטור, און לויט מיינע אָרעמע מבינות אין ענגליש איז מיסטער דאַווידזאָנס אַרטיקל געשריבן אין אַ צימלעך גלאַטן סטיל. איר, אַלס געלערנטער און ליטעראַט, וועט עס נאַטירלעך בעסער וויסן. אויב אייך וועט אויסקומען צייט צו ענטפערן, דאָס הייסט: צו זאָגן אייער מיינונג איבער דעם דאָזיקן אַרטיקל, שיק איך אייך מיסטער דאַווידזאָנס אַדרעס, ווייל פיליכט שרייבט איר אים אַזעלכעס וואָס איך דאַרף ניט וויסן.

J. Davidson
110 East Broadway
New York

האָפנדיק, אַז איר וועט אַנטשולדיקן מיין יעצטיקן שרייבן, פערבלייב איך מיט האָכאַכטונג און רעספּעקט אייער גאַנץ ערגעבנסטער פאַערער

Morris Rosenfeld

---

(1) ישראל דאַווידזאָנס אַרטיקל אונטערן נאָמען "A Plebeian Poet" איז אָפּגעדרוקט אין דעם *American Hebrew* אין דריי המשכים, פון 11טן ביזן 25סטן מאַרץ 1897. דער מחבר פונעם אַרטיקל, וואָס איז געווען אַ נאָענטער פריינד פון עטלעכע יידישע דיכטערס, צווישן זיי יהואש, האָט אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן אָפּט געשריבן מיט וואַרעמקייט וועגן יידיש און יידישן שאַפן. אין זיין ערשטער אַרבעט אויף ענגליש רעדט ער וועגן דער סנאָבישער באַציאונג צו יידיש. „ניט נאָר — שרייבט ער — האָבן קריסטן אַ פּאַראורטייל קעגן דעם (יידישן לשון) און באַטראַכטן דאָס אומבאַרעכטיקט ווי אַ זשאַרגאָן; נישט נאָר קוקן דערויף אַזוי אַמעריקאַנער יידן, וואָס פאַרדאַמען דאָס (לשון) ווי עס וואָלט געווען שעדלעך, נאָר אַפילו דער אימיגראַנט, וואָס האָט באַוויזן במשך פון אַ צענדלינג יאָר צו מאַכן פונעם ענגלישן לשון דעם ערגסטן זשאַרגאָן, אַפילו ער, און ספּעציעל אויב דאָס מזל האָט אים נאָך צוגעשפּילט, וועט זיך באַרימען אין אַ קרייז פון ניי־געקומענע, אַז ער קאָן שוין נישט דאָס מאַמע־לשון אַזוי ווי ער האָט דאָס אַמאָל געקענט".

וועגן ראָזענפעלדן און ספּעציעל וועגן דעם „ליעדער־בוך" שרייבט דאַווידזאָן, אַז „דאָס בוך וואָס ליגט פאַר מיר איז אַ זאַמלונג פון לירישער פּאָעזיע, וואָס דער פּאָעט רופט דאָס מיטן נאָמען „ליעדער־בוך". דאָס בוך קאָן מען גאַנץ גינציק פאַרגלייכן מיט היינעס „בוך דער ליעדער", און לויט מיין איינזען, האָט דער פּאָעט בלויז איין קאָנקורענט, דעם באַרימטן פּרוג... מע דאַרף ניט מיינען, אַז דאָס אָדער אַן אַנדער בוך אויף יידיש וועט האָבן אַ דויערנדיקן איינפלוס אויף יידן אין אַמעריקע. דאָס איז אויסגעשלאָסן, אַפילו ווען אַזאַ בוך וואָלט געשריבן געוואָרן אין אַ שפּראַך וואָס עס איז איר באַשערט צו עקסיסטירן... צו קענען באַקעמפן די קאָרומפּירטע און געשמאַקלאָזע שאַפונגען, וואָס עס פּראָדוצירט אין אַזאַ גרויסער מאָס די יידישע

פּרעסע אין אַמעריקע. קעגן דעם זיינען די פּראָווּן פון אַן איינציקער פעדער זינלאָז און מאַכטלאָז".

ווענן מאָריס ראָזענפעלדס קוק אויפן לעבן שרייבט דאַווידזאָן, אַז „ער איז אַ פלעבעיער פון געבורט און אויך אין בילדונג. ער קוקט אויף אומגליקלעכקייט ווי אויף דעם גרעסטן אומגליק פון דער געזעלשאַפט. ער איז גרייט צו טראָגן זיין חלק פון דעם יאָך וואָס דער גורל האָט אַרויפגעלייגט אויף די פּלייצעס פון דער מענטשהייט, אָבער זיין נשמה רעוואָלטירט קעגן דעם געדאַנק, אַז אַ מענטש קאָן רעגירן מיט זיינע מיטמענטשן".

14

96 Henry St., New York, October 13/97.

ווערטער פּראָפעסאָר לעאָ ווינער,

אויב אייך וועט ניט זיין קיין אונטערשייד, וועל איך אויסוועלן דעם 22סטן דעצעמבער, דען לויט ווי עס זעט אויס, וועל איך נאָך פיליכט דיזן ווינטער אָפּ־רייזן נאָך לאָנדאָן צו מיינע עלטערן(1) מעגלעך איך זאָל די רייזע האָבן אין דעם מאָנאַט יאַנואַר און דאַן וועט עס מיר אוממעגלעך זיין ביי אייך צו דעקלאַמירן. איך דאַנק אייך זייער פיר אייער מיינונג איבער דאַווידזאָנס אַרטיקל. איך וועל זיך ניט מער לאָזן פון אים אַ קאָפּ פאַרדרייען. ער איז אַ גאַנץ אָרנטלעכער און אינטעליגענטער יונגער מענטש דאָך, אויף מיין באָרד וויל איך ניט ער זאָל זיך לערנען שערן...

אייער נאָטיץ אין די „ניישאָן" "Nation"(2) האָט מיר פאַרלויפיק געהאָלפן פאַרקויפן אַ 5 ביכער(3) מיט 5 דאָלער אַ שטיק. דזשייקאָב שיף(4) און אַנדערע מיליאָנערן, וועלכע לעזן די Nation, האָבן ביי מיר אָפּגעקויפט 5 ביכער(5). אייך קומט מיין בעסטן דאַנק דערפיר. איך זע זיך זייער אָפט מיט אייער ווערטן פאָטער און מיר פאַרברענגען מאַנכע שטונדן. פאַרלויפיק מער קיין נייס (קירצלעך גייט אַריין אין דרוק דער צווייטער טייל פון מיינע געדיכטע).

מיט אַכטונג, אייער ערגעבענסטער

Morris Rosenfeld

(1) מאָריס ראָזענפעלדס פאָטער ר' אפרים ליב ראָזענפעלד, איז געשטאָרבן אין אַ ניו־יאָרקער מושב זקנים דעם 14טן יאַנואַר 1916. לויט דער ידיעה אין דעם שיקאַגער „אידישער רעקאָרד" (פון 21סטן יאַנואַר 1916) האָט מאָריס ראָזענפעלדס פאָטער דערלעבט צו דעם אויסערגעוויינלעך טיפן עלטער פון 106 יאָר. ער איז געקומען קיין אַמעריקע אַרום 1901. זיין זון, דער דיכטער, פלעגט באַזוכן זיין אַלטן טאַטן צוויי מאָל אַ וואָך און פאַרברענגען מיט אים אין לערנען און אין שמועסן. לויט דעם נעקראָלאָג איז דער אַלטער ר' אפרים ליב געווען אַ למדן.

(2) אין *Nation* פון 9טן סעפּטעמבער 1897 איז אָפּגעדרוקט ווינערס ווייטערדיקע נאָטיץ וועגן מאָריס ראָזענפעלדס „ליעדער־בוך" וואָס איז נאָר וואָס געהאַט דערשינען:

„עס איז נאָר וואָס דערשינען אין ניו־יאָרק אַ משיקאַווע ביכל יידיש־דייטשע לידער פון מאָריס ראָזענפעלדס פעדער, וואָס באַצייכנט אַן עראַ אין דער יידישער ליטעראַטור. ביז איצט איז די יידישע ליטעראַטור פון די רוסישע יידן באַשטאַנען צום גרעסטן טייל פון פאָלקס־לידער, וואָס זיינען לויט זייער לשון און לויט זייער סענטימענט געווען באַשטימט בלויז פאַר זייער שטאָט און אין לאַנד (רוסלאַנד). מיט דער מייסטערהאַפטער שאַפונג פון מ. ראָזענפעלד, ביז לעצטנס אַ שניידער פון פאַך, האָט זיך געעפנט אַ נייער וועג פאַר דער ליטעראַטור, אַ וועג וואָס פירט צו אוניווערסאַלער אנערקענונג. די יידישע מוזע זינגט אין דעם מינאָרנעם טאָן פון אונטערדריקונג און ליידן. אונדזער מחברם לידער האָבן אָפט פאַר זייער טעמע טרערן און די שווערקייט ליגט אין דער אומפאַרענטפערטער שאלה. דער לייטמאָטיוו ווערט אַנגעשלאָגן אין דעם „בית עולם סאָלאָוויי״ וואָס זוכט זיך אויס פון אַלע פעלדער דווקא דאָס גוטע אָרט וואו אויסצוטריקערן די זיסע לידער. זיינע באַלאַדן און לעגענדעס פאַרמאָגן אַלע אַ ווייטיקלעכן חן, און אפילו אַזעלכע סענטימענטן וואָס רופן אַרויס געוויינלעך אומאַנגענעמע רעגונגען מאַכן אים שמייכלען דורך טרערן. דעם פּאָעטס טעכניק איז אַ פּערפעקטע, די מעלאָדיע פון דעם ריטם און ווערטער־פאָרונג איז אויסערגעוויינלעך אין אַ דיאַלעקט, וואָס די סלאַווישע און העברעאישע עלעמענטן האָבן, ווי עס זעט אויס, קאָרומפּירט די דייטשע באַזע. מ״ר ראָזענפעלד איז דער ערשטער אין זיין שפּראַך צו זינגען וועגן יוגנט, פרילינג און ליבע״.

(3) אויך ראַביי סטיפן וויז, דער באַרימטער ניו־יאָרקער ראַבינער און ציוניסטישער עסקן, האָט געהאָלפן פאַרקויפן ראָזענפעלדן ביכער פון דער ענגלישער אויסגאַבע „דהי סאָנגס אוו דהי געטאָ״. אין אַ בריוו פון 6טן פעברואַר 1899 (וואָס געפינט זיך אין מאָריס ראָזענפעלד אַרכיוו) שרייבט ראַביי וויז, אַז ער שיקט אים אַ טשעק אויף 3.75 פאַר דריי ביכער און ער איז זיך מתנצל, אַז ער האָט „געפּרובירט פאַרקויפן די אַנדערע (ביכער) נאָר ער האָט נישט געהאַט קיין דערפאָלג״. ער שלאָגט פאָר ראָזענפעלדן, אַז די פאַרלעגער „זאָלן אַרויסשיקן אַ צירקולאַר־מעלדונג וועגן אייער בוך צו די מתפּללים פון מיין טעמפּל״ און ער איז גרייט צו שיקן די נעמען און די אַדרעסן.

(4) דזשייקאָב שיף (1847 — 1920), דער באַקאַנטער פילאַנטראָפּ און עסקן, האָט אַרויסגעוויזן אַ גרויסע פאַראינטערעסירונג אין ראָזענפעלדן און אים געהאָלפן אַרויסגעבן זיינע לידער אויף ענגליש, ווי מ׳קאָן דאָס זען פון ראָזענפעלדס אַנדערע בריוו צו ווינערן. שיף, וואָס איז געווען אַזאַ פאַרביסענער קעגנער פון יידיש, האָט דאָך ראָזענפעלדן פּראָטעזשירט. צום באַדויערן איז געווען אוממעגלעך זיך צו באַנוצן מיט דער שיף־קאָרעספּאָנדענץ, די שיף־משפּחה לאָזט צו צו איר בלויז יחידי־סגולה. ס׳איז גאַנץ מעגלעך, אַז דאָרטן זאָלן זיך געפינען בריוו פון ראָזענפעלדן.

(5) פון „ליעדער־בוך״.

## 15

96 Henry st.
New York
November 8/97.

**ווערטער פּראָפעסאָר לעאָ ווינער,**

**איך שיק אייך אייניקע פון מיינע לידער און איך וועל אייך צושיקן נאָך. וועגן בודיאַנאָוון איז נישטאָ וואָס צו ריידן, ער ליגט מיר אפילו אין דער לינקער פּאַת**

אויך ניט(1). ער איז אַ נאַר מיט דעם וואָס ער האָט זיך געכאַפּט שרייבן איבער אַ קעגנשטאַנד וואָס ער פאַרשטייט ניט. איך גלויב אָבער אַז יעדער מענטש האָט דאָס רעכט דום צו זיין אָדער האָבן אַ טעות און טאָן וואָס ער פערשטייט ניט. טוט עס אַ סוחר פערלירט ער זיין געלט און טוט עס אַ שרייבער פערלירט ער זיין רע־פּוטאַציע אַ זאַך וואָס בודיאַנאָוו קען ניט פערלירן.

פיל מער ווי בודיאַנאָווס דומהייט וואָלט מיך געערגערט הארקאַוויס „בער־רענפריינשאַפט״, ווען איך וואָלט עס נישט פערשטאַנען צו פערלאכן. דיזער קרענק האָט געזוכט אין זיין בעמערקונג צו זאָגן אַז איך האָב גאָר קיין פּרינציפּ(2). אויפן פערלאַנג, פון פילע ליטעראַטן בין איך געבעטן בודיאַנאָוון ניט צו אַנטוואָרטן און איך וועל עס, גלויב איך, אויך טאָן.

פאָרלויפיק מער קיין נייעס אייער גאַנץ ערגעבענסטער.

Morris Rosenfeld

נ״ב. אויב עס איז מעגליך איר זאָלט מיר אָדער אָפּשיקן אָדער בעהאַלטן ביי זיך ביז דעם 22סטן דעצעמבער די לידער „שפּאַניען״, „צו דער טויב״, דער „פּאַנ־טאָפל העלד״ און „די מעשה מיטן עגל״ ווייל איך האָב קיין קאָפּיע ביי מיר.

ד״ז

(1) אין נר׳ 2 „דער נייער גייסט״ (נאָוועמבער 1891) האָט ל. בודיאַנאָוו אָפּגעדרוקט אַ רעצענזיע אויפן „ליעדער־בוך״ אונטערן טיטל „אַ בלאַנדזשענדער פּאָעט״. דער רעצענזענט האָט געזוכט צו באַווייזן אַז „קיין נאַציאָנאַליטעטן חוץ אַלס פּאָליטישע באַצייכענונג זענען שוין יעצט כמעט ניטאָ״. יידן זענען דעריבער ניט קיין פאָלק און מאָריס ראָזענפעלד איז ניט קיין פאָלקס־פּאָעט. „ראָזענפעלד — זאָגט בודיאַנאָוו — דריקט ניט אויס די קלאַגן פון יידישן פאָלק, זאָנדערן פון די יידישע קבצנים. און איר שטעלט זיך דאַן די פראַגע: מיט וואָס זיינען דאָס די יידישע קבצנימס צרות אַנדערש פון אַלע אַנדערע קבצנימס צרות? האָבן דען ניט די קריסטלעכע אַרבעטער פּונקט אַזעלכע צרות ווי די יידישע, און באַווייגען דען ניט זייערע פּאָעטן זייערע צרות פּונקט ווי ראָזענפעלד באַוויינט דעם יידישן ,אַרבעטערס צרות?״

די רעדאַקציע — אַלכסנדר הארקאַווי איז געווען רעדאַקטאָר — האָט אין אַ באַמערקונג אָפּגעפרעגט דעם קאָסמאָפּאָליטיזם פונעם רעצענזענט. „לויט דעם — זאָגט זיך אין דער באַ־מערקונג — קומט אויס, אַז דייטשן, פראַנצויזן, ענגלענדער, רוסן און אַמעריקאַנער אונטער־שיידן זיך היינט גאָר נישט ביז אַ וויכטיקן גראַד אין זייער כאַראַקטער, אין זייער אַרט לעבן, זיטן, פירונגען, שטרעבונגען אאַז״וו. איז דאָס ווירקלעך אַזוי? איז שוין היינט ווירקלעך אומ־מעגלעך פאַר איינעם צו זיין אַ נאַציאָנאַל פּאָעט? וואָס פאַר אַ פּאָעט איז, צום ביישפּיל, סאַלאָמאָן פרוג?״(ז׳ 105).

אין נר׳ 3 קומט לעאָן קאָברין אַרויס מיט אַ הייסער פאַרטיידיקונג פון מאָריס ראָזענפעלדן און פּשטלט אויף אַ מאָדנעם אופן אויס, אַז ר. איז אַ פאָלקס־פּאָעט כאָטש יידן זיינען נישט קיין פאָלק. „ראָזענפעלד איז יאָ אַ פאָלקס־פּאָעט — שרייבט קאָברין — אָבער אַ פּאָעט פון יידישן

פאָלק אין רוסלאַנד. ער איז אָבער ניט קיין יידישער נאַציאָנאַלער פּאָעט, ווייל יידן זיינען ניט קיין נאַציאָן(?) (דער פּרעגנאַנטער דער רעדאַקציע פון „נייער גייסט"). דעריבער אונטערשיידט זיך זיין פּאָעזיע פון אַנדערע פאָלקס־פּאָעטן. ווען אין דער פּאָעזיע פון אַנדערע פאָלקס־דיכטער שפּיגלט זיך אָפּ אַ טייל פון דער גאַנצער נאַציאָן, שפּיגלט זיך אָפּ אין ראָזענפעלדס פּאָעזיע בלויז די טרויעריקייט, די דערשלאָגנהייט, די פאַרצווייפלונג און די אָרעמקייט פון דעם פאַרפאָלגטן יידן אין רוסלאַנד. אין זיין פּאָעזיע שפּיגלען זיך אָפּ ניט די פראַנצויזישע יידן און ניט די דייטשע, ווייל זיי זיינען מער דייטשן און פראַנצויזן אַלס רוסישע יידן. גראַד ווי די רוסישע יידן זענען מער רוסן אַלס די דייטשע אָדער פראַנצויזישע יידן" (ז' 171).

די רעדאַקציע לאָזט אויך קאַברינען ניט דורך אָן קיין באַמערקונג: „אונדז שיינט דאָס ה' קאַברין איז צו אויבערפלעכלעך אין דער פראַגע אויב יידן זיינען אַ נאַציאָן אָדער ניט... האָבן זיי דען ניט גענוג אייגענע כאַראַקטעריסטישע ציגן, וואָס זאָלן זיי מאַכן פאַר אַ באַזונדערע סאָרט מענטשן,".

אין די נומערן 4־5 פאַרנעמט זיך יעקב מילך באַריכותדיק אויפצוקלערן דעם גאַנצן ענין פון כּעלקער און קלאַסן און קומט צום אויספיר, אַז „ראָזענפעלדס שטאַרקייט באַשטייט אין דעם, וואָס ער איז אַן אַרבעטער פּאָעט, וואָס אין אים שפּיגלען זיך אָפּ, דורך אַ יידישעם שפּיגעלע און אַ יידישער פאַרבונג די ליידן, די קעמפע, דאָס שטרעבן, די האָפענונג פון דער אַרבעטער קלאַסע" (ז' 297).

אין דער באַמערקונג צו בודיאַנאָווס אַרטיקל האָט די רעדאַקציע (הארקאווי) געשריבן: אַז „אונדזער מיינונג איז, אַז הער ראָזענפעלד איז אַ דיכטער, וואָס האָט נישט קיין באַשטימטע ריכטונג — אַ פּאָעט, וואָס דיכטעט איבער בעזונדערע זאַכן אונטער דעם באַזונדערן איינדרוק אָדער באַזונדערע פאָדערונג פון דעם מאָמענט: ער איז מאַנכמאָל אַ נאַציאָנאַלער פּאָעט, מאַנכמאָל אַ נאַטור־פּאָעט, מאַנכמאָל אַן אַרבעטער פּאָעט אאַז"וו (דאָרט ז' 107).

יעקב מילך האָט געוואָלט אָביכל מילדערן דעם איינדרוק פון דער באַמערקונג, כאָטש ער האָט זי ניט אָפּגעלייקנט: „מען מאַכט באַמערקונגען, אַז ראָזענפעלד האָט ניט קיין בעשטימטע ריכטונג, היינט קען ער שרייבן פאַר די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן און מאָרגן פאַר חיבת ציון. דיזע באַמערקונג אָבוואָל זי האָט אַ שטיקל גרונד, איז אָבער נאָך מיין מיינונג ניט ריכטיק" (דאָרט ז' 297).



96 Henry st.
New York
Novem. 24/97.

ווערטער פּראָפעסאָר לעאָ ווינער,

איר וועט מיר ענטשולדיקן וואָס איך האָב אייך נאָך ביז יעצט מיינע לעצטע געדיכטע ניט געשיקט. איך בין זער ניט אין קיין גוטן צושטאַנד, איך בין קראַנק און קען קוים אַרום גיין. מיין רעכטער פוס איז זער געשוואָלן, די דאָקטוירים זאָגן דאָס איז „נוראַלגיע", מיין גאַנצער נערוון־סיסטעם איז צוריטעט, איך בין כמעט מער טויט ווי לעבעדיג איך שרייב יעצט איבערהויפּט גאָר ניט, און איך טרוים



אפרים ליב און רחל ראָזענפעלד, מאָריס ראָזענפעלדס עלטערן. — זע בריוו נומ. 14 צו לעאָ ווינערן.

גאָר ניט וועגן שרייבן, מאַנכע דאָקטוירים מאַכן מיר זער שווער דאָס הערץ — גאָט ווייס!

איך האָב אייך אָפּגעשיקט דעם צווייטן טייל פון אייער גראַמער (גראַמאַטי־קע), ליידער האָב איך יענעם העפט, וואָס איר האָט מיר צוגעשיקט, אויף אַ מערק־ווירדיג אַ ר ט פערלאָרן. און בין געצוואונגען געוועזן צו נעמען פון מיסטער הארקאוויע זיין העפט און עס אייך צושיקן. איך פערשטיי ניט די אורזאַכע וואָס איך בעקום גאָר קיין ענטפער פון באַלטימאָרע, איך האָב איינגעצאָלט אויף דיזן העפט צו מיסטער פריידוס שוין מער אַלס צוויי מאָנאַטע און ער האָט קיין ענטפער בעקומען. דאָך עס שאַדט ניט, איך וועל שוין בעקומען פיר מיך און פיר מיסטער הארקאוויע אַנדערע צוויי העפטן. מיר איז אַ חידוש וואָס איך האָב די לעצטע צייט גאָר ניט געהערט פון אייך, נאָר איר זייט געוויס בעשעפטיקט. אין דעם נומער 3 „נייעם גייסט״ וועלן זיין מיינע אַ פּאָר געדיכטע און איין אַנטוואָרט אויף בודיא־נאָוו. שוואַך, וועלכער האָט געמוזט בעאַנטוואָרטעט ווערן, אום מאַנכע אונוויסנדע זאָלן ניט בעאיינפלוסט ווערן פון זיין אונזין. איך שיק אייך פון דעסטוועגן אַ פּאָר לידער, איך וואָלט זיך זער בערערט מיט אייער מיינונג.

אייער אייך זער שעצנדער

Morris Rosenfeld

(1) ל. קאָברינס „דער בלאָנדזשענדיקער קריטיקער״, וואָס איז שוין דערמאָנט געוואָרן אין דער באַמערקונג צום פריערדיקן בריוו.

17

Fall River mass Dec. 8/97.

ווערטער פּראָפעסאָר לעאָ ווינער,

איך הייב ניט אָן צו פערשטיין די אורזאַכע פון אייער ניט אַנטוואָרטען מיר? איך וויל נאַטירלעך ניט פערלירן מער צייט אין שרייבן צו אייך מיט דעם גע־דאַנק, אַז מיין אַרבייט איז אַרויסגעוואָרפן. איך שרייב אייך בלויז דאָס אויב איך וועל ניט ערהאַלטן אומוויינקסטנס אַ פּאָר שורות פון אייך, דאָס איר האָט ער־האַלטן מיינע געדיכטע און אייער פּאַמפלעט וועל איך עס בעטראַכטן אַלס צייכן פון פיינדליכקייט און איך וועל דעם 22סטן דעצעמבער ניט ערשיינען אין קעמ־ברידזש(1), צו אייער פּאַרלעזונג. איך בין יעצט אין פאַל ריווער געשעפטס האַל־

בער און אויב איר וועט מיר ווען אַנטוואָרטן איז מיין אַדרעסע

M. Rosenfeld, 96 Henry st.
New York.

---

(1) דאָס שטעטל, וואו עס געפינט זיך דער האַרוואַרד אוניווערסיטעט. פּראָפעסאָר ווינער האָט געהאַלטן אַ פאָרלעזונג וועגן מאָריס ראָזענפעלדן און ראָזענפעלד האָט געלייענט זיינע אייגענע לידער.

## 18

Lawrence mass. Dec. 16/97.

ווערטער פּראָפעסאָר לעאָ ווינער,

ענטשולדיקט מיין האַסטיקייט. איך וועל זיין נאָך שבת אין באָסטאָן וועלן מיר זיך אויסטענהן. אַ געוויסער געדאַנק האָט מיר געגעבן אורזאַכן צום גלויבן אַז איר זייט בייז. מער קיין נייעס פאָרלויפיק. איך וועל פּאָזיטיוו ערשיינען צו אייער לעקטשור און דאַנק אייך פון הערצן פיר אַלעס וואָס איר טוט פיר מיך מיט אַכטונג און איבערגעבנהייט אייער גאַנץ געטרייער

Morris Rosenfeld

## 19

Lawrenc mass Dec. 18/97.

טייערער פריינד פּראָפעסאָר לעאָ ווינער,

עבן יעצט האָב איך ערהאַלטן פון ניו יאָרק אייער צווייטן בריוו. אייך וועט געוויס יעצט ניט וואונדערן מער וואָרום איך האָב אייך באַלד ניט געאַנטוואָרטעט עס איז ניט מיין שולד אייערע בריוו האָבן פריער געמוזט גיין נאָך ניו יאָרק און דאַן פון דאָרט צוגעשיקט ווערן צו מיר. כסדר: איר האָט געוויס בעקומען מיין פ"ק און איר ווייסט שוין דאָס איך וועל צור בעשטימטער צייט זיין אין באָסטאָן זיך זען מיט אייך און זיך גלייכצייטיק דורכריידן וועגן אונזערע מיספערשטענדניסע וועגן ל. קאָנס רייד צו בעראָזאָווסקי ווייס איך גאָר ניט, איך האָב קיין מאָל צו קיינעם, צו קאָנען געוויס ניט, דערמאָנט קיין האַלבע זילבע וועגן מיין ווידמען דאָס „ליעדער־בוך" צו אייך. איך האָב דאָס געטאָן, דאָס הייסט איר האָב אייך געווידמעט מיין בוך ניט האָבנדיק דערביי קיין געלטלעכע אָדער אירגענד־

וועלכע אינטערעסע, איך האָב אייך געווידמעט מיינע לידער נאָך דערפאַר וואָס איך האָב אויסגעפונען דאָס איר זייט אַ פריינד און זאָגאַר גוואַלדיקער פערטיידיקער פון דער אָרעמער פערהאַסטער שפּראַכע אין וועלכע איך האָב אויסגעגאָסן אַזוי פיל געפילן און פיר וועלכער, איך קאָן זאָגן, איך האָב געאָפּפערט די בעסטע צייט פון מיין לעבן, מיין יוגנט! איך שרייב אייך נאָך איין מאָל און איך מיין פּאָזיטיוו וואָס איך שרייב, דאָס איך פערבלייב אייער וואַרער פריינד אָן שום פערלאַנגען פון אייך מיט עטוואָס בעלוינט צו ווערן. איך דאַנק אייך פיר אייער וועלן טאָן פיר מיר פונקט אַזוי ווי איר וואָלט פיר מיך זער פיל געטאָן זעענדיק אַז איר אַנט־וואָרטעט מיר ניט מיינע בריוו האָב איך געדיינקט דאָס דער ליטעראַרישער טוי־געניכטס „פּראָפעסאָר" זעליקאָוויטש, האָט זייענדיק אין באָסטאָן עפּעס אָנגערעדט אויף מיר פאַר אייך. דער מאַן ווייס דאָס איך האָס אים און אַזוי ווי איך האָב ער־פאַרן דאָס ער האָט גערעדט מיט אייך, האָב איך געדיינקט דאָס ער האָט בענוצט זיין געוויינלעך אַלטן כאַראַקטער צו מאַכן אינטריגעס. אייער פאָטער האָט מיר אפשר טויזנט מאָל געבעטן אויב איך וועל שרייבן צו אייך זאָל איך אייך וואָרענען פאַר דיזן שורקע וועלכער קען אַ מענשן ברייגנען אויף דער תליה ווי ער האָט עס אויך פערזוכט צו טאָן אין די לענדער פון וואו מען האָט אים אַרויסגעטריבן. פערצייט מיין טעות. איך בלייב אויף אימער אייער זער דאַנקבאַרער פריינד

Morris Rosenfeld

## 20

New York, Janu 6-98.

ווערטער פּראָפעסאָר לעאָ ווינער,

אייער פּ"ק ערהאַלטן. איק שיק אייך 4.33 צײַלן און ווערדע מיך בעשטרעבן ווי אמשנעלסטן אויך די לעצטע צוצושיקן. איך וואָלט אָבער וועלן וויסן וועלכע פון די לידער איר נעמט אַריין אין דיזער זאַמלונג און וועלכע איר לאָזט אויסן. האָט איר דאָס געדיכט די „פעלער האַנט"? האָט איר די „מעשה בראשית" פון דעם ערשטן נומער „די צייט" פון דאַליצקעס זשורנאַל? און וואָס מיינט איר מיט דעם „אַרבייטערס מאַי"? מיינט איר ניט פיליכט „די נאַכטיגאַל צום אַרבײ־טער"(1) וואו עס הייבט זיך אָן מיט דיזע צײַלן:

„שוין זומער איז היינט שוין זומער איז היינט
דו ערסט ווי איך פייף דיר אַ ניגון"?

אָדער איר מיינט איין אַנדער געדיכט זייט אַזוי גוט און שרייבט מיר פאַר־

איינס ווי איר רעכנט צו מאַכן די אָרדנונג. איך גלויב עס זאָלן גיין אַ ר ב ײ־ ט'ע ר ל י ד ע ר סעפּאַראַט, נאַציאָנאַלע סעפּאַראַט. און געמישטע געדיכטע, ווי די אויך סעפּאַראַט(2). ווען איך וועל וויסן דעם צעטל פון אייערע איבערשריי־ בונגען וועל איך אייך קענען ראַטן ווי די אָרדענונג צו מאַכן. ווערטער פּראָפעסאָר זאָנטאג דעם 30סטן יאַנואַר וועל איך זיין אין באָסטאָן און וועל דאָרט אבגעבן איין קאָנצערט צו מיין אייגענעם בענעפיט. דער קאָנצערט וועט שטאטפינדן אין „יוניאָן האָל״ 164 קאַנאַל סטריט באָסטאָן (נעבן יוניאָן דיפּא) וואָלט ניט מעגליך זיין דאָס איר זאָלט אין איינער פון די באָסטאָנער געלעזענע צייטונגען וועגן מיר עפּעס שרייבן און פיליייכט זיך בענוצן מיט דער „וואָרלד״ דאָס וואָלט מיר אַ גרוי־ סע טובה געטאָן.

מער קיין נייעס פאַרלויפיק. האָפנדיק אַז איר וועט בעאַנטוואָרטען מיין שרייבן פערבלייב איך מיט אַכטונג אייער גאַנץ ערגעבנסטער

(1) די „פעלער האַנד״ איז נישט אַריין אין The Songs from the Ghetto די אַנדערע אויסגערעכנטע לידער — יאַ.

(2) די אָרדענונג אין דעם בוך איז געווען ווי ראָזענפעלד האָט פאָרגעשלאָגן: .Songs of Labor; National Songs; Miscellaneons

21

New York Janu 1oth/98.

ווערטער פּראָפעסאָר לעאָ ווינער,

מיר טוט זער לייד וואָס איך האָב אייער בריוו ניט ערהאַלטן, דען לויט איר שרייבט האָט איר מיר געשיקט אַ בריוו.

כסדר: איך שיק אייך דאָ 5 לידער וועלכע האָבן לויט מיינער מיינונג אַ גרויסן ווערט יעדער פּאָעזיע אין אַן אַנדער ארט, נאַטירלעך. „דעם דיכטערס טויט״ איז גלויב איך אַ טייערע שטיק ליריק. „די צוויי גייסטער״ זיינען זער אָריגינעל און ענטהאַלטן אַ רייכן זין. און „נאַטור און לעבן״ איז אַ וואַרהייט אויסגעשפּראָכן אין איין שענער פאָרם. די „נאַכטיגאַל צום אַרבייטער״, ווייסט איר דאָך. און „צו די בלומען אין הערבסט״ איז נאָך מיינער אנזיכט אַ גוטעס געדיכט עס דערצעלט עטוואָס עס דריקט אויס אַ שמערץ. אַ געבערטע אונצופרידנהייט. וואָס איך וואָלט אייך געוואָלט בעטן איז איר זאָלט אַזוי פריינדליך זיין און ניט פאַרוואַרפן די קאָפּיעס פון די אַלע לידער וואָס איך שיק אייך צו. איך וועל זיי אַלע געברויכן די וואָס איר האָט שוין פערניכטעט איז פאַרפאַלן די איבעריגע זייט אַזוי גוט און

בעהאַלט. איך האָב גלייך פערשטאַנען אַז איר וועט זיך ניט קענען „באדערן" מיט די דאָרטיגע טעגליכע צייטונגען איך גלויב אַז זיי קענען מיר גאָר ניט ניצליך זיין, סיי ווי סיי.

פאַרלויפיק מער קיין נייעס אייער גאַנץ ערגעבענסטער

Morris Rosenfeld
96 Henry st., New York

22

96 Henry st.
New York, Janu 12/98.

ווערטער פראָפעסאָר לעאָ ווינער,

איך האָב אַ סך לידער וואָס פיר יידן וואָלטן זיי זער גוט זיין אָבער איבער־טראָגן זיי אין ענגליש וועלן זיי זיך פיל פערלירן. איך שיק אייך דערוויילע איי־ניקע געדיכטע. איך גלויב אַז דאָס געדיכט „צו אַ טייכעלע" איז דאָס בעסטע פון די „לאָט" (פעקל). „מעשה בראשית" איז אָבער אַ ריין יידיש־ביבלישע לעגענדע און איך פערשטע ניט פיר וואָס דאָס זאָל ניט אַריינקומען צווישן די באַלאַדן, איך וייס אַז „מעשה בראשית" איז אַ געלונגענע באַלאַדע. דאָס געדיכט „אַ טרער" וואָס איך שיק אייך דאָ געפינט זיך זאָגאָר אין לידער־בוך דאָ איז עס אָבער פיל בעסער און קען פאָלשטענדיג געדרוקט ווערן אין אירגענד איין פאָעטישן בוך. די איבעריגע לאָז איך איבער צו אייער אורטייל. איך שיק אייך דריי ביכער אָבוואל איך האָב ניט געענוי פערשטאַנען פון אייער בריוו וואָס איר גייט טאָן מיט זיי. פאָר־לויפיק מער קיין נייעס איך גריס אייך זער פריינדליך אייער גאַנץ ערגעבנסטער

Morris Rosenfeld

מיינע לידער פון די „וואָרלד" זיינען איבערגעדרוקט געוואָרן אין פילע ענגלי־שע און יידיש־ענגלישע צייטונגען.

23

96 Henry st.
New York.

ווערטער פראָפעסאָר לעאָ ווינער,

אייער פ"ק ערהאַלטן. איך קען זיך פאָרשטעלן ווי שווער איר האָט געמוזט

אַרבייטן אום אין אַזאַ קורצער צייט אַזוי פיל אַרבייט צושטאַנדע צו ברייגנען. איך בין גאַנץ ערפרייט איבער די נאַכריכט דאָס אין דעם קומענדן נומער „מנורה" וועט זיך געפינען אייער אַרטיקל וועגן מיר. די אייראָפּייאישע יידישע פּרעסע ווי „דאָקטאָר בלאָכס וואָכנשריפט"(1) פון ווין און די „אַללגעמיינע אידישע צייטונג דאס יודענטהומס" האָבן געדרוקט אויסצוגע פון די "Nation"(2) וועגן מיר, זיי האָבן אָבער אַלע געמאַכט אַ גרויסן פעלער: זיי רופן מיך דאָרט „מאָריטץ ראָזענטהאַל" אנשטאט מאָרריס ראָזענפעלד.

עס וועט מיר זער פרייען פאָרצוטראָגן מיינע געדיכטע אין דעם „טווענטי סענטשורי קלוב"(3) איך וועל דאָרט געוויס זיין צו דער בעשטימטער צייט. ווער דזשאָרזש רעזאָנדייל(4) איז ווייס איך ניט. מיט גרוס אייער

Morris Rosenfeld
Janu 24-98.

(1) Bloch's Oestreichische Wochenschrift פון 17טן דעצעמבער 1897 האָט געבראַכט אַ קורצע נאָטיץ, אַז „די לידער פון דעם געוועזענעם שניידער, דעם זשאַרגאָן־דיכטער מאָריץ ראָזענפעלד ווערן געלויבט אין דער אָנגעזעענער ניו־יאָרקער צייטשריפט „דהי נעישאָן", ווי קלאַסישע פּאָעזיע".

(2) זע הערה 1, צום בריוו פון 13טן אָקטאָבער, 1897.

(3) אַ באַקאַנטער ניו־יאָרקער קלוב פון שרייבער און קינסטלער.

(4) דער דיכטער סיימאָן ראָזדייל (1842 — 1937) איז געווען אַ באַקאַנטער כלל טוער. ער איז אַ צייט געווען וויצע־פּאָרזיצער פון דער יידישער־היסטאָרישער געזעלשאַפט.

24

96 Henry st.
New York

ווערטער פּראָפעסאָר לעאָ ווינער,

איך האָב געלעזן אייער אַרטיקל אין דער „מנורה"(1) און עס האָט מיר וויי געטאָן דאָס הערץ קוקנדיק אויף די הונדערטע דרוק פעלער וועלכע דאָרט געפינען זיך אין די ציטאַטן פון מיינע לידער, עס איז שרעקליך, פירכטערליך צומערדערט! גאַנצע ווערטער זעצע און געדאַנקען זיינען אַזוי צעשעדיקט אַז מען קען גאָר נישט וויסן וואָס דאָרט טוט זיך. אנשטאט „עס טרעשטשעט דער מאסט בוים, דער זעגל ער ציטערט". שטייט אין דער פינסטערער „מנורה": „עס טרעשטשעט דער זעגל ער ציטערט" בערעכנט אַ מין סקאַנדאַל! די שמוציקייט פון אַ רעדאַקטאָר אַדורכצולאָזן אַזעלכע פעלער! — דאָס איז נאָך אָבער נישט אַלעס, עס זיינען דאָ

געגוג און איבערגעגוג גרייזן אנשטאט: „שטימט ער אָן זיין ה אַ ר ף און שפּילט“ שטייט: „שטימט ער אָן זיין ה ע ר ץ און שפּילט“ אין איין אָרט האָט איר אַליין אויך געמאַכט אַ גרויסן פעלער; דאָס וואָרט חשבון וואָס מיינט אייגנטלעך ר ע כ ע נ ו נ ג, איבערזעצט איר End „אַרבעט אָן ח ש ב ו ן“, איבערזעצט איר “Wnthout End” דאָס איז אַ שרעקליכער פעלער, וואָס פערלעצט דעם גאַנצן זין. דאָס איז נאָך אָבער נישט אַלעס, אנשטאט: „שפּילעכל איז א י צ ט ע ר די שיף ביי די וועלן“, שטייט גאָר „אַ שפּילעכל איז א י צ ט די שיף ביי די וועלן“. מיט איין וואָרט עס זיינען דאָ אַזוי פיל דרוק פעלער אַז עס נעמט אָן אַ נישט גוטקייט קוקנדיק אויף זיי. שאדע וואָס אַזאַ גאָלדענער אַרטיקל איז אַזוי מיאוס „צובאטשט“ געוואָרן אין דיזער צייטונג.

וואָס איך וואָלט יעצט וועלן איז, דאָס אויב דער פּובלישער וועט אָננעמען מיין בוך צום דרוקן זאָל איך קענען דורכזען אַלע פּראָבעס פון דעם אָריגינאַל, זאָנסט בין איך איבערצייגט וועט מוזן אַרויסקומען דער בוך מיט טויזנטער גרייזן. די זעצער זיינען דאָך גויים און דער זשאַרגאָן איז אַ שפּראַך וואָס זיי פערשטייען נישט, זיי מוזן מאַכן פעלער. איר האָט מיר געבעטן איך זאָל אייך צושיקן מאַנכע סקיצן. איך האָב אַלזאָ אויסגעזוכט שארקאנסקיס סקיצן אויב זיי געפעלן אייך קענט איר זיי געברויכן. איך גלויב, אַז מאַנכע זיינען רעכט שיין איר וועט מיר שפּעטער הין אַזוי פריינדליך זיין צו שרייבן אויב איר געברויכט זיי. זאָנסט וועל איך אים מוזן אָפּגעבן די בלעטער.

איך האָב געהאַט אַ געפערליכע „יאַזדע“, אונזער שיף איז שיער אונטערגעגאַנגען, מיר זיינען געוועזן אין די גרעסטע געפאַר, 4 שטונדן איז די שיף געוועזן פאַראַנקערט אויפן מיטן שטורמישן וואַסער. אוי וויי מיט וואָס׳ר אַ ים צרות דער ים וואָלט זיך צוזאַמענגעמישט, ווען איך וואָלט דערטרונקען געוואָרן!

מער קיין נייעס פאָרלויפיק, אייער ערגעבנסטער

Feb. 3rd-98, Morris Rosenfeld

(1) The Menorah, February, 1898. דאָס אַרטיקל טראָגט דעם נאָמען „אַ פּאָעט פון ניו־יאָרקער געטאָ“. ווינער שרייבט דאָרטן, אַז די יידישע שרייבער „זיינען פאַרכאַפּט געוואָרן פון אַ שטאַרקן אַמעריקאַנער גייסט און אין אַ דור אַרום וועט זייער שפּראַך זיין אַן אַנאַכראָניזם. דערוויילע זיינען זיי פּיבעריש אַקטיוו. איצטער אַז זיי קאָנען שרייבן וואָס זיי ווילן, האָבן זיי זיך צוגעכאַפּט אַרויסצוגעבן פּאָליטישע צייטונגען, וואָס זייער צאָל איז גרעסער אין ניו־יאָרק אַליין ווי אין גאַנץ רוסלאַנד צווישן יידן; אָדער זיי פאַרעפנטלעכן סאָציאַליסטישע לידער ווו די סאָציאַליסטישע דאָקטרין האָט די אויבערהאַנט איבער פּאָעזיע, בעת דאָס טעאַטער איז געפאַלן צו די טיפסטע טיפעניש פון נאַרישקייט און געשמאַקלאָזיקייט. עס זיינען דאָ אַ פּאָר אויסנאַמען צו דעם שנעלן פאַנאַנדערפאַל, וואָס צו אים זיינען אויסגעזעצט אַלע פרעמדע עלעמענטן אין אַמעריקע. דער שטאַרקסטער צווישן זיי איז דער שניידער־פּאָעט מאָריס ראָזענפעלד“ (ז׳ 92) ווינער

שטעלט ראָזענפעלדס טאַלאַנט אַזוי הויך, אַז ער שרייבט, אַז „אין באַלאַדן ווייזט דער פּאָעט אַרויס זיין גרעסטע מייסטערשאַפט, וואָס ווערט קוים איבערגעשטיגן פון די גרעסטע פּאָעטן אין דער וועלט" (ז' 97).

25

New York Feb. 9th 98.

ווערטער פּראָפעסאָר לעאָ ווינער,

איך פאַרשטיי נישט וואָרום איך האָב נישט ערהאַלטן די פערשפּראָכענע קאָפּיעס פון דעם "Transcript"(1) איך האָב זיי געדאַרפט אַזוי נויטיק ווי דאָס לעבן, איך האָב בלויז איין קאָפּיע ערהאַלטן. דאָ איז געוועזן נעכטן ביי מיר אַ ראַפּאָרטער פון דעם ניו־יאָרקער „טריביון" און האָט ביי מיר געבעטן דעם „טראַנסקריפּט" פון וואַנען ער וייס פון דעם אַרטיקל וועגן מיר אין „טראַנסקריפּט" און פון וואַנען ער וייס מיין אַדרעסע וייס איך נישט. נאָר דאָס איז קיין פראַגע. — איר וועט מיר ענטשולדיקן פיר מיין בעלעסטיקן אייך, איך וואָלט עס אייך נישט געבעטן ווען איך וואָלט עס קענען בעטן אַן אַנדערן. האָפענדיק אַז איך וועל נאָך שבת ערהאַלטן פון אייך איין בריוו, פערבלייב איך אייער גאַנץ ערגעבענסטער און עוויג דאַנקבאַרער

Morris Rosenfeld

(1) דער Transcript איז אַ באָסטאָנער צייטונג און דאָס אַרטיקל וועגן וועלכן ראָזענפעלד רעדט דאָ איז דערשינען דעם 18טן פעברואַר, 1898.

26

96 Henry St., New York.

(צווישן דעם 9טן און 13טן פעברואַר 1898).

ווערטער פּראָפעסאָר לעאָ ווינער,

אייער בריוו מיט דעם אויסשניט פון „טראַנסקריפּט" האָב איך ערהאַלטן. איך דאַנק אייך זייער פיר אייער וואַרעמער טיילנאַמע אין מיינע שריפטן. מערקווירדיק איז עס, דאָס זייט איר האָט זיך אָנגעהויבן צו אינטערעסירן וועגן מיינע געדיכטע, איז געוואָרן אַ גאַנצע איבערקערעניש אין ניו־יאָרקער „חזיר־מאַרק". אַלע שרייבער האָבן אָנגעהויבן צו זוכן בעקענשאַפט און איבערזעצער. איר זייט געוועזן, ווי די

ווייבער זאָגן: „אַ גוטער אויף אַן אָנהויב״. מיסטער האָולס(1) האָבן איך נאָך נישט געזען און גאָט ווייס, אויב איך וועל גאָר האָבן די געלעגנהייט אים צו זען!

איך האָב פאַרגאַנגענעם שבת, דעם 5טן פעברואַר, פאַרגעטראָגן מיינע געדיכטע אין 95 ריווינגטאָן־סטריט אין די הויז פון דעם „קאָלעדזש־סעטלמענט״, וואו עס וואַרן צו געגן פּראָפ׳ זעליגמאַן(2) פון קאָלאָמביע קאָלעדזש און פּראָפעסאָר האָשלי (Ashly) פון האַרוואַרד אוניווערסיטי. פּראָפ׳ זעליגמאַן זאָגט, אַז ער האָט מיך פאַרשטאַנען. נאָך דער פאָרלעזונג האָט מיס קינגסבערי(3), די „העד־ליידי״ פון דיזן סעטלמענט, אַנאָנסירט אַז מיינע געדיכטע וועלן ערשיינען אין ענגלישער איבערזעצונג. און פּראָפ׳ האָשלי האָט מיר געדאַנקט פאַרזיכערנדיק מיר, אַז ער וועט מיך מאַכן באַוואוסט (ווי אַזוי ווייס איך ניט). פאָרלויפיק קען איך אייך קיין געדיכטע נישט שיקן. איך מוז זיי ברענגען אין אַ בעסערע אָרדענונג. איך האָף ענדע וואָך אייך מאַנכע געדיכטע צוצושיקן.

איך וואָלט אייך געוואָלט אויפמערקזאַם מאַכן אויף אַ קליינעם פעלער אין אייער איבערזעצן מיין ליד „דער בית־עולם־סאָלאָווײ״. איך האָב געשריבן: „שטימט ער אַן זיין האַרף און שפּילט״ און איר האָט געמאַכט פון דעם וואָרט האַרף — ה ע ר ץ, איך מיין harp, harpe נישט herz:

„אויף דעם גרויסן וועלט־בית־עלמין
קרעכצט ער טרויעריקע פּסאַלמען
שטימט ער אַן זיין harpe און שפּילט״.

איך האָב בלויז אָפּגעקירצט דאָס וואָרט ה אַ ר פּ ע אויף האַרף, צוליב דעם מעטרום.

איך שיק אייך דאָ מיט דיזן בריוו איין אויסשניט פון „אַבענד־בלאַט״ וועגן די „טווענטי סענטשורי קלוב״. וואָס דענקט איר וועגן מיין ראַפּאָרט? נישקשה, דאַכט זיך מען מעג עס לעזן.

הלוואי וואָלט עס געזען מיסטער מידי!(4)

פאָרלויפיק מער קיין נייס. איך דאַנק אייך טויזנט מאָל פיר אַלעם וואָס איר האָט ש ו י ן געטאָן פיר מיר און דאַנק אייך באַצייטנס פיר דעם וואָס איר דענקט וועגן מיר צו טאָן. אייער גאַנץ ערגעבנסטער

Morris Rosenfeld

נ״ב. וואָס עס הערט זיך מיטן פּובלישער ווייסט איר נאָך נישט מן הסתם. איך וואָלט אייך זייער דאַנקבאַר געווען, ווען איר זאָלט מיר צושיקן די איבערזעצונג פון מיין ליד „צו די בלומען אין הערבסט״.

ד״ז.

**נ״ב. אויב איר וועט נישט האָבן דאַגעגן, וועל איך מיט דיזן בריוו איינשליסן מיינע אַ „מעשה״, וואָס איז ערשינען אין אַ היגער צייטונג. איך ווייס נישט ווי די זאַך איז איבערגעגעבן, אַ קריטיק איז דאָ אָבער פאַראַן אַ פּייערדיקע. דאָס איז אַרומגענומען דאָס גאַנצע יידישע לעבן, איר וועט שוין זען וואָס דאָס איז. איך שיק אייך אויך מיינעם איין אַרטיקל: „ירמיה און ישעיה״. שרייבט מיר ד ע ם ר יי־ נ ע ם א מ ת, ווי געפעלט אייך מיין פּראָזע?**

---

(1) וויליאַם דין האועלס (1837 — 1920) איינער פון די אנגעזעענסטע אַמעריקאַנער נאָוועליסטן פון סוף 19טן יאָרהונדערט, אַ באַקאַנטער ליבעראַל און הומאַניטאַריער. מחמת זיין גרויסן רעספּעקט פאַר דער רוסישער ליטעראַטור, האָט ער אויך אַרויסגעוויזן אַן אומגעווינטלעכע פאַראינטערעסירטקייט אין דעם רוסיש־יידישן אימיגראַנט. זען זיין סימפּאַטישע באַשרייבונג פון דער ניו־יאָרקער געטאָ א״נ: "An East Side Ramble", אין *Impressions and Reflections*, ניו־יאָרק, 1896, ז׳ 140; אויך אַב. קאַהאַן, „בלעטער פון מיין לעבן״, ב׳ 2.

(2) עדווין ר. זעליגמאַן (1861 — 1939), פּראָפעסאָר פון קאָלאָמביע אוניווערסיטעט, רעדאַקטאָר פון דער *Encyclopedia of Social Sciences* און באַרימטער אַמעריקאַנער עקאָנאָמיסט. אין די אַכציקער יאָרן פונעם לעצטן יאָרהונדערט, בעת דער רוסיש־יידישער מאַסן־אימיגראַציע, האָט ער זיך שטאַרק אינטערעסירט מיטן מצב פונעם רוסיש־יידישן אימיגראַנט. פּראָפעסאָר זעליגמאַן האָט ספּעציעל מיטגעאַרבעט אין יענע אינסטיטוציעס, וואָס האָבן געוואָלט העלפן דעם אימיגראַנט זיך פאַרנעמען מיט מלאכה אָדער ערד־אַרבעט. די לעצטע יאָרן פאַר זיין טויט האָט ער זיך אַזוי אָפּגעפרעמדט פון יידן, אַז ער האָט אפילו ניט געוואָלט, אַז מ׳זאָל אים פאַררעכענען פאַר אַ ייד. זען: Simon Joseph, *History of the Baron de Hirsh Fund*, New York, 1935, pp. 27-35

(3) דאָס איז די באַקאַנטע סאָציאַלע טוערין, די שפּעטערדיקע מר״ס סימכאָוויטש (געשטאָרבן 1951). מר״ס קינגסבורי־סימכאָוויטש איז דעמאָלט נאָר וואָס געהאַט אנגעקומען אין דעם „יוניווערזיטי סעטלמענט״, וואָס האָט אַ נאָמען אין די אינטעלעקטועלע קרייזן. זי האָט געהאַט שטודירט אין דייטשלאַנד און אין איר בוך *Neighborhood* (1938) שרייבט זי אַז איידער זי האָט איבערגענומען איר נייעם אַמט האָט זי „געלייענט עמיל פראַנצאָז און די דערציילונגען פון אַב. קאַהאַן, כדי זיך צו באַקענען מיטן הינטערגרונט פון די נײַ־צוגעקומענע אין דער געגנט... פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב זיך געלערנט יידיש. מיין לערער איז געווען אַ קלובײנגל פון דעם „יוניווערסיטי סעטלמענט״ און איצטער אַ באַקאַנטער דערציער. גאָר בקרוב האָב איך פּאַמעלער געקאָנט איבערלייענען אַלע יידישע שילדן, לייענען יידישע צייטונגען און הנאה האָבן פונעם יידישן טעאַטער״ (זז׳ 61־62). וועגן „יוניווערסיטי סעטלמענט״ זען אויך אַב. קאַהאַן, דצ״וו, ב׳ 3, ז׳ 276.

(4) מיר איז געווען דער פאַרלעגער פון „דהי סאַנגס אוו דהי געטאָ״.

27

96 Henry st.
New York
Feb. 13th 1898.

טייערסטער פריינד פּראָפעסאָר לעאָ ווינער,

ערהאַלטענדיק דיזע געדיכטע, וועלכע איר געפינט מיט דיזן בריוו, וועט זיך אייך אויפקלערן וואָרום איר האָט די זעלבע פריער נישט בעקומען: איך האָב זיי געדאַרפט צוזאַמען זוכן פון פערשידענע צייטונגען און זשורנאַלן, דאָס האָט גענומען פיל צייט. איך בין זיכער, אַז אַזוי ווי איר ווייסט דאָס דיזע געדיכטע זיינען ביי מיר זער ציטעריג, וועט איר געוויס אויפפּאַסן זיי זאָלן נישט פערלאָרן גיין. איך האָב צו הויזע קיין קאָפּיע געלאָזן פון קיין איינציגעס געדיכט וואָס איר בעקומט דאָ יעצט.

אייער פ"ק אין וועלכע איר שרייבט מיר וועגן האַוואַרדס (האַרוואַרד אוני־ווערסיטעט) דייטשען פּעראיין, האָב איך ערהאַלטען און געלעזן מיט די גרעסטע זעלען־צופרידנהייט. איר זייט מיין רעטער און וואָלטעטער, איך האָב אייך פּילעס צו פערדאַנקען, אויב נישט אַלעס. דאָס געדיכט „צו די בלומען", וועלכעס איך האָב פערלאַנגט פון אייך, האָט ביי מיר מיסטערFilene[1] געבעטען, פער־זיכערנדיג מיר, אַז זיינער אַ גוטער פריינד, איין מאלער וועט דאפון מאַלן איין בילד. מיך אַרט אָבער אַ האָר נישט, וואָס איר האָט עס מיר נישט געשיקט, וואַר־שיינלעך ווייסט איר בעסער. די געבילדעטע וועלט איז גאַנץ איבעראַשט פון אייער איבערזעצונג אין באָסטאָן „טראַנסקריפּט". און איך בין איבער גליקלעך צו האָבן מיינע געדיכטע אַזוי ערהאבן און רייך איבערזעצט.

אַ ראַפּאָרטער פון דער ניו יאָרקער „טריביון"(2) האָט גענומען מיין בילד און די בילדער פון מיינע קינדער, אייער אַרטיקל אין „טראַנסקריפּט" האָט עס דעם געגאנטן ראַפּאָרטער אַהער געבראַכט. מיר איז אַ חידוש וואָרום עס איז וועגן מיר נישט ערשינען אין היינטיקן „טריביון", וואַרשיינלעך קומט עס שפּעטער. (עס האָט דאַכט מיר היינט געדאַרפט ערשיינען) איך האָב בעקומען איין בריוו פון פּראָפעסאָר זעליגמאַן אין וועלכן ער פערזיכערט מיר צו אַראַנזשירן פון מיינעטוועגן עטליכע פאָרלעזונגען, די ערשטע פאָרלעזונג, שרייבט ער מיר, וועט מסתמא שטאַטפינדן ביי זיין פריינד, דר' פעליקס אדלער(3).

אָ, ווען איך וואָלט אייך געקענט האָבן דערביי! אָן אייך בין איך אַ טויטער מענטש, איך ציטער איבער מיין האַלטונג, אין דיזער פיר מיך גאַנץ נייער און עלע־גאַנטער וועלט. פאָרלויפיג מער קיין נייעס, אייער עוויג דאַנקבאַרער פריינד

Morris Rosenfeld

## י. ליפשיץ

ג״ב. שרייבט מיר אַ מיינונג איבער די געדיכטע וואָס איך האָב אייך געשיקט.

---

(1) דאָס איז אָדער וויליאַם פּילין, דער אייגנטימער פון דעם גרויסן באָסטאָנער דעפּאַרט־מענט געשעפט אָדער איינער פון זיינע צוויי זין עדוואַרד אָדער לינקאָלן, וואָס זיינען שטאַרק באַרימט ווי אויטאָריטעטן אין געשעפטס־פירונג.

(2) איך האָב דורכגעקוקט אַלע נומערן פון 10טן פעברואַר ביזן סוף חודש און ניט געפונען אַזאַ בילד.

(3) דר׳ פעליקס אַדלער (1851 — 1933), דער גרינדער פון דער געזעלשאַפט פאַר עטישער קולטור, לאַנגיאָריקער פּראָפעסאָר פון קאָלאָמביע אוניווערסיטעט און אָנגעזעענער לעקטאָר און שרייבער וועגן פילאָזאָפישע און קולטור־פּראָבלעמען. דר׳ פעליקס אַדלער איז געווען אַ זון פון ראַבינער דר׳ סעמועל אַדלער פון טעמפּל „עמנואל״. נאָך זיין צוריקקומען פון דייטשלאַנד וואו ער איז געפאָרן זיך צוגרייטן איבערצונעמען זיין פאָטערס אַמט האָט ער זיך צוריקגעצויגן ניט נאָר פון יידישער טעאָלאָגיע, נאָר פון יעדן נאָענטן קאָנטאַקט מיטן לעבעדיקן יידישן לעבן. די עטישע געזעלשאַפט איז באַשטאַנען און באַשטייט לרוב פון יידן, וואָס אפילו דער רעפאָרמירטער טעמפּל איז פאַר זיי צו יידיש־רעליגיעז.

28

New York Feb. 15-98.

ווערטער פּראָפעסאָר לעאָ ווינער,

אייער בריוו ערהאַלטן. איך ווייס נישט ווי אַזוי איך קען צוקומען צו פּראָפ׳ זעליגמאַן האָבנדיק מיט אים אַזאַ קליינע בעקאַנטשאַפט. נאָר איך וועל „טריי׳ען מיין בעסט״, איך האָב זיך בעקאַנט געמאַכט מיט אַ גרויסאַרטיגע ליידי Mrs. Maud Nathan די פּרעזידענטין פון די „קאָנסיומערס ליג״, זי איז איינע מיליאָנערין און אַ מיטאַרבייטערין אין "The North American Rewiew"(1) זי וועט מיר געוויס געבן איין שרייבן. איך וועל אייך אויך צושיקן דר׳ גאָטהיילס(2) אַ בריוו צו מיר. מיט אַכטונג אייער גאַנץ ערגעבנסטער

מאָרריס ראָזענפעלד.

ג״ב. ווי איך פאַרשטיי, האָט איר נאָך אַלע געדיכטע נישט געלעזן. צווישן די געדיכטע וואָס איך האָב אייך געשיקט געפינען זיך בעסערע ווי דער „טהרערן מיל־יאָנער״.

ד״ז.

---

(1) מרס. מאוד נייטן (1862 — 1946) האָט געשטאַמט פון דער באַקאַנטער ניו־יאָרקער ספרדי־שער משפחה וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַ צאָל כלל־טוער, ליטעראַטן און אָנגעזעענע געשעפטסלייט. מרס. נייטן איז געווען אַ פירנדיקע סופראַזשיסטקע, פּרעזיצערין פון „קאָנסומערס ליג׳ און אויך־

אַקטיוו אין יידישע וואוילטעטיקע און געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס. זי האָט מיטגעאַרבעט אין וויכטיקע זשורנאַלן און פאַרעפנטלעכט עטלעכע ווערק. דאָס לעצטע (1939) Once Upon a Time and Today צוויי בענדער זכרונות, וואָס האָבן אַ סך מאַטיריאַל וועגן אַמאָליקן לעבן פון די רייכע יידן אין ניו־יאָרק.

(2) ריטשאַרד, דזשיימס, האַריישאַ גאָטהייל (1862 — 1936), אַמעריקאַנער אָריענטאַליסט. פּראָפעסאָר פון סעמיטישע שפּראַכן אין קאָלאָמביע אוניווערזיטעט, איינער פון די ערשטע אַמע־ריקאַנער ציוניסטן און געוועזענער לייטער פון דער אָריענטאַלישער אָפּטיילונג אין דער ניו־יאָרקער עפנטלעכער ביבליאָטעק.

29

96 Henry st.
New York

ווערטער פּראָפעסאָר לעאָ ווינער,

איך בין היינט געווען ביי פּראָפ׳ זעליגמאַן און ער האָט מיר פערשפּראָכען צו שרייבן וועגן מיינע געדיכטע היינט אָדער מאָרגן, איך גלויב אַז איר וועט עס ער־האַלטן פרייטאָג אָדער שפּעטסטנס, שבת. מיינע פּאָרלעזונגען, האָט זעליגמאַן גע־זאָגט, וועט ער נאָר קענען אַראַנזשירן דאַן, ווען ער וועט האָבן אייניגע פון אייערע פּראָזע איבערזעצונגען. פּראָפ׳ Ashly האָט אים צוגעשיקט אייערע אַרטיקל פון "Transcript" און עס געפאַלט אים זער. פּראָפ׳ זעליגמאַן האָט מיר געזאָגט איך זאָל צו אייך שרייבן, איר זאָלט מיר צושיקן אַ 4 אָדער 5 פון אייערע איבער־זעצונגען, אום ער זאָל זיי אַליין קענען לעזן איידער איך וועל זיי דעקלאַמירן אין יידיש. ער האָט מיר געזאָגט דאָס איך וועל בעקומען 20 דאָלאַר פיר אַ פּאָרלעזונג — מען קען נאָך דערפון נישט געהאָלפן ווערן נאָר עט, בעסער ווי גאָר נישט. די פּאָרלעזונג וואָלט אַלזאָ שוין געקענט שטאַטפינדן ווען איך זאָל האָבן עטליכע אי־בערזעצונגען. דריי איבערזעצונגען וועל איך אַלזאָ האָבן פון „טראַנסקריפּט״ איינע פון די „וואָרדל״ איז 4. וואָס איך וואָלט פערלאַנגט פון אייך איז דאָס, אויב איר ווילט איך זאָל האָבן וואָס צו „קאיען״ און בעצאָלן דעם קומענדן חודש דירה געלט — זאָלט איר אַזוי פריינדליך זיין און מיר צושיקן די פאָלגענדע געדיכטע: „דער אידישער מייא״, „די ליכט פערקויפערין״, „די אָרעמע געזינט״ און „דיא כלה פון דיא בערג״. פערגעסט נישט אַז דאָס וועט זיין אַ גוטער אַדווערטייזמענט פיר אונ־זער בוך, איך האָף אַז איר וועט עס מיר טאָן.

זעליגמאַן האָט מיר געזאָגט אַז פּראָפ׳ Ashly האָט אים געשריבן, דאָס ער וועט עפּעס זען צו טאָן פיר מיר אין באָסטאָן. פּראָפ׳ Ashly וועט אייך ג ע וו י ס געבן עטליכע ווערטער וועגן מיינע געדיכטע. מער קיין נייעס פאָרלויפיג, האָפענ־

דיג אַז, נאָכדעם ווי איר האָט פיר מיר אַזוי פיל געטאָן וועט איר אויך מיין לעצטע ביטע נישט אָפּווייזן. פערבלייב איך מיט האָכאַכטונג און רעספּעקט אייער זער דאַנקבאַרער און גאַנץ ערגעבנסטער

Morris Rosenfeld
February 16th 1898

30

96 Henry st.
New York

ווערטער פּראָפעסאָר לעאָ ווינער,

אייערע מאַנוסקריפּטן האָב איך ערהאַלטן און זיי זיינען שוין אַלע „געטייפּ־רייטער" ביי פּראָפּ' זעליגמאַנס טייפּ רייטער. פּראָפּ' זעליגמאַן האָט מיר געבעטן אונבעדינגט צו שאַפן פיר אים אייער איבערזעצונג פון דאָס געדיכטליין „דער טרערען מיליאָנער". איך האָב אים פערשפּראָכן צו שרייבן צו אייך און פערלאַנגען איר זאָלט עס מיר צושיקן.

די פאָרלעזונג וועט שטאַטפינדען דעם 8טן מאַרץ. פּראָפּ' זעליגמאַן האָט מיר געזאָגט דאָס ער וועט שרייבן צו אייך עס איז גראַדע אויסגעקומען צו רייד און איך האָב אים געגעבן אָנצוהערן דאָס אייערע עקספּענסעס וואָלטן געדאַרפט אומגעקערט ווערן ווען איר זאָלט קומען צו דער פאָרלעזונג. ער האָט געזאָגט דאָס ער איז בע־רייט צו בעצאָלן צען דאָלאַר פיר אייער טיקעט אויב איר וועט קומען. ער וועט שוין מסתמא אַליין שרייבן צו אייך. איך שיק אייך דאָ נאָך איינעם פון מיינע שפּעטסטע לידער. איך גלויב אַז ער איז גוט. איך וואָלט געוואָלט וועלן וויסן די ענדע פון דעם בוך, ווען איר די פּובלישערס דרוקן אָדער זיי פעררייידן נאָר די ציינער?

מער קיין נייעס פאָרלויפיק איך ערוואַרטע איין בריוו פון אייך. אייער גאַנץ ערגעבענסטער פריינד

Morris Rosenfeld
February 28th 1898

נ"ב ווען איר וואָלט געהאַט צייט און געדולד דיזעס געדיכט וואָס איך שיק אייך יעצט אַזוי רירנד ריין און לעבעדיק איבערצוגעבן אין ענגליש ווי דאָס איז אין יידיש און דאָס מיטברינגען מיט זיך צו דער פאָרלעזונג אָדער אויב איר וועט נישט קענען אָדער וועלן קומען, צושיקן דאָס מיר בין איך זיכער אַז דיזעס געדיכט וואָלט גענומען די „ק"ק"(1).

זייט אַזוי גוט און ענטוועדט מיר. אויב „קאפלאנד און דהיי״ וועלן דרוקן מיינע לידער וואָלט דער דאַזיקער געדיכט ג ע מ ו ז ט אַריין קומען אין דער זאַמלונג.

---

(1) מיינט אין אַמעריקאַנער To take the cake פאַלקס אויסדרוק: שטאַרק אויסצונעמען.

31

(סוף פעברואַר 1898)

ליבער און טייערער פריינד פּראָפ׳ לעאָ וויענער.

זייט אַזוי גוט צוגעפינען מיט דיזן שרייבן פּראָפ׳ זעליגמאַנס בריוו, ביטע שיקט עס מיר אָפּ צוריק נאָכדעם ווי איר וועט עס האָבן געניצט. שיקט איר מיר יענע לידער וואָס איך האָב ביי אייך געבעטן בין איך אַ געמאַכטער מענטש, זאָנסט בין איך אויף צרות, אייער גאַנץ ערגעבנסטער

Morris Rosenfeld

32

New York, March 4th, 98.

Prof. Leo Wiener,[1]
My Dear Sir;

I received your letter also the translation for which I am very grafetul to you. I beg to give my most heartily thanks to lady Mrs. Lee for her most beautiful translation of my poem. I was delighted by reading it. I call it: a first class translation. Would you be good enough to ask Mrs. Lee if she would permit me to publich this poem in the *Century* with her name on it? I'll send you my likenes in some of this days.

Yours Respectfully

Morris Rosenfeld.

איבערזעצונג: איך האָב דערהאַלטן אייער בריוו און אויך די איבערזעצונג און איך בין אייך דערפאַר זייער דאַנקבאַר. איך בעט אייך איבערגעבן מיין האַרציקן דאַנק דער ליידי, פרוי לי, פאַר איר זייער שיינער איבערזעצונג פון מיין ליד. איך

בין געווען אַנטציקט ווען איך האָב דאָס געלייענט. איך האַלט אַז עס איז אַן ערשט־קלאַסיקע איבערזעצונג. זייט אַזוי גוט און פרעגט פרוי לי, צי זי וואָלט מיר דער־לויבט דאָס ליד צו פּאַרעפנטלעכן אין Century אונטער איר נאָמען? איך וועל אייך די טעג שיקן מיין פאָטאָגראַפיע.

מיט דרך ארץ

אייער מאָרריס ראָזענפעלד

נ״ב. ווען מיסעס לי וואָלט דורכגעזען נאָך אַ מאָל און פאַרבעסערט דאָס גע־דיכט לויט אייער געשמאַק, וואָלט איך עס פאַרעפנטלעכט אין דער „סענטשורי״(2).

לאָכט ניט פון מיין ענגליש. אין אַ יאָר אַרום וועל איך שרייבן ענגלישע גע־דיכטע... ווען ליידי לי וואָלט נאָך דערצו איבערזעצט דאָס געדיכט „צו מיין עלנט״, אָט וואָלט עס געווען אַ פיינע זאַך!

ד״ז

פון די צוויי געדיכטע, וואָס איך שיק אייך, האָב איך קיין קאָפּיע נישט.

---

(1) כאָטש דער בריוו איז געשריבן אין מאָרים ראָזענפעלדס האַנטשריפט און האָט סטי־ליסטישע און אויסלייג גרייזן, איז ער מסתמא ניט געשריבן געוואָרן פון ראָזענפעלדן, נאָר אוודאי איבערגעשריבן געוואָרן, ווייל ראָזענפעלד האָט נאָך דאַמאָלס געמאַכט די עלעמענטאַרסטע גרייזן ביים שרייבן די גרינגסטע ענגלישע ווערטער. ער האָט אָבער דעמאָלט אַ סך צייט אָפּגעגעבן אויף לערנען זיך ענגליש.

(2) The Century Magazine איז געווען דאַמאָלס דער אָנגעזעענסטער און פאַרשפּרייטס־טער ליטעראַרישער זשורנאַל אין אַמעריקע.

33

New York, March 8/98.

פּראָפעסאָר לעאָ וויענער.

ווערטעסטער פריינד: —

איך דאַנק אייך טויזנט מאָל פיר די בריליאַנטענע איבערזעצונג פון „קאַנאַ־ריק״. אויב איך האָב קיין טעות, איז דיזעס געדיכטליין בעסער איבערזעצט אַלס דאָס ערשטע, דער „טרעהרען מיליאָנער״. זייט אַזוי פריינדלעך און שרייבט מיר ווער האָט דאָס צווייטעס געדיכטליין איבערזעצט?

ווען זאָגט איר, ווער זיין וועגן מיר אין דעם "Bookman"? אין דעם "Bookman" פון מאָנאַט מערץ קען דאָך עס ניט זיין(1). זייט אַזוי גוט און לאָזט מיר וויסן

אויב איך בין בעשטימט איינגעלאַדן אויף דעם 29סטן אין דעם דייטשן פאַראיין פון הארוואַרד?

כסדר: די קאַרטע וועלכע פּראָפּ׳ זעליגמאַן האָט אייך געשיקט געפעלט מיר אויך ניט. האָט קיין טעות, איך קען די לייט צו גוט, אָבוואָל איך האָב נאָך מיט זיי צופיל ניט פערקערט. ווער ווייס נאָך מער פון אייך, ווי ווייט איך האָב פיינט די חברה: מיינע לידער רעדן, דאַכט זיך פאַר מיר. איר מעגט זיכער זיין דאָס איך וועל מיין ווירדע ניט ערנידעריקן. איך האָב נאָך ביי זיי קיין זאַך נישט געבעטן און וועל אויך ווייטער פון זיי קיין זאַך ניט פערלאַנגען. אין מיר ליגט איבערהויפּט צו ווייניק בעטלער, איך בין צו שטאָלץ צו בעטן און אין אַ צייט פון נויט קען איך זיך ערהייבן איבער די פערהעלטניסע. מיר טוט פון הערצען לייד אָן אייך פאַרצו־טראָגן מיינע גערדיכטע,ליידער קען איך עס ניט אַנדערש מאַכן איך האָף אַז עס וועט נאָך קומען אַ צייט ווען איך וועל די לייט אויך נישט קענען. אָפּקויפן מיך זיינען זיי געוויס נישט אימשטאַנד מיט גאָר זייערע מיליאָנען איך בין פרייגייסט און וועל עס אייביק בלייבן וואָס ז יי זאָלן פיר מיר נישט טאָן, בלייבט א י ר נאָר איינציק און אַליין דער מאַן ווען איך בין שולדיק אייביקע דאַנקבאַרקייט. איך שיק אייך צוריק די קאַרטע און שיק אייך אויך מיין בילד. מער קיין נייעס פאַרלויפיק.

אייער אייביק דאַנקבאַרער

Morris Rosenfeld
96 Henrry St.

(1) פאַרעפנטלעכט אין אַפּריל נומער "Bookman" פון 1898, ז. 97—98. די ווייטערדיקע נאָטיץ איז אָדער געשריבן פון ווינערן אַליין אָדער געשטיצט אויף ווינערס באַמערקונגען, וואָס דער פאַרלאַג האָט צוגעשיקט דער רעדאַקציע פון „בוקמען":

„נאָך פאַרן סוף חודש ווילן די הערן קאָפּלאַנד און דעי פאַרעפנטלעכן „סאָנגס פראָם דהי געטאָ" אין יידישן אָריגינאַל (אין דייטשער טראַנסקריפּציע) פון דעם שניידער־פּאָעט מאָריס ראָ־זענפעלד, מיט אַן ענגלישער פּראָזע איבערזעצונג פון פּראָפעסאָר לעאָ ווינער פון הארוואַרד אוני־ווערזיטעט. אין אַ האַלבן יאָרהונדערט האָט זיך די יידישע פּאָעזיע אין רוסלאַנד אַנטוויקלט פון פּשוטע, פּאָפּולערע לידער פון מיכאל גאָרדאָן ביז די שווערע לידער פון דעם רוסישן פּאָעט פרוג, וואָס פאַראינטערעסירן אַ גרעסערן עולם און פאַרדינען מער פאַרשפּרייט צו ווערן. ס'איז אָבער געבליבן פאַר דער ניו־יאָרקער געטאָ אָנצוטאָן די קרוין אויף דער פּשוטער ליטעראַטור. אין ניו־יאָרק האָבן דעם פּאָעטס טרויעריקע דערפאַרונגען פאַרגרעסערט זיין רעפּערטואַר, וואָס זאָל אויך אַריינגעמען אַרבעטס־לידער. ער איז בייגעקומען די שוועריקייט צו באַשאַפן זיין אייגענע ליטעראַרישע נאָרם פאַר דעם אונגעהובלעוועטן דיאַלעקט, אין וועלכן דייטשע, העברעאישע און רוסישע עלעמענטן שטויסן איינס דאָס אַנדערע, און ער זינגט מיט אַ מערקווירדיקער זיסקייט און מיט אַ פּערפעקטער טעכניק. ער קלאַפּט אויס מעכטיקע טענער אויף די קלאַווישן פון מענטש־

י. ליפשיץ

לעכע סימפּאַטיעס: אַט רעדט ער מיט שטורעם און אַט מישט ער אויס זיינע טרערן מיט די טרערן פון די דערנידעריקטע פאַר וועמען ער זינגט".

צום סוף קומט אַ טראַנסליטעראַציע און אַן ענגלישע פּראָזע־איבערזעצונג פונעם ליד „וואוהין".

34

New York, March 21st 1898.

ווערטער פּראָפעסאָר לעאָ ווינער,

מיט דיזן בריוו וועט איר אויך בעקומען צוגעשיקט אייערע מאַנוסקריפּטן און אויך די פּרוף'ס. איבעראַל וואו איך האָב געצייכנט אין דעם אָריגינאַל מוז עס גע־ענדערט ווערן דען עס פערלירט דעם גאַנצן זין. איך ווייס נישט ווי אַזוי איר האָט געמאַכט אַזאַ גרויסן טעות און געשריבן „דער קנעכט וועלכער ש וו אַ כ ט איך מיר" אנשטאט דער קנעכט וועלכער וו אַ כ ט אין מיר.

זייט אַזוי גוט און זעט עס זאָל געפיקסט (פאַריכט) ווערן לויט ווי איך שרייב עס אייך דאָ אין דיזן בריוו:

„דער קנעכט וועלכער וואַכט אין מיר שלאָפט דאַכט זיך איין".

איך דאַנק אייך טויזנט מאָל פיר דעם וואָס איר האָט מיר צוגעשיקט די פּרוף'ס זייט אַזוי גוט און שיקט מיר צו די איבעריגע אויך ווי גיך איר וועט זיי פערטיג האָבן. וועגן פּרפ' זעליגמאַנס „סטיפּענדיום" איז אַ נעכטיקער טאָג. איך ווייס ניט פון וואָס צו זאָגן און נאָך מער איז אַ נעכטיגער טאָג וועגן די טויזנט דאָלאַר. דער־ווײַלע רעדט מען נאָר פון 500 $. ער רופט מן הסתם „סטיפּענדיום" די פּאָר פאַר־לעזונגען וואָס איך האָב געהאַט. איך בין זיי אַלנפאַלס דאַנקבאַר, אָבער איך האַלט זיך גאַנץ פון ווייטן. די לייט וועלן קיין מאָל נישט קענען זאָגן אַז איך האָב ביי זיי געבעטלט.

איר געפינט דאָ מיט דיזן בריוו אַ קליינע פּראָווינצענס (פּראַווידענס) צייטונגיל "The organ" דאָרט זיינען דאָ די נעמען פון די רייכע פּראָווינדענסער אידן. דער רעדאַקטער ד"ר גאַמבערג וועלכער איז מיינער אַ פערזענליכער פריינד האָט עס מיר צוגעשיקט איך זאָל עס צושיקן צו די פּובלישערס און זיי זאָלן דאָרט אַריינ־שיקן זייער אַדווערטייזמענט פון מיין בוך. ד"ר גאַמבערג וועט שרייבן וועגן מיר און פילע ביכער וועלן פערקויפט ווערן. פאָרלויפיג מער קיין נייעס. איך בין זער פערדרייט מיט גאָר נישט.

איך בעט אייך פיקסט די אַלע שטעלן וועלכע איך האָב געצייכנט און שיקט מיר די איבעריגע פּרוף'ס.

אייער גאַנץ ערגעבענסטער מאָררים ראָזענפעלד.

לעזט די אַנדערע זייט.

ג"ב. לויט ווי איך זע איז נאָך די פּרוף נישט געמאַכט, איך האָב נאָר גע־ צייכנט די פעלערן וועלכע איר וואָלט נישט געכאַפּט אין ענגליש, זאָגט פּראָפ' זעליגמאַן, וואָלט איר אין דעם ליד מיין אינגעלע "My boy" געדאַרפט בעסער שרייבן Papa אנשטאט "Pa" איר ווייסט דאָך וואָס איך מיין!

35

New York, march 26th 1898.

ווערטער פּראָפעסאָר לעאָ ווינער,

די טיטל־בלאַט געפעלט מ י ר ג אָ ר נ י ש ט, און זי דאַרף און טאָר אונטער קיינע אומשטאַנדן אַזוי פערבלייבן. איך וויל עס זאָל שטיין

Songs From the Ghetto(1)
Morris Rosenfeld

ווען נישט קען שטיין אויב איר ווילט נישט עס זאָל שטיין צוויי מאָל by, אַזוי:

Morris Rosenfeld's
Songs From The Ghetto

דיעזעס מוז א ו מ ב ע ד י נ ג ט געפיקסט ווערן!

בעפאָר איך וועל זיין אין באָסטאָן האָף איך פון אייך צו בעקומען אַ טיטל פיידזש וואו דיזע פעלער וועלן זיין פערריכט.

מיט די בעסטע גריסע און וואונשע אייער גאַנץ ערגעבנסטער

Morris Rosenfeld
96 Henry st.

ג"ב. מיין נאָמען דרייט זיך אַרום אויף דיזן טיטל־פיידזש וואָס איר האָט מיר צוגעשיקט ווי אַ נאַר אויפן יריד. און דאָס זאָל נישט געשען. וואָרום שיקן מיר די פּובלישער קיין קאָנטראַקט?

ג"ב. אויב די טיטל־בלאַט איז שוין אבגעדרוקט געוואָרן וועט עס פּאָזיטיוו מוזן איבערגעדרוקט ווערן ווען איך וועל זיין אין באָסטאָן. איך ערוואַרט אייער אַנטוואָרט.

---

(1) דאָס שער־בלאַט איז אַזוי אויסגעשטעלט ווי מאָריס ראָזענפעלד האָט געוואָלט:
Songs from the Ghetto
Morris Rosenfeld
With Prose Translation, Glossary and Introduction

י. ל י פ ש י ץ

By Leo Wiener, Instructor in the Longuages ol Harvard University
Boston
Copeland and Day
1898.

א פּאַרגרעסערטע אויפלאַגע איז אַרויס 1900 פונעם באסטאנער פארלאג.
Small, Maynard E. Co.

36

New York, march 29th 98.

ווערטער פּראָפעסאָר לעאָ ווינער,

איך האָב געניער ערפאַרן ווי אַזוי דער ראַפּאָרטער(1) האָט בעקומען די געדיכטע, דעם 17טן מארץ האָב איך פּאָרגעטראָגן אין טעמפּל עמאנועל מיינע לידער. דאָרט האָט מיסעס סירוס ל. זולצבערגער(2) די פּרעזידענטין „אף די קאונסיל אָף דזשויאיש וואומען" געזאָגט, ווען זי האָט מיך פּאָרגעשטעלט, אַז איר האָט מיינע לידער איבערזעצט און דאָס קאָפּלאַנד און דהיי וועלן עס דרוקן. אַזוי ווי דיזע פערזאַמלונג איז געווען פריער אַדווערטייזט אין די ענגליש אידישע צייטונגען איז דער בלאָפּערישער ראַפּאָרטער געווען ביי דער פערזאַמלונג און האָט ג ע וו י ס סטענאָגראַפיש אַראבגענומען די לידער וואָס איך האָב פּאָרגעטראָגן. ווי איך האָב אייך שוין געמעלדעט איז דער לויפערישער ראַפּאָרטער אַ אידל, אַ געוויסער ליוואי. איך וואָלט דעם מאַן נישט געגעבן דיזע לידער(3) פיר טויזנט דאָלאַר דען איר ווייסט גאַנץ גוט אַז עס ליגט אין מיין אינטערעסע דיזע געדיכטע נישט צו לאָזן פּובליקירן ביז זיי וועלן פערעפנטליכט ווערן אין אַ בוך פּאָרם. ווען דער ראַפּאָרטער איז צו מיר געקומען האָט ער שוין געהאַט מיט זיך מיין „לידער־בוך" וואָס ער האָט געקויפט ביי קאטצענעלבויגען פון וואַנען ער האָט גענומען דעם „קאַנאַריק".

איך קען מיין הערץ פאַר אייך נישט אויפשניידן און ווייזן מיין אונשולד, עס ווענדעט זיך אָן אייער גוטן ווילן, איר קענט מיר גלויבן אָדער ניט. איך בין אַביסל אַ האַסטיגער אָבער קיין פאַלשער און קיין ליגנער. איך האָף אַז איר וועט אייבזען אַז מיינע רייד זיינען אמת דאָס איך זוך זיך נישט צו פערענטווערן פאַר אייך גאָר צו זאָגן אייך די ריינע גאָטעס װארהייט. ווען Caplands Day וועלן נישט דרוקן מיין בוך וועט עס מיך נאַטירלעך זער פערדריסן אָבער דאָס לעבן וועל איך מיר דאַדורך נישט נעמען. עס טוט מיר מער אַלס לייד וואָס איר פערזענליך דאַרפט דורך מירליידן אַזוי פיל אונאנגענעמלעכקייט איך בין אָבער איבערצייגט אַז איר זייט פילאָזאָף גענוג איינצוזען דאָס עס קען אין לעבן פערשידענעס פּאָרקומען.

וואָס מיך פערזענליך אָנבאַטרעפט, ליג איך יעצט צו בעט און בין אַזוי קראַנק דאָס מיט אַ שטונדע בעפאָר איז דאָ געווען דר' אַלפערין און האָט מיר פערשריבן אַ

**מעדיציץ. איך קען זאָגן אַז איך בין קראַנק געוואָרן קוקנדיק אויף דעם פערדאַמטן „דזשוירנאַל״. אין דיזן פאַל בין איך פונקט אַזוי פיל שולדיג ווי איר אָדער איין אַנ־דערער. סך הכול זיינען דאָך נאָר צ וו יי לידער איבערגעדרוקט די „וואָרקשאָפּ״ איז דאָך שוין געווען פערעפנטליכט פון אייך אַליין. איך קען אייך מער נישט שרייבןווייל איך פיל גוואַלדיגע שמערצן אין קאָפּ און אין האַלז.**

**אייער גאַנץ אונשולדיגער.**

Morris Rosenfeld

---

(1) דער New York Journal, האָט זונטיק דעם 27סטן מאַרץ 1898 אָפּגעדרוקט אַן אַר־טיקל וועגן מאָריס ראָזענפעלדן, וואָס האָט צוזאַמען מיט אַ קינסטלערישער צייכענונג און אַ פאָ־טאָגראַפיע פונעם דיכטער פאַרנומען אַ גאַנצע זייט. דער שרייענדיקער טיטל פונעם אַרטיקל איז געווען:: Real Poet found in an East Side Sweat Shop by a Harward Profesor

דער שרייבער פונעם אַרטיקל דערציילט אין דעם מאַרק סטיל פון די הוירכט צייטונגען, אַז כדי „צוצוקומען צו דעם דאָזיקן מאָדערנעם פּאָעט דאַרף מען זיך אַ ריפּש ביסל אָנשטרענגען... וואו וואוינט ער דאָס? מ׳מוז דורכגיין די איבערגעפּאַקטע איסט סיידער גאַסן, דורכגיין אַ קאָרידאָר וואָס איז אין מיטן העלן טאָג אַזוי פינצטער ווי די נאַכט, קריכן איבער שמאָלע שטיגן, איין שטאָק, דריי שטאָק, הויך, העכער. דער נומער פון הויז איז הענרי סט. 96״. דער רעפּאָרטער דער־ציילט, אַז כאָטש אין ראָזענפעלדס שרייבן פילט זיך אַזוי דער איינפלוס פון טהאָמאַס הודן, האָט אָבער ראָזענפעלד אים געזאָגט, אַז ער „האָט קיינמאָל נישט געהערט״ דעם נאָמען פונעם פּאָעט און אויך נישט פון זיין ליד „דהי סאָנג אָוו דהי שוירט״. דער רעפּאָרטער האָט אין „גוטן טאָן״ פון יענער צייט, נישט פאַרגעסן צוצוגעבן, אַז ס׳איז „אַ רחמנות צו זען ווי אַזאַ טאַלענטירטער פּאָעט מוז שרייבן אין אַ דיאַלעקט וואָס איז פאַרמשפּט צו פאַרשווינדן״. צו דעם אַרטיקל זיינען צוגעגעבן אין אַן ענגלישער פּראָזע איבערזעצונג די ווייטערדיקע לידער: „מיין יינגעלע״, „דער כרענמיליאָנער״, „דער סוועטשאָפּ״, „דער טרער אויפן אייזן״ און „דער קאַנאַריק״. „דער קאַנאַ־ריק״ ווערט אויך אָפּגעדרוקט אויף יידיש.

(2) מרס סיירוס סולצבערגער איז די מוטער פון העיז סולצבעריער, דעם איצטיקן אַרויסגע־בער פון דער „ניו יאָרק טיימס״.

(3) דער אויבנדערמאָנטער רעפּאָרטער פון ניו־יאָרקער „דזשוירנאַל״ שרייבט, אַז „די קאַ־ריקאַטור־בויגנס זיינען געלעגן אויפן טיש״. די לידער וואָס דער „דזשוירנאַל״ האָט אָפּגעדרוקט זיינען אַריין אין The Songs from the Ghetto, וואָס איז שוין דעמאָלט געווען אין דרוק. ווי ס׳איז צו זען פון אַנדערע בריוו פלעגט ווינער צושיקן ראָזענפעלדן די קאַריקאַטור־בויגנס.

37

New York, March 30th 1898.

**ווערטער פּראָפעסאָר לעאָ ווינער,**

**איך וועל קומען אין באָסטאָן ווייל איך מוז קומען זאָנסט וואָלט איך געבליבן אין**

דער היים, ווען איך זאָל זאָגאַר דערביי פּערלירן הונדערט דאָלאַר. דען איך בין קראַנק און שטיי אונטער מעדיצינישע אָפּוואַרטונג. די שמוציקייט פון דעם „דזשוירנאַל״ האָט מיך בוכשטעבליך קראַנק געמאַכט. דער דאָקטאָר האָט מיר געזאָגט אַז איך האָב געמוזט האָבן אַ גוואַלדיגע ערגערניס וואָס האָט מיך אַזוי צובראָכן. דער ראַפּאָר־טער האָט גענומען אייערע לידער פון מיין פּאָרלעזונג אין טעמפּל עמאַנועל איך בין עס איבערצייגט. נישט די פרוי באַטאַן און נישט זעליגמאַן האָט עס אים געגעבן. איך האָב דאָך אים די „מנורה״ אויך נישט געגעבן אָדער דעם „טראַנסקריפּט״, פון דעסט־וועגן זעט איר דאָך האָט ער דאָס אַלעס בעקומען גאָר אָן מיר. דער שמוציגער ראַ־פּאָרטער האָט אויך ערגעץ וואו בעקומען איין קאָפּיע פון מיינעם אַ בוך וואָס איך וויס מער אַליין נישט וואו אים צו געפינען, מיינע „פּריוויהייטס לידער״ דאָרטן איז דאָ דאָס געדיכט „אין שאָפּ״, „דער טרער אויפן אייזן״ און נאָך אַנדערע לידער. דאָס וואָס דער דזשוירנאַל האָט מיר אָנגעמאַכט פיינדע אַרט מיך נישט. קיינער איז נישט אַזוי דום צו דיינקען דאָס איך בין שולדיג אין דעם וואָס אַ בלאַף צייטונג שרייבט וועגן מיר. מיך ערגערט נאָר וואָס איר האָט דערפון אַזוי פיל אומזיסטע עגמת נפש. דאָס בעסטע וועט זיין ווען איך וועל מער די לידער אין ערגעץ נישט פּאָרטראַגן ביז דער בוך וועט פערטיג ווערן. דאָס איז ביי מיר אַ פעסטער בעשלוס איך האָב יעצט דריי איינלאַדונגען. איך וועל אָבער קיין איינע נישט אָננעמען. די פּאָרלעזונגען קאָסטן מיר שוין מער געזונד און לייב און לעבן וויפיל טובות זיי האָבן מיר געבראַכט. הלואי וואָלט איך געקענט ווידער זיין דער וואָס איך בין געוועזן, קיינער וואָל מיך נישט קענען און נישט וויסן. די פּאָפּולאַריטעט הרגעט מיך. די יידעלעך מיינען אַז איך בין שוין גליקליך און זיינען מיר דם שונאים. איך, דערוויילע, זיץ נאָך טאָפּ פּלאָר (אויפן העכסטן שטאָק). מאַנכע טעג אין גרעסערער נויט ווי פריער. אַמאָל פלעגן נאָך מיינע לאַנדסלייט די רוסיש־פּוילישע יידן זיך אינטערעסירן פיר מיר, יעצט קומען זיי שוין בעטן איך זאָל זיי באָרגן געלט. דיזע פּאָרלעזונג אין באָסטאָן וועט זיין די לעצטע ביז מיין בוך וועט ערשיינען. און אויב ער וועט גאָר נישט מער ערשיינען קען איך מיר אויך נישט העלפן. דאַן וועט עס ערשיינען מיט עטלעכע יאָר שפּעטער אויב איך האָב ווירקליך אויפגעשריבן עטוואָס גוטעס, איך בין אויף זיך קיין מבין, דאַן וועט עס נישט פערלאָרן גיין. און אויב עס וועט פערלאָרן גיין וועט אויך די וועלט ליטעראַטור דאַדורך גאָר נישט פערלירן. און איך וועל שטענדיג קענען איין אָרעמען לעבן מאַכן אין אַ שאָפּ אָדער דורך פּאָרלעזונגען. דער פאָלגענדער געדיכט וועט אייך צייגן אַז איך האָב שוין חרטה אויף אַלץ מיט אַנאַנדער.

„אַלמעכטיגער גאָט, וואָס דו העלפסט אין זיין נויט
אַ יעדן וואָס לאָזט דיך נאָר הערן זיין קול,
שנייד אָב מיין הכנסה, פערמינדער מיין ברויט,
און לאָז מיך אין דחקות אַזוי ווי אַמאָל.

פערערגער מיין שיקזאַל און טיידט מיין בערוף,
נאָך איידער איך האָב דאָ אַ פולע פערגרייזט,
דען כבוד און רייכקייט נאָר פּאַשען דעם גוף
איך ציטער זיי זאָלן נישט טיידטן מיין גייסט".

דיזע סטאַנזע וועלכע איך ציטיר פון אַ גאַנצע ליד וואָס איך האָב געשריבן וועט אייך צייגן ווי גלייכגילטיג איך בין צו צרות. און צו אַלעס וואָס עס וועט זיך מאַכן מיט מיר. איך בין צו אַלעס געוואוינט.

מיט האָכאַכטונג אייער עוויג דאַנקבאַרער

Morris Rosenfeld
96 Henry st.

38

New York, April 5th 98.

פּראָפעסאָר לעאָ ווינער.

ווערטסטער הער: —

איך האָב פערשפּראָכן צו שיקן די פּובלישער די נעמען פון די עטליכע יידיש־ענגלישע צייטונגען אין וועלכע זיי ווילן אַדווערטייזן דעם בוך. איך שיק אייך זיי צו, און איר זייט אַזוי פריינדליך די זעלבע איבער צו געבן. איך ווייס ניט אויב עס לוינט אויפמערקזאַם צו מאַכן די פערלעגער אַז זיי זאָלן נישט צופיל צאָלן פיר די אַדווערטייזמענטס אין דיזע צייטונגען, ווייל זייער צירקולאַציאָן איז זער קליין. מאַנכע פון דיזע אידיש־ענגלישע בלעטער זיינען זער פּראָמינענט ווי דער „איזראַעליט" פון סינסינאַטי. דער „דזשואיש קאָמענט" פון באַלטימאָרע. און דער „אַמעריקאַן היברוא" פון ניו יאָרק. זייער צירקולאַציאָן איז אָבער זער קליין. בעסער זאָגט עס די פערלעגער כדי זיי זאָלן נישט צופיל צאָלן. פון מאַנכע בלעטער ווייס איך די אַדרעסן און פון מאַנכע ווייס איך נישט. איך גלויב אַז די פּובלישערס וועלן עס אַליין אויסגעפינען. פאָלגענדע זיינען די צייטונגען אין וועלכע עס איז אַ נויטווענדיגייט צו אַדווערטייזן:

"The American Hebrew"
213-215 East 44th st. N. Y.

"The Jewish Comment"
100-102 W. Fayette st.
Baltimore. Md.

"American Israelite Cincinatti. O."

"The Jewish Exponent"
606 Chestnut st. Philadelphia, Pa.

מען קען אַזוי שרייבן, עס וועט אָנקומען.

איך וועל זיין ביי דאָקטאָר גאָטהייל און בעטן איין מיינונג איבער מיינע גע־דיכטע ווי שנעל איך וועל דאָס האָבן בעקומט איר עס פון מיר. איך שיק אייך איין בריוו פון מאַדאַם ציריס ל. זולצבערגער די פּרעזידענטין פון „קאונסעל אָף דזשואיש וואומען" אין ניו יאָרק אין דיזן בריוו וועט איר געפינען איר אַדרעסע. זייט אַזוי גוט און שרייבט צו איר וועגן די אַדרעסן פון די אַלע פּרעזידענטינס פון דיזן קאונ־סאָול אין אַמעריקע, שרייבט איר אַז דאָס איז צוליב דעם אַז מיר זאָל אַרויסקומען אַ טובה וועט זי אייך געוויס צושיקן די אַדרעסן. שרייבט איר אַ וואַרעמען בריוו אַז מען מוז זען דעם בוך צו פערברייטן או. א. וו. זי איז אַ גוטע און רעספּעקטאַבעלע דאַמע און וועט געוויס איר בעסטעס טאָן. ווען איר זייט פאַרטיג מיט דיזן בריוו שיקט מיר אים צוריק און שיקט מיר דעם בריוו פון פּראָפ' זעליגמאַן וואו ער לויבט מיין ווערק. איך וויל נישט דיזער בריוו זאָל פערלאָרן גיין. זייט אַזוי פריינדליך און שיקט מיר אויך צוריק (דאָס הייסט אויב איר זייט פאַרטיג דערמיט) די לעצטע יידישע לידער וואָס איך האָב אייך געשיקט איך דאַרף זיי צו מיין יעצטיגע יידישע אויסגאַבע וועגן וועלכע איך האָב מיט אייך גערעדט. ווען די גאַנצע אָרדנונג פון דעם אידישן בוך וועט פאַרטיג ווערן וועל איך עס אייך צייגן און פרעגן אויב עס געפעלט אייך — אייער מיינונג וועט ביי מיר אימער בלייבן אַ געזעץ. מיט האָכ־אַכטונג און איבערגעגעבנקייט אייער

Morris Rosenfeld
96 Henry st.

אין טשיקאַגאָ געט אַרויס אַ גרויסאַרטיגע יידיש־ענגלישע צייטונג (אַ מאָ־נאַטליכע) "The Reform Advocat" Chicago ill.

דאָרט וואָלט געווען אַ יושר צו אַדווערטייזן.

39

"The Reform Advocat" Chicago ill.

פּראָפעסאָר לעאָ ווינער.

ווערטער הער.

איך האָב אייך נעכטן געשיקט 2 צייטונגען וועלכע, איך גלויב, איר האָט ער־

האַלטן, זייט אַזוי גוט, מיר דאָס געדיכט „מיין קנאבע״ פון דער דייטשער צייטונג צוריק צו שיקן.. איך האָב גערעכנט אַז איך וועל בעקומען אין אַפּיס מער צייטונגען געקויפט און האָב געהאַט אַ טעות, דאָס איז אַלזאָ די איינציגע קאָפּיע וואָס איך האָב.

איך האָב נעכטן אבענד געהאַט אַ פערלעזונג אין „קאָלעדזש סעטלעמענט״ אין ניו יאָרק, וואו מיסטער אָוועלס, דער בערימטער אַמעריקאַנער נאָוועליסט, מיסטער גילדער(1) דער רעדאַקטאָר פון דער "Century" דזשייקאָב שיף, די בערימטע מיס' (אָדער מיסעס) טידמאַן (אָדער סטידמאַן)(2) דיכטערין און רעדנערין און מאַנכע אַנדערע גרויסאַרטיגע דאַמען און הערן ווארן אַנוועזנד. אייערע איבערזעצונגען זיינען ז ע ר געלויבט געוואָרן און מען האָט אייך ממש פערגעטערט פאַר אייער ערפינדונג... קיין געלט האָב איך פון דיזער פאָרלעזונג נישט געהאַט, דערפאַר אָבער כבוד אויפן פוד. מיין גראָסערייי מאן זאָגט זאַגאַר, אַז כבוד איז נישט אַזאַ גאַנגבאַרע סחורה (איך גלויב ער האָט קיין טעות) נאָר איך בין געוועזן דום גענוג דערפון צו האָבן הנאה. איך בעדויער וואָס איך האָב ניט געקענט געפינען קיין מינוט צייט צו זען אייער ווערטע מוטער, איך וועל אָבער געוויס זיין דאָרט היינט אָדער מאָרגן.

איר ווייסט אַז דער וואָרט "dusking" וועלכע מאַדאַם ליא האָט אַריינגעהאַקט אין דעם „טרערענמיליאָנער״, געפינט זיך גאָר נישט אין דער גאַנצער ענגלישער שפראַכע. די פראַזע: "now can the poor a guerdan pay" איז אויך שלעכטע ענגליש. עס לאָזט זיך בעסער זאָגן a guerdon give. דאָס זיינען אָבער זאַכן וואָס גישט אייך און נישט מיר דאַרף עס אַרן. מיסטער גילדער האָט מיר פערשפּראָכן מאַנכע פון די לידער צו איבערזעצן ווען איך וועל אים צושיקן דעם אָריגינאַל אין ליטייניזישע בוכשטאַבן מיט בעמערקונגען אונטער די פרעמדע ווערטער, דאָס וואָלט פערעפנטליכט געוואָרן אין דער „סענטורי״ און גוואַלדיג אַדווערטייזט דעם בוך.

איך וויל אים אַלזאָ געבן דאָס געדיכט „מיין קנאבע״ פון דער דייטשער צייטונג. שיקט מיר פּיעלייכט דאָס געדיכט „צו מיין עלענד״ אין ליטייניזישע בוכשטאַבן מיט בעמערקונגען און מיט אַ פּראָזאישע איבערזעצונג. שיקט איר דאָס אים אַ ל יי ן צו, איך וועל ריידן צו אים, ער האָט מיר געבעטן צו קומען אים זען, אויב ער וועט דערפאַר בעצאָלן בין איך צופרידן איר זאָלט דערפון האָבן אַ העלפט, דען איך ווייס אַז אייער צייט איז גוואַלדיג בעשריינקט. איך גלויב אַז ער וואָלט יעצט צוגענומען פון אייך אַ גוטן אַרטיקל וועגן מיינע געדיכטע. ענטווערט מיר סיי ווי סיי, אויב איר האָט צייט.

פיר אַן אַרטיקל אין די „סענטשורי״ בעקומט מען גוטע געלט, ווייל די „סענטשורי״ איז דער רייכסטער זשורנאַל אין אַמעריקא.

מער קיין נייעס פאָרלויפיג אייער גאַנץ ערגעבנסטער

Morris Rosenfeld
96 Henry st.

(1) ריטשאַרד, וואַטסאָן גילדער (1844 — 1909), פּאָעט, קריטיקער, רעדאַקטאָר, רעפאָרמאַטאָר און רייזנדער. צווישן זיינע ווערק געפינט זיך אַ באַנד לידער (1898) Palestine and other Poems. אונטער גילדערס רעדאַקציע איז די „סענטיורי" געוואָרן אַ זשורנאַל פון גרויס פּאַרנעם און איינפלוס.

(2) מסתמא געמיינט לאורא סטעדמאַן, די טאָכטער פון דעם גרויסן אַמעריקאַנער פּאָעט עדמונד קלאַרענס סטעדמאַן און די ביאָגראַפין (צוזאַמען מיט איר מאַן דזשאָרדזש גולד) פון איר פּאָטער. עדמונד קלאַרענס סטעדמאַן האָט אין זיין פּאַרשפּרייטער (1900) An American Anthology עפּנטלעכט אַ ליד פון מאָריס ראָזענפעלד, וואָס ראָזענפעלד האָט אַליין געשריבן אין ענגליש:

### I KNOW NOT WHY

I lift mine eyes against the sky,
The clouds are weeping, so am I,
I lift mine eyes again on high,
The sun is smiling, so am I.
Why do I smile? Why do I keep?
I do not know; it lies too deep.

I hear the winds of autumn sigh,
They break my heart, they make me cry;
I hear the birds of lovely spring,
My hopes revive, I help them sing.
Why do I sing? Why do I cry?
It lies so deep, I know not why.

(ב' 2, ז' 112) דאָס ליד האָט שפּעטער איבערגעדרוקט Hutchins Hapgood אין The Spirit of the Ghetto, p. 106.

די מוזיק צו דעם ליד איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין דער ניו־יאָרקער טאָג־צייטונג Herald דעם 11טן יוני 1899.

**40**

New York, Aphil 98.

**פּראָפּ' לעאָ ווינער**

**מיין ליבער הער: —**

**איך האָב בעזוכט אייער מוטער פערגאַנגענעם שבת. אייער(ע) שוועסטער זיי־נען אָבער ליידער נישט געווען צו הויזע און איך האָב נישט געהאַט די ערע מיט**

זיי בעקענט צו ווערן. איך וועל מיך אָבער בעשטרעבן צו זיין דאָרט נאָך אַמאָל. אייער מוטער איז אַ גוטע ליבנסווירדיגע פרוי און איך הייב נישט אָן צו פאַר־שטיין פיר וואָס אייער פאָטער בעהאַנדלט זי אַזוי שלעכט. איך שיק אייך איין אויס־שניט פון פילאַדעלפיער „פובליק לעדזשער" וואו עס ווערט גערעדט וועגן מיין פאָר־טראַג בעפאָר די „מקוה ישראל אַססאָסיאַציאָן"(1).

איך האָב עבן יעצט געטראָפן מיסטער אַלעקסאַנדער הרקאוויע און ער האָט מיך געבעטען אייך צו מעלדן דאָס ער וועט אייך ענטווערטן אויף אייער בריוו מאָרגן אָדער איבערמאָרגן. איך שיק אייך די פרופס צוריק און פאַרלויפיק מער קיין גייעס אייער עוויג דאנקבאַרער און גאַנץ ערגעבנסטער

Morris Rosenfeld
96 Henry st.

פּ. ס. גיבט דעם אויסשניט פון „לעדזשער" צו די פובלישערס זיי קענען דאָס פיליייכט בענוצן.

---

(1) די „מקווה ישראל" קאָנגרעגאַציע, די עלטסטע פילאַדעלפיער קהילה, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אַרום 1740, האָט פאַרבעטן מאָריס ראָזענפעלדן אויף אַ ספּעציעלן אָוונט, וואָס איז פאָר־געקומען דעם 24סטן אַפּריל. דעם 25סטן אַפּריל איז אין דער פאַרשפּרייטער צייטונג „פּאַבליק לעדזשער" געווען אָפּגעדרוקט אַן אויספירלעכער באַריכט אונטערן טיטל: „אַ געטאָ פּאָעט".

„נעכטן אָוונט — שרייבט דער „פּאַבליק לעדזשער" — איז פאָרגעקומען אַן אונטערנעמונג וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן פון דער „מקווה ישראל" געזעלשאַפט אין דעם גרויסן זאַל פון דער סינאַגאָגע. דער אָוונט האָט מיט זיין נייקייט אַרויסגערופן אַ גרויסע פאַראינטערעסירונג צווישן יידן. דאָס איז געווען די פאָרלעזונג פון מאָריס ראָזענפעלדן, אַ נאָר־וואָס אַנטדעקטן זשעניע פון דעם רוסיש־יידישן קוואַרטאַל אין ניו־יאָרק. ער האָט געלייענט אַ צאָל פון זיינע לידער, וואָס זיינען געשריבן אין זשאַרגאָן, אַ שפּראַך וואָס איז אַ געמיש פון העברעאישע און דייטשע ווער־טער. אין דער שפּראַך ווערט געשריבן די סעקולערע ליטעראַטור פאַר די טויזנטער יידישע אי־מיגראַנטן פון דער רוסישער אונטערדריקונג, וואָס זיינען דאָ אַהערגעקומען זינט 1880".

נאָך דעם ווי דער רעפּאָרטער גיט איבער בקיצור ראָזענפעלדס ביאָגראַפיע און דערציילט וועגן לעאָ ווינערס איבערזעצונג פון ראָזענפעלדס לידער, גיט ער צו, אַז זיינע לידער זיינען געוואָרן איבערגעזעצט אויף ענגליש און כאָטש אין דער איבערזעצונג, וואָס איז נאַטירלעך, האָבן די לי־דער אַ סך פאַרלוירן פון זייער אָריגינעלן רייץ, וואָס זיי האָבן אין דעם דיאַלעקט אין וועלכן זיי זיינען געשריבן געוואָרן — איז אָבער די שיינקייט און די מאַיעסטעטישקייט פונעם געדאַנק שטאַרק אָפּגעשאַצט געוואָרן פון די, וואָס האָבן די לידער געהערט לייענען.

„מר' ראָזענפעלד איז פאָרגעשטעלט געוואָרן פאַרן גרויסן פילאַדעלפיער עולם פון דוד אמראַמען פון דאַנען (פילאַדעלפיע), וואָס האָט גערעדט וועגן אים ווי וועגן אַ פּאָעט פון גראַציע און פון גאָטס גענאָד און ער האָט אויפמערקזאַם געמאַכט דערויף, אַז דער פּאָעט האָט זיך אַנטוויקלט אין אַ סביבה פון אָרעמקייט און נויט, וואָס זיינען פון תמיד אָן באַטראַכט געוואָרן ווי אַ שטער פאַר אַספּיראַציעס פון דעם מין.

„מר' ראָזענפעלד האָט געלייענט זעקס לידער און די ענגלישע איבערזעצונג פון יעדער ליד,

וואָס איז געווען אין בלאַנקע פערזן, איז געלייענט געוואָרן פון מרס. מאָריס דזשאַסטראָו (די פרוי פונעם באַקאַנטן פּילאָלאָג יאַסטראָוו, וואָס האָט געשטאַמט פון פּוילן). אַ מערקווירדיקע איבעראַשונג איז פאַרן עולם אויך געווען דאָס שיינע לייענען, אָדער בעסער, רעציטירן פון דעם אויטאָר. ער האָט דאָס געטאָן מיט אַזאַ קראַפט און געפיל און מיט אַזאַ קלאָרער דיקציע, ווי דאָס פּאַסט פאַר אַ פּעאיקן פאָרלייענער. די שטאַרקע געפילן מיט וועלכע ער האָט געלייענט די רירנדיקע סטראָפעס האָבן אַזוי געווירקט אויף דעם עולם, אַז טייל זיינען גערירט געוואָרן ביז טרערן".

צווישן די לידער וואָס ראָזענפעלד האָט געלייענט אויף דעם אָוונט זיינען געווען: „דער יידי־שער סאָלדאַט", „דער יידישער מיי", „דער קאַנאַריק" און אַ „טרער אויף דעם אייזן".

ביי זיינע שפּעטערדיקע אויפטריטן פאַר ענגליש־רעדנדיקע פלעגט ראָזענפעלד אויך רעציטירן די ענגלישע איבערזעצונג פון די לידער, וואָס ער האָט פריער געלייענט אויף יידיש. זיין רעצי־טירן איז אַלעמאָל שטאַרק געלויבט געוואָרן.

**41**

New York, May 3rd 98.

פראַנק לעאָ ווינער

ווערטער הער: —

איך פאַרשטיי נישט וואָרום איר האָט נישט ערהאַלטן די לעצטע Proofs איך האָב זיי אייך זאָפאָרט צוריק געשיקט עס וואָלט מיך זער געקריינקייט ווען איר זאָלט זיי נישט ערהאַלטן ווייל איך האָב דאָרט מאַנכעס געענדערט וועלכעס מ ו ז געענדערט ווערן. די סיסטעמע נאָך וועלכע איר האָט די לידער אַראַנזשירט צום דרוק איז אויסגעצייכנט, דאָך די אָרטאָגראַפּי לויט וועלכע איר האָט געשפּעלט די אי־דיש, מאַכט איר פילע ערטער שאדן די ריימען ליידער אָבער קען עס יעצט נישט מער געענדערט ווערן(1). איך האָף אַז עס וועט אַזוי אויך גוט זיין — נאַטירלעך, ווייל עס קען נישט אַנדערש זיין. מאַנכע גראַמען בלייבן, נעבעך, קאַליקע. מיין הערצ־ליכסטן גרוס און מיינע בעסטע ווינשע שרייבט מיר אויב אייער פרוי איז שוין בשלום ענדבונדן געוואָרן און מיט וואָס גאָט האָט אייך ווידער געבענשט.

אייער פון הערצן ערגעבנסטער

Morris Rosenfeld

---

(1) ווינער האָט דאָס, פאַרשטייט זיך, אויך באַמערקט און ער פאַרענטפערט זיך אין דעם אַריינפיר צום בוך Songs from the Ghetto אַז ה' ראָזענפעלדס שפּראַך, וואָס געהערט צום ליטווישן מין פון דייטש־יידיש, איז אין דעם בוך איבערגעגעבן געוואָרן אַזוי ווי עס איז געווען מענגלעך דאָס איבערצוגעבן אין דער אָרטאָגראַפּיע פון ליטעראַרישן דייטש. דער אַנזעעוודיקער אונ־טערשייד וואָס דאָס האָט געשאַפן אין די גראַמען וועט פאַרשווינדן אויב מען וועט אויסבאַלגן דעם איבערזעצערס אַנווייזונגען ווי אַרויסצורעדן געוויסע קאָנסאָנאַנטן און וואָקאַלן.

42

New York, May 5th, 98.

פּראָפ׳ לעאָ ווינער האַרוואַרד אוניווערסיטעט,

מיין ליבער הער: —

אייער פּ״ק ערהאַלטן. איך דאַנק אייך טויזנט מאָל פיר די ערקלערונג. ערשט יעצט פאַרשטיי איך, אַז עס איז קיין סכנה וועגן די ריימע, ווי באַלד דאָס ווערט ערקלערט אין דער פאָררעדע ווי די פאַרשיידענע ווערטער ווערן אויסגעשפּראָכן אין יידיש.

מיין ליבער הער, איך האָב אייך געוואָלט פרעגן אַ זאַך וואָס איך קלייב זיך שוין צו פרעגן עטלעכע וואָכן און האָב נאָך אַלץ קיין צייט געהאַט. ווי אייך איז באַקאַנט, האָט דער באַוואוסטער יידישער בעל־צדקה דזשייקאָב שיף זייער פיל בייגעשטייערט צו מיין פאָנד, איך גלייב, פילייכט זעקס הונדערט דאָלאַר. וואָלט עס נישט מעגלעך געווען אויף אירגענד וועלכער ווייזע אים אָפּצודאַנקען דורך מיין בוך וואָס דאַרף יעצט ערשיינען? פילייכט וואָלט מעגלעך געווען איך זאָל אים וויד־מען איין געדיכט צווישן די „געמישטע לידער״. די פּובלישערס, בין איך איבער־צייגט, וועלן נישט האָבן דאַגעגן. די פראַגע איז נאָר וואָס איר זאָגט דאַצו? לויט ווי איך האָב געהערט, וויל ער נאָך פיר מיר ז יי ע ר פ י ל טאָן און עס וואָלט נישט זיין אויסן וועג מיין דאַנקבאַרקייט אים אויסצודריקן? אויב איר וועט זאָגן אַז מען דאַרף נישט, בין איך צופרידן, דען איך ווייס אַז איר איילט זיך ניט צו זאָגן אַ זאַך, וועלכעס איר האָט ניט פריער דורכגעדאַכט. איך האָב איין גע־דיכט געשריבן וועגן שיפן. אויב איר וועט וועלן, וועל איך עס אייך צושיקן. האָפנ־דיק, אַז איר וועט מיר ענטפערן, פאַרבלייב איך מיט האָכאַכטונג, אייער גאַנץ ערגעבנסטער

Morris Rosenfeld
96 Henry St.

איך בין איבערצייגט, אַז אייך אַליין וואָלט אויך דערפון אַרויסגעקומען אַ טובה, אָבוואָל איר בייטיקט זיך נישט אין קיינעמס טובות. דאָך דזשייקאָב שיף צו האָבן אַלס פריינד קען נישט שאַטן, דען ער איז אַ מענטש פון גוואַלדיקן „אינ־פלוענס״, ווי איר ווייסט עס אַליין. ער קען אַמאָל מיט אַ וואָרט מער העלפן ווי מיט געלט.

43

New York, May 15, 98.

פראָפ׳ לעאָ ווינער

מיין ליבער הער: —

אייער בריוו ערהאַלטן. עס פאַרדריסט מיך זייער, וואָס מיין בוך האָט דעם זעלבן מזל וואָס זיין שרייבער. ליידער קען עס נישט אַנדערש זיין — איך בין געדולדיק. איך האָב קיינע „פּרופס" ערהאַלטן. עס איז געוויס פאַרלוירן געגאַנגען אויפן פאָסט. זייט אַזוי פריינדלעך און שיקט מיר איין אַנדער „פּרוף". וועגן דער „ווידמעריי" זייט איר פולשטענדיק גערעכט(1). אייער באַריכט וועגן די באַליידיקונג פון פּראָפ׳ זעליגמאַנען קעגן אייער פּערזאָן האָט אין מיר אויפגעוועקט אַ שטורעם פון כעס. אַזאַ פּרעכהייט ער האָט אַ גרויסן טעות, אויב ער מיינט אַז ער קאָן זיך גרויסהאַלטן קעגן אייך. אויב ער קאָן זיך מיט עפּעס גרייסן קעגן אייך איז עס נאָר מיט זיין געלט, אָבער ניט מיט זיין חכמה. נאָר אַזוי ווי איר דאַרפט, גאָט דאַנקען, נישט זיינע טובות קענט איר שטאָלץ און מיטן גאַנצן הערצן לאַכן פון אים. עס איז אַ שורקעריי און אַ פּרעכע געמיינהייט אייך אין אַזאַ טאָן צו ענטפערן. איך בין אויפגערעגט. דאָס האָט מיר אַלזאָ איבערצייגט, אַז אייערע אינסטרוקציאָנען ווי זיך קעגן איבער דיזער חברה צו האַלטן זיינען קודש־קדשים. איך וועל זען אַזוי שנעל ווי מעגלעך פון זיי אָפּצוּעקן, דען איך האָס זיי פיר זייער חוצפּה. איר האָט נאַטירלעך קלוג געטאָן וואָס איר האָט נישט געענטפערט, ווייל עס וואָלט אויסגעגאַנגען צו מיין קאָפּ. איך ליג נאָך דערווייל אין זייערע לאַפּעס. נאָך אַ וואָך אָדער צוויי און איך וועל זיך צוריקציען פון אַלע זייערע טובות (2). פוי! זיי עקלען מיך אָן. איך שיק אייך דאָ איין בריוו, וועלכן איך ערוואַרט איר זאָלט מיר צוריקשיקן. קען עס מעגלעך זיין דאָס דער בוך זאָל גאָר אין גאַנצן נישט ערשיינען אויך?

ערוואַרטנדיק די לעצטע פּרופס פון אייך, פאַרבלייב איך מיט פיל ערגעבנהייט און האָכאַכטונג אייער עוויג דאַנקבאַרער,

Morris Rosenfeld
96 Henry St.

נ״ב. איך וואָלט אייך נישט ראָטן צו פאָרן נאָך אייראָפּע אין דיזער קריטישער צייט(3). ד״ר פעליקס אדלער האָט מיר געזאָגט, דאָס ער האָט גערעכנט באַשטימט צו פאָרן נאָך אייראָפּע, נאָר צוליב דעם קריג האָלט ער זיך צוריק. דאָך אויב (איר?) פאָרט איז די אידעע פון דעם Copyrith גרויסאַרטיק. איך שיק אייך אויך ד״ר לאַנדאוס בריוו, וועלכן איר וועט מיר געפעליקסט צוריקשיקן. איך קען זיך נישט

**איינהאַלטן און מוז אייך באַמערקן, דאָס מיין געדיכט האָט מיט שיפן גאָר־נישט צו טאָן. שיף איז אפילו אין מיין לינקער פאה נישט געלעגן ווען איך האָב דאָס געדיכט געשריבן. בעטראַכט דיזעס ליד נאָך אַ מאָל. איר וועט אין אים געפינען איין עכט נאַציאָנאַלע פּאָעזי, וואָס האָט נאָר מיט דעם יידישן פאָלק צו טאָן. דאָס געדיכט „אונדזער שיף" איז איינע אַלעגאָרי וועגן יידישן וואַנדערנדן פאָלק, וואָס איז ווי אַן עלנטע שיף אויף די ימים. דער קאַפּיטאַן איז דער גאָט פון ישראל(4) — איך גלויב, אַז איר פאַרשטייט עס אַליין אויך.**

**ד"ז**

---

(1) ווי ס'זעט אויס איז ווינער געווען קעגן ראָזענפעלדס פאָרשלאָג (זען דעם בריוו פון 5טן מיי 1898), אַז דאָס בוך זאָל געווידמעט ווערן דזשייקאָב שיפן.

(2) ראָזענפעלד האָט זיך נישט אַזוי שנעל געקאָנט באַפרייען פון „זייערע לאַפּעס" און איז נאָך שפּעטער אנגעקומען צו זעליגמאַנען נאָך אַ גמילת חסד. אין דער ראָזענפעלד קאָלעקציע פון ייווא־אַרכיוו געפינט זיך אַ קורץ בריוול פון פּראָפעסאָר זעליגמאַנען פון ערשטן סעפּטעמבער 1904 און אין דעם בריוול באַשטעטיקט זעליגמאַן, אַז ער האָט דערהאַלטן פון ראָזענפעלדן אַ געלט־אָנווייז אויף פערציק דאָלאַר, וואָס איז מסתמא געווען אַ ראַטע־צאָלונג פון אַ גרעסערן חוב.

(3) די שפּאַניש־אַמעריקאַנער מלחמה.

(4) די ערשטע סטראָפע פון דעם ליד לייענט זיך אַזוי:

פילע שיפן גייען אונטער
און דערגרייכן ניט דעם ברעג!
אונדזער שיף גייט שטאָלץ און זיכער,
כאָטש געפּערלער איז איר וועג.
זי לאַכט אויס די גרעסטע שטורעמס
און די ימים ווילד און טיף,
אונדזער שיף איז פעסט און אייביק,
אונדזער שיף, די שטאַרקע שיף.

44

New York, June 1898.

**פּראָפ' לעאָ ווינער**

**מיין ליבער הער: —**

**איך שיק אייך די Proofs צוריק; איך געפין דאָרט נישט וואָס צו פיקסען. איז דער בוך שוין אַרויס פון דרוק? איז ער שוין געבונדן און פערטיק צום פערקויף, אָדער ער וועט ערשט ערשיינען אין הערבסט. ווי איך האָב פערשטאַנען פון אייער לעצטן בריוו?**

י. ליפשיץ

ווי איך פערשטיי האָבן די פובלישערס (פאַרלעגערס) געביטן זייער מיינונג וועגן אַרויסלאָזן דעם בוך אין הערבסט.

איך האָף אַז איר וועט מיר ענטווערן אויף מיינע שאלות.

אייער גאַנץ ערגעבנסטער

Morris Rosenfeld
1197 1th av.
New York
N. Y.

45

(18 יוני, 1898)

Yonkers New York
22 Mulberry st.

פראָפ׳ לעאָ ווינער

מיין ליבער הער: —

איר פרעגט מיך וואָס מיר פעלט, מיר פעלט געזונט. איך האָב שרעקלעכע הערץ קלאַפּען. איך בין קורץ אָטעם און זער, זער שוואַך. היינט פיל איך גראַדע אַביסל בעסער, נעכטן בין איך אָבער געלעגן דעם גאַנצן טאָג. אין אַלגעמיין איז די לופט אין יאָנקערס פיל בעסער פיר מיר ווי אין ניו יאָרק. איך האָב מיט אַ וואָך צוריק געשיקט 3 לידער. איך ווייס ניט אויב איר האָט זיי ערהאַלטן אָדער ניט. זאָגנסט גייט עס מיר ניט שלעכט מען האָקט ווי עס איז דורך אַ לעבן און מען ליידט קיין נויט. איך האָף אַז ווען איר וועט זיין פערטיק מיט אייער איבערזעצן וועט איר זיך ניט ענטזאָגן מיר אָבצושיקן די מאַנוסקריפּטן דען איך זאַמלע זיי. פאָר־לויפיק מער קיין נייעס, אייער גאַנץ ערגעבנסטער

Morris Rosenfeld

46

New York, october 6th 98.

פראָפעסאָר לעאָ ווינער

מיין ליבער הער: —

איז דאָס מעגלעך דאָס דער בוך זאָל שוין זיין אַרויס אויף דער וועלט און דער פערלעגער זאָל מיר נישט שיקן איין קאָפּיע? איך האָב געזען דעם בוך אַנאָנסירט

אין אַטלאַנטיק מאַנטהלי און אַנדערע מאַגאַזינען קיין פּרייז איז אָבער נישטאָ דערביי. ווי עס זעט אויס וועל איך אין גיכן פערקויפען מיין סטאָר און זיך ווידמען בוכשטעבלעך דער ענגלישן שפּראַכע און שרייבן צוריק מיינע לידער ווי אַמאָל. מיינע בעקאַנטע זיינען שוין געקומען פון די „קאָנטרעס״ און זעליגמאַן האָט מיך געשיקט רופן און פערשפּראָכן פיל פיר מיך צו טאָן. איך וואָלט וועלן קויפן אַ פינף און צוואַנציק עקזעמפּלאַרן פון מיין בוך אויף האלפּייל פּרייז, ליידער ווייס איך קיין פּרייז. האָפענדיק אַז עס וועט אייך נישט מאַכן צופיל טראָבל מיר צו ענט־פערן פערבלייב איך מיך האָכאַכטונג אייער עוויג דאַנקבאַרער

Morris Rosenfeld, 1197 First av. New York.

47

New York, oct. 12th 98.

פּראָפ׳ לעאָ ווינער.

מיר טוט זער און זער לייד וואָס מיסטער דיי(1) האָט מיך נישט געטראָפען צו הויז ווען ער איז געווען אין ניו יאָרק. די שולד איז נאַטירלעך זיין אייגענע, ער האָט מיר געדאַרפט לאָזן וויסן וועלכע צייט ער וועט זיין ביי מיר. וואָלט איך אים ערוואַרטעט.

דער בוכבינדער האָט געמאַכט זער אַ מיאוסן טעות ביים איינבינדן דעם בוך. איר ווייסט דאָך אַז אויפן לייַנוואַנד פון בוך־דעקל געפינען זיך צוויי העברעאישע בוכשטאַבן צוויי יי דער בוכבינדער איז אָבער אַ „גוי, אַ חמר״ און האָט איבערגע־דרייט דאָס לייַנוואַנד, און די בוכשטאַבן זיינען יעצט ווען מען עפנט דאָס בוך, גראַדע קאַפּויר. איך האָב זאָפאָרט געשריבן צו מיסטער דיי איך גלויב אָבער אַז עס איז שוין פאַרפאַלן. איך האָב דאָרט אויך צוגעשיקט, אויף מיסטער דייס פער־לאַנג, מיין אונטערשריפט אין יידיש און ענגליש אום זיי זאָלן עס קענען געברויכן אויף איין צירקולאַר וועלכן זיי געהען איצט דרוקן. איך האָב אָבער אַנגעסט זיי זאָלן מיין נאָמען נישט איבערדרייען אויפן צירקולאַר ווייל דאָס וועט דאָך געוויס דרוקן אַ „יוקעל״. אין הרכביס ווערטער בוך געפינט זיך אַ שיינער סטאָק מיט נביל פּה אַ שפּאַס האָט ער אַ ליטעראַרישן געשמאַק! לעזנדיק דעם יערלעכן לוח וועלכן ער האָט רעדאַקטירט אין וועלכן עס געפינט זיך אַ „וויץ״ ווי אַ שוסטער יונג איז אַריינגעפאַלן אין אַ גרוב מיט דרעק און דער בעל הבית האָט אים אַרום געלעקט (אַזוי האָט זיך עס דעם יונג געחלומט) און לעזנדיק זיינע „פילאָלאָגי״ אין זיין „נייעם גייסט״ (אַ ליכטיקן גן עדן זאָל ער האָבן) האָב איך געשריבן אַזאַ מין עפּיגראַמע:

„ער קען ער קען אַ פולע זאַכן,
(דער מענש שטודירט פון קינדהייט אָן)
ער מאַכט אַ שנאַפּס אויף אַלע שפּראַכן
און זאָגט אַ ליגן אויף זשאַרגאָן,
ער רעדאַקטירט דעם „שענעם" לוח
וואָס קומט אַרויס אַזוי בעטעמט...
און ווייזט אייך אויף אין נייעם רוח
דעם אָרט פון וואַנען זנב שטאַמט...

איך ווייס אַז לעאָן קאָברין(2) האָט אייך צוגעשיקט זיין ביכל סקיצן. איך ווייס נישט, איך ווער פון „יעקל בוילע" ניט ענטציקט. קאָברין שרייבט אַז „בוילע" איז אַ סקיצע פון יידישן לעבן, איך זע דאָרט אַזוי דעם יידישן לעבן פונקט ווי איך זע דעם גויאישן לעבן: איך זע דאָרט אַ טויט, אַ בושטעבלעך ליטעראַרישן טויט. דער מענש פירט אַ צימלעך שענע שפּראַכע אָבער זיין יעקל בוילע איז אַ כאַאָס אַ תהו ובהו פון איבערגעקייטע רוסישע נאָוועלן. בוילע ווערט גאָר מיט איין מאָל אַ פילאָזאָף און קלערט וועגן גאָטהייט. אַן אַלטער פרומער יידישער פישער זוכט די טאַבאַק פושקע ביי דער שיקסע אין בוזעם שטייענדיק שמונה עשרה. ווי געפעלט אייך אַ יידישער לעבן! היינט סתם איז דער שטאָף פון דער סקיצע צוזאַמענגעדריקט און צוזאַמענגעפּרעסט אָן אַ פיר וואָס. זיין „פידל" און זיין „מאָטקע פייפל" זיינען נאָכהאַמונגען (נאָר ליידער ניט קיין געלונגענע) נאָך „יאַסעלע סאָלאָוויי" און „סטעמפעניו". קאָברין האָט מיר געבעטן איך זאָל שרייבן עפּעס וועגן זיינע סקיצן פיר די צייטונגען, איך קען דאָס אָבער נישט טאָן ווייל שאַצן וויל איך אים נישט, און קיין גוטעס קען איך נישט זאָגן, ווען דער מענטש וואָלט אַוועקגעוואָרפן זיינע נאָכהאַמונגען און וואָלט געשריבן פון דעם היגן געטאָ לעבן וואָלט ער פיל בעסער געמאַכט.

מער קיין נייעס, פּאָרלויפיק מיין סטאָר האָב איך נאָך דערווייל נישט פערקויפט און וועל עס פיללייכט נישט פערקויפן ביז איבער ווינטער, עס איז פיל לייכטער צו קויפן, איך ענדיק יעצט אָרדנען אַלע מיינע לידער פיר איין גרויסן יידישן בוך שרייבט מיר אויב איר האָט צייט, ווי עס האַלט מיט אייער ליטעראַטור געשיכטע(3) ווען וועט עס פערטיק ווערן?

אייער גאַנץ ערגעבנסטער און אייביק דאַנקבאַרער

Morris Rosenfeld

נ"ב ווען איר וועט זיין אין ניו יאָרק וועל איך אייך צייגן מיינע לעצטע געדיכטע אונטער וועלכע, איך גלויב, עס געפינען זיך מאַנכע גוט געלונגענע.

(1) Dey — איינער פון די באַסטאַנער פאַרלעגער וואָס האָבן אַרויסגעגעבן „דהי סאנגס פראם דהי גהעטטאָ".

(2) לעאָן קאָברין, פאַרקערט, האָט שטאַרק געהאַלטן פון ראָזענפעלדן און נאָך אין 1894 געשריבן וועגן אים אין דער „פילאַדעלפיער שטאָט־צייטונג". אין די מעמואַרן, וואָס קאָברין האָט פאַר זיין טויט געדרוקט אין דער „מאָרגן־פרייהייט", שרייבט ער מיט גרויס פיעטעט וועגן ראָזענפעלדן, אַז „אין זיין האַרץ האָט ער, ראָזענפעלד, ווי די אַנדערע פון די היינטיקע אַלטע, געטראָגן די עקזיסטענץ פון דעם יידישן וואָרט, די טענער פון דעם יידישן ליד און די פאַרבן פון דער יידישער פאָלקס נשמה... יאָ, פון דעם לאַנגיאָריקן, עקשנותדיקן און יסורימדיקן קאַמף פון מ. ראָזענפעלד און זיינע חברים — צי באַוואוסטזיניקן אָדער ניט באַוואוסטזיניקן קאַמף — קעגן יענער טויבער צייט און קעגן יענער קאַלטער סביבה איז די היגע יידישע ליטעראַטור געבוירן געוואָרן, איר יידישע שרייבער און איר יידישע קולטור־טוער און איר, יידישע לייענער פון היינט!" („די מאָרגן פרייהייט", דעם 2טן מערץ 1946). אַ פּאָר חדשים פאַרן טויט האָט מיר לעאָן קאָברין געשריבן, אַז ער האָט „נאָכגעזוכט" אין זיין „אַרכיוו און נישט געפונען קיין איין געדרוקטע שורה פון מאָריס ראָזענפעלדן". אין דעם פריער ציטירטן אָפּשניט פון זיינע מעמואַרן שרייבט קאָברין: „איך באַדויער זייער פאַרוואָס איך האָב ניט אָפּגעהיט ביי זיך דעם בריוו, וואָס מאָריס ראָזענפעלד האָט דעמאָלט, בעת יענער אַרטיקל איז דערשינען אין דער „פילאַדעלפיער שטאָט־צייטונג", מיר נאָך דעם געשריבן וועגן דעם".

ראָזענפעלדס נעגאַטיווע מיינונג וועגן קאָברינען האָט אָבער ניט געהאַט קיין השפּעה אויף ווינערן, ווייל אין זיין History of Yiddish Literature האָט ער שטאַרק געלויבט קאָברינען ווי „איינעם פון די אָריגינעלסטע שרייבער פון דער רעאַליסטישער שולע... זיין אָפּשפּיגלען די נידעריקערע קלאַסן מיט זייער אומבויגזאַמער ליידנשאַפט, דערמאָנט זייער שטאַרק אָן דעם רוס. גאָרקיס אויסגעצייכנטע דערציילונגען". (ז' 225).

(3) געמיינט The History of Yiddish Literature וואָס ווינער האָט דעמאָלט געגרייט צום דרוק.

## 48

### (מסתמא נאָוועמבער 1898)

איך שיק אייך מיט דיזעס געדיכט אויך פּראָפ' זעליגמאַנס פּ"ק. גוואַלד, וואָס האָבן די פאַרלעגער צו מיר? פאַרוואָס שיקן זיי מיר ניט מיין חשבון? איך וואָלט זיי צוריסן פאַר דעס, די לייטע האַלטן מיך צוריק פון אַ געשעפט. דאָ הייסט עס שוין אייגנטלעך ניט אַז איך בין נערוועז אָדער אונגעדולדיג, לויט זייער אַגרימענט וואָלטן זיי מיר געדאַרפט נאָך אין פעברואַרי צו שיקן דעם חשבון. זיי האָבן צו מיר גאָרנישט. איך בין זיי גאָר נישט שולדיג. איך קען זיי אַריינשיקן אַ בריוו זיי זאָלן זיך האָבן „צו קראַצן" נאָר איך וועל מיין אייגענע ערע ניט בעליידיגן. איך האָף צו הערן פון אייך וועגן דעם. שרייבט מיר אין ענגליש דאָס די פּובלישערס וועלן מיר אַרויסשיקן דעם חשבון וועל איך עס ווייזן פּראָפ' זעליגמאַן און בעקומען געלט גע־

באַרגט דערויף. מיר טוט לייד אייך אַזוי פיל צו באַמיען איך בין אָבער געצוואונ־
גען. אייער

M. Rosenfeld

**49**

New York
January 14-99
149 W. 108

My Dear Prof. Leo Wiener:—

I beg to enclose a little poem that I ventured to write in the English language(1). Hoping to hear your opinion about it I remain

Yours truly

Morris Rosenfeld

P. S. I have no other copy with me. Kindly send it back.

(איבערזעצונג: מיין טייערער פּראָפ׳ לעאָ ווינער: —

דערלויבט מיר בייצולייגן אַ ליד, וואָס איך האָב פּאַרזוכט צו שרייבן אויף ענגליש. איך האָף, צו הערן אייער מיינונג וועגן דעם און פאַרבלייב
אייער באמת

מאָררים ראָזענפעלד

P. S. איך האָב נישט קיין אַנדערע קאָפּיע מיט זיך. זייט אַזוי גוט און שיקט עס מיר אָפּ.)

---

(1) מסתמא דאס ליד I know not why זע הערה 2 צו דעם בריוו צו ווינערן פון 12טן אפריל, 1898.

50

(סוף יאַנואַר אָדער אָנהייב פעברואַר, 1899).

(דער אָנהייב פון בריוו פעלט)

...געדיכט און פיליכט איינציק אין זיינע אַרט אין יידיש־דייטש. פרץ האָט זאָגאַר אויך געשריבן וועגן ליבע. לאָמיר זאָגן „מאָניש“. זיין געדיכט איז אָבער מער פאָלקסגעדיכט און די שפּראַכע איז סטריקט לאָקאַל, וואָס עס איז נישט דער פאַל מיט מיין „שולמית“.

און סוף־כל־סוף איז „מאָניש“ קיין ליבעס־געזאַנג, ווייל אין מיטן דערינען פאָרט ער אַריין מיט צו פיל אַווטאָלאָג (?) און זאָגאַר מיט אַ גאַנצע שטיק סאַטירע ווי „ציגן עסן די דעכער“, וועלכעס נעמט אַוועק פון זיין „מאָניש“ די קדושה, און מאַכט אַז מען זאָל נעמען שמייכלען. איך שיק אייך מיין „שולמית“ צו וויזן. אָבוואָל איך בין געוואַלדיק פערנומען, פון דעסט וועגן גיב איך מיר די מי אין מיינע איבע־ריקע מינוטן עפּעס אָנצושרייבן. איך האָב אויפגעגעבן דעם געדאַנק פון שרייבן ענגליש. אין יידיש אָבער האָף איך נאָך זייער פיל אויפצוטאָן. ווער ווייס וויפל בי־כער האָבן די פובלישער פערקויפט? האָט איר געזען דעם טשיקאַגאָ „דאַיעל“ Dial?[1] ביטע שיקן זי מיר מיין געדיכט צוריק, ווייל איך האָב קיין אַנדער קאָפּיע מער. וואָס האָט מען אייך געשריבן פון וואַרשע וועגן מיינע געדיכטע? איך אַרבעט יעצט אין קאָלאָמביע־אוניווערסיטעט־לייברערי(2). מער קיין נייעס, אייער עוויג דאַנק־באַרער

M. Rosenfeld.

---

(1) אין *Dial*, פון 16טן יאַנואַר 1899 איז אָפּגעדרוקט אַ קריטישע נאָטיץ אויף ראָ־זענפעלדס ביכל *Sngs from the Ghetto*. ראָזענפעלד ווערט שטאַרק געלויבט ווי אַ „פּאָעט פון זעלטענעם ווערט... מען מעג אים אָנרופן דער היינע פון דעם „סוועטשאָפּ“ און פון דער פאַב־ריק... אָבער מער פון אַלץ איז ער אַ שטים, וואָס לאָזט הערן וועגן זיינע און זיין פאָלקס ליידן און איבערלעבענישן“.

(2) פּראָפעסאָר זעליגמאַן האָט געקראָגן פאַר ראָזענפעלדן אַ שטעלע אין דער ביבליאָטעק פון קאָלאָמביאַ־אוניווערסיטעט, וואו ראָזענפעלד איז אָנגעשטעלט געוואָרן צו קאַטאַלאָגירן יידישע ביכער. ער האָט זיך אָבער דאָרט לאַנג נישט געהאַלטן.

51

New York
February 14th, 1899.

Prof. Leo Wiener.

My Dear and Honored Sir.

Your Letter and the "Nation" at hand. I was already informed about the article in the "Nation"(1) by my friend Dr. Smulizansky of Wiesbaden (Germany) and I was very eager to see it. I am therefore very grafetul to you for sending it to me. As to what I am doing now? — well, I do something that is nothing. I work at Columbia University Library. I am cataloguing Hebrew books there. God knows how I hate this dry and tiresome work. When will the publishers send us some account?

Please let me hear from you.

Yours Sincerely

Morris Rosenfeld

(איבערזעצונג:

פראָפ׳ לעאָ ווינער

מיין טייערער און געערטער הער.

אייער בריוו און די Nation דערהאַלטן. מיין פריינד דר׳ סמוליזאנסקי פון וויסבאַדען (דייטשלאַנד) האָט מיר שוין געהאַט צו וויסן געגעבן וועגן דעם אַרטיקל אין דער „נאַציאָן״ און איך בין געווען זייער נייגעריק דאָס צו זען. איך בין אייך דעריבער זייער דאַנקבאַר דערפאַר וואָס איר האָט דאָס מיר געשיקט. איך דאַנק אייך אויך אין פאָרויס פאַר די אַרטיקלען וואָס איר האָט מיר צוגעזאָגט צו שיקן. וואָס שייך מיין טאָן איצטער. נו, איך טו עפּעס וואָס איז גאָרנישט. איך אַרבעט אין דער ביבליאָטעק פון קאָלאָמביע אוניווערזיטעט. איך קאַטאַלאָגיר דאָרטן ביכער. גאָט איז מיין עדות, אַז איך האַס די טרוקענע און איינמאַטערנדיקע אַרבעט. ווען וועלן די פאַרלעגערס אונדז שיקן אַ חשבון? כ׳בעט אייך לאָזט הערן פון זיך.

אייער איבערגעגעבענער

מאָררים ראָזענפעלד)

(1) Die Nation, Berlin, Januar 21, 1899. דאָס גרעסערע אַרטיקל וועגן ראָזענפעלדס לידער אויף ענגליש „סאָנגס פראָם דהי געטאָ" וואָס פראַנץ בליי פון פילאַדעלפיע האָט אָפּגעדרוקט אין דער ערנסטער צייטשריפט, איז געווען איינע אַ גאָר פיינע אַנאַליטישע אָפּהאַנדלונג.

„מיר לעבן ניט איבער קיין געפילן" ביים לייענען ראָזענפעלדס לידער, זאָגט בליי, „וואָס זיינען אונדז שוין באַקאַנט. מיר לעבן איבער גאָר נייע איבערלעבונגען וואָס וועקן קודם כל אין אונדז די מענטשלעכע געפילן און נאָך דעם ערשט דערוועקן זיי (די לידער) אין אונדז קינסטלערישע געפילן... וואָס ראָזענפעלד וויל אונדז לאָזן הערן אין זיינע לידער, זאָגט ער אונדז אייַנפאַך, ער זוכט נישט קיין ספּעציעלן אויסדרוק, ער בלייבט ביי דער זאַך. מיר ווערן געוואר פון די לידער וועגן זעלנצושטאַנדן, געדאַנקען און חלומות פון אַ יידישן פּראָלעטאַריער. דער יידישער פּראָלעטאַריאַט איז אַ צווייפאַכער פּראָלעטאַריאַט — דאָס מיינט אַ לאַסט אויף אַ לאַסט... מיר (די דייטשן) האָבן אַ סאָציאַליסטישע ליריק וואָס איז אַ בירגערלעכע, פון בירגערלעכע דיכטערישע אידעאָלאָגן, וואָס נעמען זיך צום האַרצן פרעמדע ליידן... ראָזענפעלד איז אַ פּראָלעטאַריער.... ער רעגט זיך נישט אויף איבער פרעמדער נויט, נאָר וועגן זיין אייגענער נויט. ער באַגייסטערט זיך נישט מיט דיכטערישער שיכרות פאַר דער באַפרייאונג פון די פּראָלעטאַריער, נאָר פאַר דער פרייהייט, וואָס וועט אויך מיינען ז יי ן אייגענע באַפרייאונג".

52

New York
Feb. 28. 1899.
149 W. 108 St.

פּראָפ׳ לעאָ ווינער

מיין טייערער הער

ביילִיגענד ביטע געפינען זי איין בריוו וועלכנס אינהאַלט וועט אייך פיליייכט אינטערעסירן. איך בין איבערצייגט אַז איך קען נאָך צוזאַמענשטעלן אַ גוטן באַנד מיט לידער וועלכער זאָל ערוועקן די זעלבע, אָדער נאָך אפשר מער אינטערעס ווי מיין ערשטער באַנד. ווי איר ווייסט קען איך אָן אייער הילפע די לידער נישט געבן צום דרוק. פּראָפ׳ זעליגמאַן האָט מיר געזאָגט אַז דיזע פירמא איז איינע פון די פיינסטע פירמאס אין אַמעריקא און זיי וואָלטן אַרויסגעגעבן אַ פּרעכטיקן באַנד. איך האָב נאָך דערווייילע גאָר נישט געענטפערט, ווייל איך וויל וויסן וואָס איר וועט זאָגן צו דעם. איך פערזיכער אייך צוזאַמענצושטעלן אַ בוך מיט פּאָעזי וואָס זאָל מיך שטעמפּלען אַלס אַ מייסטער. איך וויל אָבער אַז איר זאָלט מיך נישט פערלאָזן. איר האָט מיך אַרויפגעפירט אויף דעם וועג פון לעבן, אָבער לאָזט מיך נישט איבער איינעם אַליין. איר פערשטייט גאַנץ גוט אַז איך קען געפינען מענטשן וואָס קענען איבערזעצן, איך וויל זיי אָבער קיינעם נישט קענען דען איר זייט נישט נאָר

מיינער אַן איבערזעצער זאָנדערן מיינער אַן עצה־געבער און אַ פריינד. איר קענט מיט מיר מאַכן וועלכע בעדינגונגען איר ווילט איך וועל מיט אַלעס צופרידן זיין. איך וועל ענטווערן דער פירמא אומגעפער דאָס דאָזיגע: דאָס איך בין בערייט צו פערקויפן זיי מיין צווייטעס ווערק וועלכעס איז אַזוי גוט ווי פערטיג צום דרוק אויב זיי וועלן מיט מיר האַנדלען אין אַ וועג וואָס זאָל מיך צופרידן שטעלן. דען זיי זיינען נישט די איינציגע, מערערע פירמאס האָבן מיר געשריבן בריוו אויף אַזאַ שטייגער ווי זייער בריוו איז. אויב איר ווילט אַזוי גוט זיין און אויב אייער צייט ערלויבט אייך קענט איר דעם בייגעלייגטן בריוו בעאַנטוואָרטען. האָפענדיג פון אייך צו הערן ווי צום גיכסטן פערבלייב איך אייער גאַנץ ערגעבנסטער

M. Rosenfeld.

נ״ב. האָט איר געזען וואָס W. D. Howells שרייבט אין די Literature(1) פון פעברואַרי דעם 10טן אין די פילאַדעלפיאר „סאטורדיי איווניג פאָסט״ פון פעברואַרי דעם 4טן?

---

(1) אין אַ לענגערן און זייער וואַרעמען אַרטיקל אויף דער ערשטער זייט פון Literature שרייבט דער בארימטער נאָוועליסט האָועלס, אַז „מר. ראָזענפעלד איז שטענדיק פשוט אין זיין שאַפן און אַז מחמת דער פשטות איז זיין שאַפן נאָך גרעסער און אויך סובטיל. דעם פאָעטס עקאָנאָמישער קרעדאָ קאָן מען אַרויסזען דערפון וואָס ער האַלט, אַז מען דאַרף פאַרדאַמען די באַדינגונגען און נישט די גייציקייט און די אכזריות פון געציילטע מענטשן״. האָועלס פאַרענדיקט אַז „עס איז נישט קיין וואונדער וואָס דאָס קול (ראָזענפעלדס) לאָזט זיך הערן צווישן אונדז, ווייל מענטשן פון דעם אופן טראַכטן, האַלטן, אַז דאָס „סיסטעם״ איז ביי אונדז ווייניקער קרעמפּירט פון געזעצן און פון דער עפנטלעכער מיינונג ווי ערגעץ אַנדערשוו. אין מיטן פון דער עקאָנאָמישער שקלאַפעריי רופט אונדזער מאָדנע פאָליטישע פרייהייט צו רעוואָלט און פראָטעסט אַלע די, וואָסליידן פון דעם סיסטעם. דאָס איז דאָס האַרץ פון מר. ראָזענפעלדס פּאָעזיע. דאָס זיינען די באַציאַלע סיבות פאַרוואָס די שפּראַך פון דעם אונטערגעדריקטן פאָלק זאָל זיך דאָ אַזוי צעבליען ווי דאָס לשון האָט זיך נאָך קיין מאָל אַזוי נישט צעבליט. אָבער די אַנטוויקלונג פון דעם דיאַלעקט קומט פון אַן עוואָלוציע פון געוויסע קוואַלן „וואָס זיינען שוין גאָרנישט אַזוי קלאָר. איך זע אַ געוויסן פּאַטאָס אין דער השערה אַז דער אַרויסגעשטויסענער דיאַלעקט דערגרייכט מסתמא זיין העכסטן שפּיץ אין דעם מאָמענט פון זיין פאַרשווינדן אין דער וועלט פון אַמעריקאַנער ענגליש אַרום זיך״.

53

ניו יאָרק מארץ 5. 1899.

מיין ליבער פראָפ׳ לעאָ ווינער

איך בין גוואלדיג צופרידן וואָס איר האָט זיך גענומען צו מיינע ליריק(1).

לײדער מוז איך אויסלאָזן דאָס געדיכט „צו אַ לויפיגן וואַסער" ווײל איך האָב עטוואָס ענלעכעס געזען אין ענגליש און מען וועט זאָגן אַז איך האָב דאָס גענומען ווערנד דאָס וועט זײן אַ ליגן, בעסער לאָזט עס גײן. וועגן מײנע „ימים טובימדיגע" לידער קען איך אײך נאָר צושיקן דרײ, וועלכע איך גלויב זײנען זער שײן. נעמליך „קריעת ים סוף" דאָס הײסט אַ פּסח ליד „אַ טרינק ליד", פיר פּורים און נאָך עטוואָס וועל איך אויסזוכן די בעסטע פון מײנע לידער. וואָס איך שיק אײך יעצט איז די סעריע לירישע לידעלעך אונטער דעם טיטל: „מײנע קלאָגן". דאָס האָב איך געשריבן ליגנדיג אין האָספּיטאַל ווען די סוועט שאָפּ האָט מיך אויסגעשפּײט און די דאָקטוירים האָבן מיך אויפגעגעבן. דאָס לידעלע „מײן לעצטע טרײסט" איז אויך פון דעם זעלבן כאַראַקטער. וואָס איז דער מער וואָס איך הער נישט פון קאַפּעלאַנד אונד דײה?

זײ האָבן מיר נאָך דעם חשבון נישט צוגעשיקט.

מײן געדיכט „קריעת ים סוף" איז נישט אײן געוואוינליכעס געדיכט. מען קען זאָגן אַז ער איז אַ קאָמענטאַר אויף געוויסע שטעלן אין דער ביבל אין בעצוג אויף די אויסליפערונג פון מצרים. איך וועל אײך ערקלערן אַן אַנדערס מאָל וואָס דאָרט ליגט. שרײבט מיר אויב איר האָט ערהאַלטן דיזע געדיכטע. אײער

מאָררײס ראָזענפעלד

נ"ב. פון די נאַציאָנאַלע לידער זײנען די שענסטע פון די וואָס איך שיק אײך יעצט „אַ גרוס צו ציון" און „אונזער שיף" וועלכעס איז יעצט געוואָרן אײן נאַציאָנאַל געזאַנג אונטער די ײדן. איך גלויב אַז מיט אויסנאַמע פון מײן „שולמית" האָב איך אײך נישט פיל מער צו שיקן דארום זעט אַרײנצוגעבן וואָס מער פון די וואָס איך שיק אײך. וואָרום גיט איר נישט אַרײן אַזאַ מײנעם ליד ווי אַ „פרילינגס געזאַנג"?

---

(1) ווינער האָט דאַמאָלס געגרײט אַ פאַרגרעסערטע אויפלאַגע פון Songs From the Ghetto וואָס איז דערשינען אין 1900.

54

New York
Mar. 7. 1899.

ווערטער פּראָפּעסאָר לעאָ ווינער,

איך שיק אײך מיט דיזן בריוו אײן פּורימדיגע באַלאַדע אנשטאט „דעם טרינק

ליד" אויף פורים. דעם ליד וואָס איר בעקומט דאָ יעצט האָט מען אַמאָל גוואַלדיג געלויבט צוליב זיין שיינע פאָרם און טיף פילאָזאָפישן אינהאַלט. אויב איר פערשטייט דאָרט נישט מאַנכעס וועט עס אייך באַראַזאָוסקע ערקלערן. די קונסט פון דיזן ליד איז וואָס איך האָב גענומען די גאַנצע מגלה פון פורים און געמאַכט דערפון אַ קור־צעס געדיכט וועלכעס ענטהאַלט אַלעס.

55

New York
Mar. 7. 1899.
985 Amsterdam av.

מיין ליבער פראָפעסאָר לעאָ ווינער: —

אייער בריוו מיט דעם בייגעלייגטן ענטפער פון די פערלעגער האָב איך ער־האַלטן. איר האָט גאָר נישט וואָס צו פרעגן איך בין פּאָזיטיוו צופרידן. איך האָף אַז מיר וועלן אומשטאַנדע זיין צוזאַמענצושטעלן אַ בוך מיט פיינע לירישע געדיכ־טע. איר מוזט אָבער זען אַריינצוגעבן וואָס מער פון די לידער וואָס איך שיק אייך, דען איך האָב נישט צופיל לירישע געדיכטע. לאָמיר אפשר מאַכן איין קליינע אב־טיילונג פון ליבע לידער? אַ טייל וועט איר אַרויסנעמען פון „לידער בוך" און אַ טייל שיק איך אייך צו.

אין דעם ליד מיין פאָטערלאַנד וויל איך אומבייטן צוויי ליניען אנשטאט

„אָ פאָטערלאַנד, ווי וואָלט איך קיסען
דיין יעדווידער שטיינדל איצונד
אָ, רוסלאַנד, ווי וואָלט איך צוריסן
דיין צאַר אָ, דעם בלוטיגן הונד":

וויל איך איבערמאַכן אַזוי:

אָ, פאָטערלאַנד, ווי וואָלט איך קיסען
דיין יעדווידער שטיינדעלע איצט
אָ, רוסלאַנד, ווי וואָלט איך צוריסן
אָ דעם וואָס אין גאטשינא זיצט.

איר וועט אַליין צוגעבן אַז דער וואָרט „הונט" אין אַ לירישעס געדיכט איז זער ניט פּאָעטיש, און עס איז ווירקליך צו גראָב, איך בעט אייך שרייבט עס אים און לאָזט מיר וויסן אויב איר האָט עס אומגעשריבן.

איך מוז אייך דעם אמת זאָגן אַז, מיין ליד „ווידער זינג איך" געפעלט מיר ניט אַלס דאָס ערשטע געדיכט אינם בוך. ווייל אין גרונט גענומען איז עס נאָר אַ

צ יי ט  געדיכט. אוןווירקליך וואָס פיר אַ פּנים ווען עס וועט האָבן ווען עס וועט זיך עפענען אַ בוך מיט אַ ליד וואו איך דערצייל אַז איך זינג נאָר „ווינטער" איין איינ־לייטונגס געדיכט צו אַ בוך דאַרף זיין נישט אין אַ כאַראַקטער פון אַ צייט געדיכט, מיר וועלן דערווייל איבערלאָזן דעם פּלאַץ פיר אַ ערשטעס געדיכט ליידיג, ווייל איך האַלט יעצט אין שרייבן עפּעס אַזעלכעס וואָס וועט ענטשפּרעכן דעם כאַראַק־טער פון מיין זינגען אין אַלגעמיין. ווייטער געפעלט מיר זער אייער וועלן די לידער עס ווייזט אַז איר בעזיצט אַן אמת פּאָעטישע נשמה.

זאָל איך אייך צושיקן מיין „שולמית"?

מער קיין נייעס פּאַרלויפּיק

אייער עוויגער

M. Rosenfeld.

נ"ב. איר האָט שוין בעקומען דעם חשבון פון Capeland Day? איך פערשטיי גאָר נישט פיר וואָס זיי שיקן עס מיר נישט? איך בין זיי מוחל יעצט דאָס געלט. איך דאַרף אָבער זער נויטיג דעם חשבון, ווייל איך האַלט אין קויפן איין געשעפט און קען אויף דעם חשבון בעקומען דאָס געלט געבאָרגט ביי פּראָפ' זעלגימאַן, אָדער איין אַנדערן..

זייט אַזוי גוט און ענטווערט מיר וועגן דעם.

ד"ז

נ"ב. איך האָב געזען דעם "Book Man" און אויך דעם דייטשן זשורנאַל „מאָ־דערנע ליטעראַטור"(1).

---

(1) וועגן Bookman זע הערה צו ווינערס בריוו פון 8טן מערץ, 1898. דעם נומער פון דייטשן זשורנאַל „מאָדערנע ליטעראַטור" האָב איך נישט געקאָנט קריגן אין די ניו־יאָרקער גרע־סערע ביבליאָטעקן.

56

New York
Mar. 8. 1899.

מיין ליבער פּראָפ' לעאָ ווינער: —

אייער לעצטע פּ"ק ערהאַלטן. כסדר: איך האָב אויף אייך קיין פּאַראיבל וואָס איר בראַקירט אויס מאַנכע לידער אין געגנטייל איך בין אייך מער אַלס דאַנקבאַר

דערפאַר. איך בין אימשטאַנדע צו שאַפן זער גוטע לידער פיר דעם יעצטיגן בענדל, ליידער בין איך אַזוי צודרייט אַז איך ווייס ניט אויף וואָס פיר איין וועלט איך בין. פערגעסט ניט אַז עס איז ניט קיין קלייניגקייט אַדורכצוזען לירישע לידער צום דרוקן! בערעכנט וועלכע זעלענרו אַזאַ מין ארבייט פאָדערט!

איך גלויב אַז איר וועט נעמען אין אָנבעטראַכט וואָס איך גיי אייך יעצט זאָגן. נעמליך: דער בעסטער און שטאַרקסטער טייל פון דיזן באַנד זאָל בעשטיין פון געלעגנהייטס געדיכטע. איך שיק אייך יעצט דריי פון מיינע בעסטע געלעגנהייטס געדיכטע און וועל אייך שיקן מער אויב איר וועט אָננעמען דיזע. איך ערוואַרט אייער ענטפער מיט דער צווייטער פּאָסט. אייער גאַנץ ערגעבנסטער

M. Rosenfeld, 985 Amsterdam av.

איך בעט אייך גיט גוט אַכט אויף מיין יעצטיגע פּאָסילקע ווייל אַזעלכע גוטע לידער האָב איך נישט פיל. איך גלויב אַז איר וועט נעמען זיי צו בעטראַכטן.

57

New York
Mar. 13. 1899

מיין ליבער פּראָפ׳ לעאָ ווינער: —

ווי איר זעט האָב איך אייך צוגעשיקט די לעצטע געדיכטע שנעל איינע נאָך די אַנדערע. איך וואָלט געוואָלט הערן אייער מיינונג וועגן מיין „אַרבייטער", „צו די מוזן", „ווינטער" און „פיר וואָס איך וויל פריי זיין". ווייטער וועלן מיר שוין ריידן ווען איר וועט זיין אין ניו יאָרק.

אייער עוויגער

M. Rosenfeld
985 Amsterdam av.

58

New York, March 30, 1899, 985 Amsterdam Ave.

מיין ליבער פּראָפ׳ לעאָ ווינער: —

איך שיק אייך איין געדיכט, וועלכעס איך גלייב איז גענוג פּאַסנד פיר דער נייער אויסגאַבע. איך האָב אָבער ביי מיר קיין אַנדער קאָפּיע. אויב איר וועט דער מיט פערטיק ווערן, בעט איך אייך מיר דיזעס געדיכט אומצוקערן, ווייל איך וויל

עס דרוקן אין איינער פון די יידישע צייטונגען. אייער בוך „די געשיכטע פון די יידישע ליטעראַטור” האָט אָנגעמאַכט אַ גאַנצע איבערקערעניש אין דעם ניו־יאָרקער „חזיר־מאַרק”. איר האָט אַריינגעוואָרפן אַ שטיין אין דעם גרויסן מוראַשניק און עס טוט זיך מעשים. איך האָב יעצט קיין צייט. ביי דער ערשטער געלעגנהייט וועל איך אייך שרייבן וואָס דאָ טוט זיך. דער אמת איז אָבער, אַז איר האָט געמאַכט עטלעכע ג ר ו י ס ע  ט ע ו ת ן, נעמלעך מיטן שרייבן: 1) אַז גאָרין איז אַ הומאָריסט(1), ווערנד ער איז דער טרוקנסטער יידישער שרייבער. 2) מיטן מאַכן דעם גרעסטן באָטשער הערמאַלין פיר אַ גאַנצע צאַצקע(2). און מיטן באַטיטלען אַן איינפאַכן גראַמען־פלעכטער וואָס קיין יידישע צייטונג, אַפילו די ערגסטע, וויל זיינע גראַמען ניט דרוקן, מיט דעם נאָמען באַלאַדיסט. איך מיין דעם בדחן רייננ־גאָלד(3) און נאָך און נאָך זאַכן וואָס באַווייזט, אַז איר האָט גאָרניט פיל געלעזן, אָדער בעסער געזאָגט: גאָרניט געלעזן וואָס דיזע שרייבער האָבן געשריבן. מיר אַרט עס ווי דעם נעכטיקן טאָג, נאָר אַ סך ליטעראַטן זיינען שרעקלעך אויפגע־בראַכט און מען וועט אייך ביטער קריטיקירן. אין דער איילע, אייער גאַנץ ער־געבנסטער,

M. Rosenfeld.

---

(1) ווינער האָט געשריבן, אַז ב. גאָרין, דער דערציילער און שפּעטערדיקער מחבר פון „די געשיכטע פון יידישן טעאַטער”, „האָט צוערשט זיך אָפּגעגעבן כמעט אין גאַנצן מיט שרייבן סקיצן אויף דעם אופן ווי דאָס שרייבן אַזעלכע רוסישע שרייבער ווי שטשעדרין, אָבער ער האָט גיך אָנגעהויבן נאָכגיין דעם ביישפּיל פון די וואָס האָבן געשריבן אין אַמעריקע און אָנגעהויבן איבערזעצן פרעמדע שרייבערס, האָט געשריבן רעצענזיעס און וויסנשאַפטלעכע פּאָפּולאַריזאַציעס”:
*(The History of Yiddish Literature in the Nineteenth Century, New York,* 1899, p. 225.)

(2) הערמאַלין, וואָס האָט געשריבן אַ גרויסע צאָל פאַרווילונגס־ראָמאַנען און „באַרביי־טעט” ווערק פון גרויסע אייראָפּעאישע שרייבערס אויף אַ גאָר לויזן אופן, ווערט אַזוי שטאַרק געלויבט פון ווינערן, אַז אַנגעזעענע שרייבערס האָבן זיך געמוזט פילן געטראָפן דערפון. „צווישן די שרייבערס פון היסטאָרישע עפּייען — שרייבט ווינער — איז דער צוזאַגנדיקסטער דער רומע־נער ד. מ. הערמאַלין, וועמענס „מחמד” און „ישו פון נצרת” זיינען ניט נאָר געשריבן אָן פאָר־אורטייל וועגן פרעמדע רעליגיעזע לערערס, נאָר זיי זיינען פון די זייער קליינע צאָל יידיש־דייטשע ביכער וואָס האָבן אַ קריטישן אַפּאַראַט” (ז' 228).

(3) יצחק רייננגאָלד (1873 — 1903) האָט געשריבן פּאַראָדיעס, טעאַטער קופּלעטן און אויך ערנסטע לידער, וואָס זיינען געווען פּאָפּולער צווישן אַרבעטער און טעאַטער־גייער אין שיקאַגאָ. אַ סך לידער זיינע זיינען געזונגען געוואָרן מיט פּאָפּולערע אַמעריקאַנער מעלאָדיעס. לעאָ ווינער האָט געהאַלטן אַז „רייננגאָלד פון שיקאַגאָ איז אַ פּראָמפּערדיקער באַלאַדיסט, וואָס שלאָגט טייל מאָל אָן אַ גוטן טאָן אין זיינע לידער. אין די (בעסערע) לידער איז ער אָבער מוראַדיק ענלעך צו געוויסע שטעלן אין ראָזענפעלדס פּאָעזיע פון וואַנען, ווי עס ווייזט, ער נעמט דעם ווערטער־שאַץ, אָזיב ניט די אינספּיראַציע” (געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור ז' 120). ראָזענפעלדן, זעט אויס, איז ניט אָנגעשטאַנען צו האָבן רייננגאָלדן פאַר אַ תלמיד.

59

New York
Apr. 11. 99.

פראָפ׳ לעאָ ווינער

מיין טייערער הער: —

איך האָב אַלץ געוואַרט אום צו קענען אייך שרייבן בעשייד וואָס איך טו. ליידער האָב איך מיך ניט געקענט ערוואַרטן און איך שרייב אייך דאָס איך טו נאָך פאָרלויפיג גאָר ניט. איך בין אַזוי פערדרייט און פערטיפט אין מיינע צרות, אַז איך האָב צומאָל קיין צייט אַ צייטונג צו לעזן, נאַטירלעך וועט דיזע פערדרייעניס אויפהערן ווען איך וועל האָבן געקויפט איין געשעפט. (און אפשר ניט)) ווי איך האָב יענע וואָך באַמערקט, האָט הארקאוויע געהאַלטן וואָרט: דען ער האָט אָנגעסטראָיעט דעם אַלטן בחור, דעם קריינק וויערניק(1) ער זאָל אייך בעליידיגן. איך בין איבערצייגט אַז הארקאוויע האָט געהאָט אַ האַנד אין דיזן אַרטיקל. איך וואָלט אייך געבעטן אים נאָמען פון אייער ערע, ווען איר וועט זיין אין ניו יאָרק זאָלט איר אויסמיידן קאטצענעלבויגנס ספרים־געשעפט. דאָרטן איז יעצט די טרעמפארניע פון אלל חזר־מארק(2) ליטעראַטן, און עס איז נישט נאָך אייער ווירדע דיזן פלאַץ צו בעזוכן ווען זאָגאַר וועגן געשעפט. איך האָב אימער געהאַט אַ טעות, איך האָב גע־מיינט אַז וויערניק איז בלויז אַ קריינק, זיין אַרטיקל געגן אייך האָט מיר אָבער איבערצייגט אַז ער איז אַ לומפ און אַ פערקויפטע נשמה צו שרה זאָהן. דען הערט אַ פרעכהייט און אַ געמיינהייט!

„דאָס בעסטע וואָס עס געפינט זיך אין אייער כריסטאָמאַטי׳ע — שרייבט ער — איז פרישמאַנס האַרטער ביסן״. דאָס הייסט פרוגס, אַבראַמאָוויטשעס, ווינטשעווסקעס זאַכן טויגן דאָרטן גאָר ניט, שוין ניט ריידנדיג פון פרצס אין מיינע. דער כלל, עס איז כדי (כדאַי) צו שרייבן וועגן יידיש־דייטש ווען מען בעקומט אַזאַ בעלוינונג!

מער קיין נייעס פאָרלויפיג אייער עוויג דאַנקבאַרער

Morris Rosenfeld

נ״ב. עבן יעצט האָב איך ערהאַלטן אייער בריוו מיטן „מאני אָרדער״ — דאַנקע בעסטנס.

---

(1) פרץ (אדער פיטער) וויערניק (1865 — 1936) איז געווען לאַנגיאריקער רעדאקטער פונעם ניו־יארקער „מארגען־זשורנאַל״, מיטאַרבעטער פון דער ענגליש־יידישער ענציקלאָפעדיע, וואו ער

האט געשריבן וועגן יידישע שרייבער, און דער מחבר פון דער „געשיכטע פון די יידן אין אמע־ריק", וואס איז דערשינען אויף ענגליש און אויף יידיש.

(2) דער אויסדרוק „חזיר מאַרק" איז פון די יידישע אימיגראַנטן באַנוצט געוואָרן בלשון כּגי־נהור אויף דעם העסטער גאַס מאַרק, וואס איז געווען דער צענטער פון דעם שפּייז־פאַרקויף און פון פּעדלער געשעפטן פון דער יידישער איסט־סייד און מע האט דאָרט נישט געקאָנט גע־פינען, פאַרשטייט זיך, קיין סימן פון חזיר. מאָריס ראָזענפעלד באַנוצט דעם אויסדרוק אויף אַ גאַנץ אַנדערן אָבער קלאָרן אופן, וואס דאס וואָרט „טרעמפּאַרניע" (טרעמפּ: באָסיאַק) מאַכט נאָר בולט.

**60**

New York
May 14. 1899

פּראָפ׳ לעאָ ווינער

מיין טייערער הער: —

אייער „ספּעשיל דעליווערי" בריוו ערהאַלטן. ניין, איך האָב פון די פּובלישערס קיין בריוו בעקומען. זיי האָבן וואַרשיינליך געשיקט אויף דער אַלטער אַדרעסע און עס איז פערלאָרן געגאַנגען. כּסדר: איך זע ניט קיין אַנדער פּלאַן אויסער אייער פ א ר ש ל א ג: צו „טרייען" פערקויפן די פּלאַטן די טשיקאַגאָער פ י ר מ א. איך פערלאָז מיך אַלזאָ אויף אייך שרייבט און מאַכט וואס רעכט איז. איך האָב געקויפט אַ געשעפט. יידישע געשעפטן אוי, יידישע פּרנסות! אַן אפּרייטער, אַ פּעדלער, אַ „ניוס־דיעלער" אוי, אַ ניוס דילער! דאָס איז אַ פּרנסה, ווער מיר בייז ווינשט זאָל האָבן אַזעלכע פּרנסות. נאָר וועגן דעם אַן אַנדער מאָל.

הארקאַווי האָט דאָ געוואָלט שפּילן אַ פּאָליטישן שפּיצל נאָר עס איז אים ניט געלונגען. ער גיבט עפּעס אַרויס אַ מין שמאַטע אַ לוח, איר ווייסט דאָך זיינע לוחות! דאָרטן גלויב איך שרייבט גאָרין(1) און אויב איך האָב קיין טעות שרייבט ער וועגן אָדער געגן אייך. דער פּוקס הארקאַווי האָט מיך אַלזאָ אויך געוואָלט אַריינקריגן אַלס מיטאַרבעטער אין זיין לוח דען ער האָט מיך איינגעלאַדן דאָרט צו שרייבן. איך האָב מיך אָבער ענטזאַגט דען איך וויל מיט דיזעס אַבסאָלוט קיין שייכת ניט האָבן.

דערווייל מער קיין נייעס איך וועל אין קורצן מער שרייבן דערווייל מוז איך אייך זאָגן זייט געזונד און מאַכט וואָס רעכט איז מיט דיזע צוויי פירמאס אייער ערגעבנסטער מ. ראָזענפעלד.

אין דער בערימטער פראַנצויזישער צייטונג "Le Temps"(2) איז געווען אַ גרוי־סער און גרויסאַרטיגער אַרטיקל וועגן מיין בוך פילע לידער זיינען איבערזעצט גע־וואָרן אין פראַנצויזיש.

(1) אין אלכסנדר הארקאַווים „דער יידיש־אַמעריקאַנישער פּאָלקס קאַלענדאַר" פון 1899 — 1900 איז אָפּגעדרוקט ב. גאָרינס רעצענזיע. די רעצענזיע איז געשריבן מיט דרך ארץ צום מחבר און מיט פאַרשטענדעניש פאַר דעם עניין, וואָס ווינער באַהאַנדלט אין זיין בוך. ב. גאָרין שרייבט, אַז „צום באַדויערן זעט זיך שטאַרק אָן די איילעניש, מיט וועלכער דער ווערטער מחבר (ווינער) האָט געשריבן (ווינער שרייבט אין דער הקדמה צו זיין „היסטאָרי אָוו יידיש ליטעראַטשור", אַז פרילינג 1868 האָט ער פאַרטראַכט צו שרייבן די געשיכטע און פרילינג 1899 איז שוין דאָס ווערק געווען אָפּגעדרוקט)... ס'איז נאָך ניטאָ קיין פולער יאָר און ער האָט שוין אויסגעפיעט צו מאַכן אַ רייזע נאָך אייראָפּע, אַנצוקלייבן דעם גאַנצן מאַטעריאַל, אָפּצואוועגן, אָפּצומעסטן, די געשיכטע אָנ־צושרייבן און אפילו אָפּצודרוקן. דאָס שמעקט אַביסל מיטן לאַנד וואו אַלץ ווערט געמאַכט אויף סטים (פּאַרע). (ז' 59). ב. גאָרין לויבט אָבער שטאַרק ווינערס אומאָפּהענגיקע מיינונג וועגן דער יידישער ליטעראַטור. „אין אַלגעמיין ווייזט דער שרייבער אַרויס אַ טיפן בליק און אַ געזונט משפּט איבער ליטעראַטור און לאָזט זיך נישט פירן פון דער אַלגעמיינער מיינונג. ער גייט אויף זיין אייגענעם דרך און קימערט זיך ווייניק וואָס די זאָ־גענאַנטע קריטיק זאָגט" (ז' 63).

(2) דאָס אַרטיקל איז דערשינען דעצעמבער 1898. געשריבן האָט עס Henry Bargy, אַ לעקטאָר פון דער פראַנצויזישער שפּראַך און פון דער פראַנצויזישער ליטעראַטור אין קאָלומביא אוני־ווערסיטעט און ניו־יאָרקער קאָרעספּאָנדענט פון „לע טאַמפּ". אַנרי באַרזשי האָט מאָריס ראָזענ־פעלדס ליד „אין שאַפּ" געשטעלט העכער פון טהאָמאַס הודס „דאָס ליד פון העמד". באַרזשי שרייבט אַז „מאָריס ראָזענפעלד איז דער פּאָעט פון דער אימיגראַציע, דער פּאָעט פון געטאָ, ניו־יאָרק שעמט זיך מיט איר געטאָ אָבער זי שטאָלצירט אויך אַביסל מיט דער געטאָ מחמת עקזאָטישקייט... מע זעט וואָס עס באַטייט די סביבה פון נויט פאַר דער דעליקאַטער און טיפער נשמה פון פּאָעט מאָ־ריס ראָזענפעלד".

61

New York
May 18. 1899.

פּראָפ' לעאָ ווינער

מיין ליבער הער: —

מיר טוט זער לייד וואָס איך קען אייך ניט שיקן זאָפּאָרט דאָס אויסשניט פון דער פראַנצויזישער צייטונג. איך האָב עס געבאָרגט אַ מאַן וועלכן איך קען ניט זען פריער ווי שבת אבענד. נעכסטע וואָך וועט איר עס פון מיר ערהאַלטן.

וואָס הערט זיך עפּעס ווייטער מכח אונזערע פובלישערס? איך האָף אַז ווי גיך איר וועט הערן פון טשיקאַגאָ וועט איר עס מיר לאָזן וויסן.

איך ערוואַרט מיין פאַלשטענדיג ביאָגראַפי און איין קריטיק גלייכצייטיג צו זען געדרוקט אין איינע פון די גרעסטע פראַנצויזישע זשורנאַלן. איך האָב ערפאַרן פון איין זיכערע קוועלע דאָס זאָוואָס דרוקט זיך אָדער וועט זיך קורצליך דרוקן אין פּאַריז.

אין דאָס נייע בוך פון דעם בערימטן ניו יאָרקער פריסט אין וועלכן ער שרייבט וועגן די יידן זער פיל גוטעס בין איך זער צוגוטן עראינערט געוואָרן ווען ער רעכנט די יידישע דיכטער פון פערשידענע צייטן דערמאָנט ער מיך אויך. זיין בוך הייסט "Justice To The Jews"(1) „אַ בער אָן אַן עק" און הרכבי אָן מיינע אַ פּאָעזי אין זיין „זשורנאַל"(2). ער האָט מיך עקסטרא געוואָלט אַריינקריגן אין זיין בוך וואו מען וועט אייך געוויס אָנגרייפן אום צו צייגן אייך אַז איך בין איינשטימיג מיט אים, דער עסק איז אים אָבער ניט געלונגען. און ער איז געבליבן „מיט אַ נאָז".

איך וועל אייך איין אַנדער מאָל שרייבן ווי מיר גייט און ווי איך ברייננג צו מיינע יאָרן און טעג, דערווייל זייט מיר געזונד און שטאַרק און שרייבט מיר ווען איר האָט צייט, אייער אייביג דאַנקבאַרער

M. Rosenfeld
985 Amsterdam Av.

(1) דער מחבר פון בוך איז Madison Peters. דאָס בוך, וואָס איז בלויז אַ פּלאַכער, אַפּאָלאָגעטישער רעגיסטער פון באַרימטע יידן איז געווען זייער פּאָפּולער און אויסגעהאַלטן עטלעכע אויפלאַגעס 1899, 1908, 1910 און 1921). מאָריס ראָזענפעלד ווערט דערמאָנט אין אַ זאַץ, וואָס זאָגט, אַז צו די יידישע פּערזאָן-שרייבער אין אַמעריקע געהערן עמא לאַזאַרוס (1849 — 1887), בנינה מאיסי (1791 — 1880) און מאָריס ראָזענפעלד" (ז' 159).

(2) מסתמא געמיינט דעם „יידיש אַמעריקאַנער פּאָלקס קאַלענדאַר", וואָס אַלעקסאַנדער האַרקאַווי האָט דעמאָלט אַרויסגעגעבן.

62

New York

פּראָפ' לעאָ ווינער

מיין ליבער הער: —

איך שיק אייך דעם אַרטיקל פון דער פראַנצויזישער צייטונג מיט דער בעדינגונג איר זאָלט עס מיר צוריקשיקן ווען איר וועט פערטיג זיין דערמיט. דען איך זאַמל אַלעס וואָס איך קען נאָר בעקומען וואו עס איז געשריבן געוואָרן וועגן מיר(1).

מער קיין נייעס פּאַרלויפּיג
אייער אייביג דאַנקבאַרער

Morris Rosenfeld

(1) מאָריס ראָזענפעלד האָט זיך געקליבן שפּעטער באַקענען דעם יידישן לייענער מיט די אָפּשאַצונגען און אָפּרופן וואָס זיינען דערשינען וועגן אים אין אַ סך שפּראַכן און אין פאַרשיידענע

לענדער. ער האָט דאָס צוערשט געוואָלט פאַרעפנטלעכן בקיצור, ווי אַן אַריינפיר צו די דריי בענדער וואָס זיינען דערשינען אין 1912 אין פאַרלאַג „פאָרווערטס". ער האָט אָבער גענומען גרייטן אַ באַריכותדיקע אַרבעט, וואָס זאָל איינשליסן אַלץ וואָס איז וועגן אים געשריבן געוואָרן אין פרעמדע שפּראַכן. (זע קלמן מרמר, פון מאָריס ראָזענפעלדס ליטעראַרישער ירושה, פנקס. ניו־יאָרק, ב׳ 1, ז׳ 202).

## 63

New York, June 2nd (1899)
985 Amsterdam av.

פּראָפ׳ לעאָ ווינער

מיין טייערער הער: —

מיר וואונדערט גוואַלדיג וואָס איך הער פון אייך גאָר ניט אין דער צייט ווען איך האָב ערוואַרטעט פון אייך זער וויכטיגע בריוו און בעריכטע. איך פערשטיי גאַנץ גוט אַז מסתמא האָט זיך אויסגעלאָזן אַ בוידים פון אַלע חלומות. איך בין אָבער געוואוינט צו דעם און וואָלט געוואָלט וויסן פון דעסטוועגן וואָס עס הערט זיך. איך בעט אייך אויב מעגליך שרייבט מיר וואָס גיכער עס מאַכט ניט אויס וואָס דער רעזולטאַט זאָל ניט זיין. מיט גרויס אַכטונג און אַ פאַרבייג אייער

M. Rosenfeld

## 64

New York
June 8. 1899
971 Amsterdam av.

פּראָפ׳ לעאָ ווינער

מיין ליבער הער: —

איז דאָס גאָר מעגליך אין דער וועלט אַז איר זאָלט זיין אין דערהיים און מיר גאָר ניט ענטווערן. איך גלויב עס ניט אויף קיין שום פאַל. ווייל איר ווייסט גאַנץ גוט אַז איך האָב זיך אויך אייך פערלאָזן וועגן די פערהאַנדלונג מיט די באָסטאָנער פובלישערס או. ז. וו. דיזער בריוו וועט אַלזאָ זיין מיין לעצטע פּראָבע.

ווען דיזער בריוו וועט ניט בעאַנטוואָרטעט ווערן וועל איך מוזן זיין אַליין אין באָסטאָן וועגן דעם. איך בין אָבער זיכער אַז איר זייט נישטאָ צו הויזע. אייער גאַנץ ערגעבנסטער

M. Rosenfeld

**65**

New York
June 11. 1899
985 Amsterdam av.

פראָפ׳ לעאָ װינער

מיין טייערער הער: —

איך האָב פון מיין װאוינונג ניט געצויגן און לײדער דאָך ניט ערהאַלטן אײער בריוו מיט דעם בײליגנדן פראַנצויזישן אַרטיקל. איך האָב קיין בעגריף ווי אַזוי דאָס האָט געקענט פּאַסירן. מיר איז נאָך װירקליך קיין מאָל קיין זאַך פון מיין בריוו־קעסטל פערלאָרן געגאַנגען.

איך זע װירקליך ניט אײן מיין אונגעדולד, לויט אײערע ערשטע בריוו און לויט דעם בריוו װאָס איך האָב אויך שפּעטער ערהאַלטן פון די פערלעגער ווי אויך לויט די בעריכטע אין די "Times" און אַנדערע בלעטער האָב איך פערשטאַנען אַז ביז דעם ערשטן June װעט אַלעס שוין פערקויפט װערן אַלזאָ װאָס פערחדושט איר מיך װען איך וויל וויסן װאָס עס הערט זיך מכח זאַכן װאָס אינטערעסירן מיך? צווייטנס איז מיר אַ ריס אין הערצן װאָס דער אַרטיקל פון די פראַנצויזישע בלאַט איז פערלאָרן געגאַנגען(1) איך וואָלט בעצאָלט דערפאַר $5 אויב איך קריג עס יעצט. די אונטערשטע שורה איז אַז איך ווייס ניט וועגן דעם בוך און דער אַרטיקל איז פערלאָרן איך האָב נאַטירליך, צו אײך קיין טענות. עס איז סתם אַ רבי געלט נישט צו שיקן װיכטיגע זאַכן נישט רעדזיסטרירט. מער קיין נייעס פאָרלויפיג, אײער גאַנץ ערגעבנסטער

M. Rosenfeld

P. S. אין מיין לעצטן בריוו האָב איך אײך על פּי טעות געשיקט מיין געשעפטס אַדרעסע, אנשטאט מיין פּריוואַט אַדרעסע.

ד״ז

P. S. ווי געפעלט אײך אין הײנטיגן ניו יאָרק העראָלד װעלכע פיינע מוזיק מען האָט צוגעפּאַסט צו מיין ערשטעס ענגלישעס געדיכט? איך מיין דעם "New York Herald" פון דעם 11טן יוני(2).

(1) ווי עס זעט אויס האָט זיך דער נומער Le Temps אפּגעזוכט, ווייל ער געפינט זיך אין דער ראָזענפעלד קאָלעקציע אין ייוואָ.

(2) I know not why. זע הערה 2 צום בריוו פון 12טן אַפּריל 1898. די נאָטן צום פאַר־נעמען אַ האַלבע זייט (Colored section - 6) און זיינען פאַרעפנטלעכט אונטער דעם איבער־שריפט:

I know not why. Verses by Morris Rosenfeld, the poet of New York's Gh^etto. The first he had written in English and which Zangwill advised to publish. Music by Maximilian Lichtenstein - Koevessy.

(איך ווייס ניט פאַרוואָס. פערזן פון מאָריס ראָזענפעלד, דעם פּאָעט פון דער ניו־יאָרקער געטאָ. דאָס ערשטע (ליד) וואָס ער האָט געשריבן אויף ענגליש און וואָס (ישׂראל) זאַנגוויל האָט גע־עצהט פאַרעפנטלעכן. מוזיק פון מאַקסימיליאַן־קאָעווועסי).

66

Yonkers New York
July 14. 1899.

פּראָפ׳ לעאָ ווינער

מיין טייערער הער: —

ווי איר זעט בין איך יעצט אין יאָנקערס(1) איך בין געווען געצוואונגען ניו יאָרק צו פערלאָזן צוליב מיין געזונדהייט. איך בין זער קראַנק און שוואַך אַז איך קען כמעט אויף מיינע פיס ניט שטיין איך שרייב אייך דיזע עטליכע ציילן ליגנדיק אויפן בעט. איך ליג דאָ כמעט גאַנץ פערלאָזן פון אַלעמען. איך בעט אייך שרייבט מיר וואָס איר מאַכט און וואָס עס הערט זיך זאָגסט. זייט אַזוי גוט און גיט אַכטונג אויף מיין נייער אַדרעסע, אייער עוויג דאַנקבאַרער און האָכשעצנדער

M. Rosenfeld
22 Mulberry st. Yonkers N. Y.

(1) אַ פאָרשטאָט אין צפון פון ניו־יאָרק.

67

Yonkers N. Y.
August 10. 1899
22 Mulberry St.

פּראָפ׳ לעאָ ווינער

ווערטער הער: —

אַזוי ווי איר האָט אין אייער לעצטן בריוו פערלאַנגט איך זאָל אייך שרייבן

וואָס עס איז געוואָרן די ענדע מיט די פערלעגער, שרייב איך אייך אַז מיינע עט־ליכע דאָלאַר זיינען פערפאַלן. די לייטע האָבן מיר אויף אַלע מיינע בריוו גאָר ניט געענטפערט. מער אַלזאָ וועל איך שוין צו זיי ניט שרייבן. איך בעטראַכט די חברה פאַר איינפאַכע גנבים. מיין געזונד האָט זיך אין יאנקערס פילפאַך פערבעסערט, און איך רעכן דאָ איין געשעפט צו מאַכן. און פערבלייבן וווינען, וואָס הערט זיך זאָנסט נייעס? פּאָרלויפיג איז מיין שרייבן צו ענדע. אייער עוויג דאַנקבאַרער

M. Rosenfeld

## 68

Yonkers N. Y.
August 31. 1899.
22 Mulberry St.

פּראָפ׳ לעאָ ווינער

ווערטער הער: —

אייער לעצטן בריוו ערהאַלטן. איך צווייפלע אויב איר וועט עפּעס קענען טאָן מיט די פערלעגער אום דאָס געלט אַרויסצוקריגן, ווייל די פירמא עקסעסטירט ניט מער.

איך בין שוין לאַנג אַן אַמעריקאַנישער בירגער. איך האָב שוין גענוג צרות אַריינגעכאַפּט אום צו זיין אָנקל סעמס אַ קרוב.

לויט ווי עס זעט אויס ווילן זיך די נייע פערלעגער נעמען אויף כח, הלואי זאָל מען דאָס זען וואָס מען הערט. פון פראַנקרייך האָט איר נאָך מן הסתם קיין שום ידיעה געהאַט זאָנסט וואָלט איר מיר געוויס געשריבן וועגן דעם.

זייט אַזוי גוט און לאָזט מיר וויסן אויב אין די 14 לידער זיינען איינגערעכנט די צוויי לידער „שיסט די קאנאליע״ און דאָס ליד צו מיין געליבטע ווען זי קומט צו מיר אין שאַפּ, איך האָב פערגעסן דעם נאָמען. איך פרעג עס אייך ווייל איך האָב די צוויי לידער ניט געקריגן אָבגעשיקט פון אייך. זאנגוויל האָט מיך דערמאָנט צו גוטן דעם פערגאַנגענעם זאָנטאג אין די ניו יאָרק "Sunday World"(1).

מער׳ קיין נייעס פּאָרלויפיג

אייער גאַנץ ערגעבנסטער און אייביג דאַנקבאַרער

Morris Rosenfeld

(1) זאַנגוויל איז דעמאָלט געווען צו גאַסט אין ניו־יאָרק און די ניו־יאָרקער טאָגצייטונג World האָט אים געגעבן אַ אויפטראָג צו מאַכן אַ שפּאַציר איבער דער איסט־סייד און באַ־

שרייבן זיינע איינדרוקן פון דער „געטא”. מיט זאנגווילן איז מיטגעגאנגען אַ רעפּאָרטער, וואָס האָט סטענאָגראַפיש פאַרצייכנט זיינע איינדרוקן און אַ פאָטאָגראַפיסט. זאַנגוויל האָט אַ גאַנצן טאָג אַרומגעשפּאַצירט איבער דער איסט סייד, גערעדט מיט יידן, באַזוכט הייזער, שענקען, סוועטשעפּער, ביכער־געשעפטן, געלייענט יידישע צייטונגען און פאַרענדיקט מיט אַ באַזוך אין יידישן טעאַטער. זאַנגווילס איינדרוקן פון זיין שפּאַציר איבער דער איסט סייד האָט די „וואָרלד” אָפּגעדרוקט אין צוויי זונטיק נומערן — דעם 20סטן און 27סטן אויגוסט 1899 — אונטערן קעפּל: „די אייניקלעך פון דער „געטאָ”.

אין דעם המשך פון 27סטן אויגוסט זיינען דאָ צוויי פאַרבייגייענדיקע באַמערקונגען וועגן ראָזענפעלדן. נאָך דעם ווי זאַנגוויל האָט באַזוכט עטלעכע סוועט־שעפּער האָט ער געזאָגט: „מיך וואונדערט ניט וואָס דער פּאָעט ראָזענפעלד האָט ליריש זיך געבונטעוועט קעגן דעם לעבן”. אין אַ קעלער־סוועטשאָפּ האָט זאַנגוויל געזאָגט: „דער קעלער איז ערגער פון אַלץ וואָס איך האָב געזען אין לאָנדאָן. אַ מאַן וואָס האָט דאָרט געאַרבעט האָט געהוסט און איך האָב זיך דערמאָנט אַן מאָריס ראָזענפעלדס לידער, ווען איך האָב געהערט דעם מענטשן הוסטן ביי דער מאַשין”.

ביידע אַרטיקלען זיינען באַגלייט מיט אינטערעסאַנטע פאָטאָגראַפיעס פון יידישע טיפּן און גאַסן־סצענעס פון דעם יידישן קוואַרטאַל.

69

The Jewish Annals
302 B. way Vincent Building

New York
February 10. 1900.

פּראָפ׳ לעאָ ווינער

פיל געערטער הער: —

ווי איר וועט לערנען פון דיזן בריוו, בין איך נאָך ענגלאַנד ניט געפאָרן. איך האָב בעקומען אַ בריוו פון מיינע עלטערן, אין וועלכן זיי וואָרנען מיך יעצט נאָך ענגלאַנד ניט צו קומען, ווייל די צייט איז דאָרט געפערליך שלעכט, צוליב דעם יעצטיגן קריג. איך בין אַלזאָ געצוואונגען געווען צו פערבלייבן אין דער היים אומוויניגסטנס ביז פּסח. זיצן ליידיג איז אָבער דערווייל קיין פּלאַן ניט, איך האָב אַלזאָ אונטערנומען אַ נייעם געשעפט מיט אַ שותף. מר. א. מ. שאַרקאַנסקי(1) און מיר גיבן אַרויס אַ פּירטעליערליכן זשורנאַל מיט דעם יידישן נאָמען „דער פּנקס”(2) אויף ענגליש “The Jewish Annals” מיר האָבן אַנגאַזשירט די בעסטע שרייבער און נעמען אַן די בעסטע אַנאָנסן און וועלן האָף איך, אַרויסגעבן דעם בעסטן מאַגאַזין וואָס איז נאָך ווען עס איז געדרוקט געוואָרן אין יידיש אין די פעראייניגטע שטאַטן. אַז איר זייט ניט קיין י ד י ש ע ר שרייבער ווייס איך, אָבער אַז איר זייט אַן ע נ ג ל י ש ע ר שרייבער ווייס איך אויך. וואָלט עס ניט מעגליך געווען פיר מיר צו קריגן פון אייך אַן ענגלישן אַרטיקל וועגן „יידיש־דייטש” אָדער וועגן

**אַן אַנדער זאַך וואָס איר וועט געפינען פיר נייטיג און גוט(3). דער מאַגאַזין זעצט זיך שוין און וועט פערטיג זיין סוף מארץ. אויב איר שיקט מיר איין אַרטיקל, זייט אַזוי גוט און שיקט מיר פאַראייניס אייער בילד וועל איך עס מיט גרויס פערגעניגן אַריינשטעלן אין דעם ערשטן נומער פון די „יידישע אַננאַלען" האָפענדיג צו הערן פון איין אין גיכן פערבלייב איך מיט האָכאַכטונג און רעספּעקט אייער עוויג דאַנקבאַרער.**

Morris Rosenfeld

**נ. ב. איך וואוין נאָך אין יאנקערס, אָבער מיין אָפיס און מיינע ביזנעס אין ניו יאָרק.**

**נ. ב. פיליכט קענט איר מיר שיקן אייער בילד וואָס איז געווען געדרוקט אַמאָל אין ניו־יאָרק הערALD? איר קענט עס אויסשניידן פון ציימונג און עס מיר צושיקן.**

**ד"ז.**

---

(1) אברהם מיכל שארקאנסקי (1869 — 1909) דער פּאָעט און דראַמאַטורג, וואָס האָט געשריבן אַ צאָל דראַמעס און לידער אויף נאַציאָנאַל־יידישע טעמעס, איז געווען איינער פון די געציילטע נאָענטע פריינד ראָזענפעלדס ממש זינט זיין, שאַרקאַנסקיס, קומען קיין אַמעריקע (1890). 1894 האָבן זיי צוזאַמען אַרויסגעגעבן דאָס סאַטירישע בלעטל דער „אשמדאי".

(2) אויף דעם ערשטן נומער „פּנקס" וואָס איז דערשינען אַפּריל, 1900 זיינען אָנגעגעבן ווי אַרויסגעבער און רעדאַקטאָרן: מאָרים ראָזענפעלד און א. מ. שארקאנסקי. דער זשורנאַל האָט געזאָלט זיין אַ „פּערטליערלעכער מאַגאַזין פיר ליטעראַטור, געשיכטע און צייטפראַגן". איז דער דערקלערונג פון די אַרויסגעבער ווערט געזאָגט, אַז „מיר עפענען דעם „פּנקס" ניט חלילה ווייל דער עולם איז יעצט אַזוי זשעדנע נאָך אַ געדרוקטן וואָרט, אין געגנטייל (?!): מיר גלויבן, אַז יעצט איז די גלענצנדסטע צייט פונעם יידיש דייטש און די גינסטיקסטע געלעגנהייט אַרויסצוגעבן אַ ריין ליטעראַריש ווערק, דען מיר האָבן שוין קיין עין הרע אַן עולם מיט וועמען צום טיש צו גיין. די עמיגראַציע האָט אונדז די לעצטע עטלעכע יאָר אַריבערגעבראַכט אַהער אַ סך אייִדעלע און באַגאַבטע מענטשן וועלכע האָבן פיל געהאָלפן אויסצובילדן אונדזער פאָלק און אויסצופיינען זיין געשמאַק. די שונד איז ביסלעכווייז אַראָפּ פון מאַרק און אַ בעסערע ליטעראַטור האָט אויפגעטויכט. זאָגאַר די פּושער שרייבער האָבן באַקומען אַביסל מער דרך ארץ און האָבן אָנגעהויבן צו געברויכן אַן ערנסטן טאָן. עס האָט כמעט ווי אויפגעהערט די מחלוקות צווישן די צייטונגען, די פּרעסע איז געוואָרן עטוואָס ריינער, דער לעזער פּאַרטגעשריטענער, טאַלענטירטער, דער באָדן פאַר אַ בעסערער ליטעראַטור איז געוואָרן פאַרטיק און — עס האָט אויפגעבלעטערט דער „פּנקס".

אינטערעסאַנט איז די קרעדאָ פון דעם זשורנאַל: „דער „פּנקס" וועט זיין אַ גאַנץ אומשולדיק בוך: פריי פון מחלוקות, פון פאַראורטיילטע און פון פאַרטייִלעכקייט. אונדזער מאָטאָ איז: שלום! שלום מיט דעם אַרבייטער, שלום מיט דעם אַרבייטסגעבער, שלום מיטן רעליגיעזן און שלום מיטן פריידענקער. שלום מיט אַלע מענטשן און מיט אַלע פּאַרטייען".

ניט געקוקט דערויף וואָס די רעדאַקטאָרן האָבן געהאַט אַזויפיל אמונה אין דער נייער צייט,

איז דער צווייטער נומער פון יולי 1900 שוין געווען דער לעצטער. ווי ס'זעט אויס האָט שוין מאָריס ראָזענפעלד ניט געהאַט קיין שייכות צום צווייטן נומער, ווייל בלויז שאַרקאַנסקי ווערט אָנגעגעבן אַלס רעדאַקטער און אַרויסגעבער. שאַרקאַנסקי און ראָזענפעלד זיינען זיך אָבער צע־גאַנגען ווי גוטע פריינד (וואָס דאָס פלעגט זיך זעלטן טרעפן ביים טעמפּעראַמענטפולן מאָריס ראָזענפעלד) ווייל אין צווייטן נומער דרוקט שאַרקאַנסקי איבער אַ ליד („שיר און שער") וועגן ראָזענפעלדן, וואָס ראָזענפעלד האָט שוין געהאַט פאַרעפנטלעכט נאָך אין 1895.

(3) אין די ביידע נומערן איז ניטאָ קיין אַרבעט פון לעאָ ווינערן.

70

392 Prescott St
Yonkers. N. V.
5/25/06.

Professor Leo Wiener.
Dear Sir:

My brother Mr. Morris Rosenfeld was very happy to hear from you, and he asked me to thankfully acknowledge the receip of your letter. My brother did not doubt for one minute in your friendship and he has anticipated that some serious cause detained you from writing to him earlier. Regarding the question as to whom you may write concerning my brother's hopeless condition, he is puzzled himself. The need is great, my brother is paralyzed on the hight half side of his body, and not only can't he write but he must not read even one line printed or written, so acute is his nervousness. Prof. Seligman is not home now, Mr. Jacob Schiff is in Japan, it is hard to tell the consequences even if they were here, it would be best if you used your own knowledge about it. My brother doubts whether the rich Jews would do anything for him, as they all must know his condition through the press, and none of them seem to take any interest in his misfortune. Prof. Selgman's brother, the banker, sent him one hundred dollars and that was about the end of it. The Yiddish speaking public, have indeed done, something[1], but they cannot make his income a substantial one, a thing which is most necessary in his present case.

With kind regards
Yours respectfully

J. P. Rosenfeld

P. S. How about writing in the American English press, concerning my brother's condition? Would it not bring sympathy somehow or other?

(1) זע הערות צו קלמן מרמרס בריוו פון ערשטן מאַי, 1906.

(איבערזעצונג:

פּראָפעסאָר לעאָ ווינער

טייערער הער:

מיין ברודער, ה׳ מאָריס ראָזענפעלד, איז געווען זייער צופרידן צו הערן פון אייך און ער האָט מיך געבעטן צו באַשטעטיקן מיט אַ דאַנק דעם בריוו אייערן, וואָס ער האָט דערהאַלטן. מיין ברודער האָט קיין איין מינוט ניט געספּקט אין אייער פריינדשאַפט און ער האָט געהאַלטן, אַז עפּעס אַן ערנסטע סיבה האָט אייך אָפּגע־האַלטן צו שרייבן אים פריער. וואָס שייך דעם צו וועמען איר זאָלט שרייבן וועגן מיין ברודער האָפנונגלאָזן מצב, ווייס ער אַליין ניט. די נויט איז גרויס, מיין ברו־דערס רעכטע זייט איז פּאַראַליזירט און ניט נאָר קאָן ער ניט שרייבן, נאָר ער טאָר ניט לייענען קיין איינציקע געדרוקטע אָדער געשריבענע שורה. אַזוי שאַרף איז זיין נערוועזיטעט. פּראָפעסאָר זעליגמאַן איז ניט אין דער היים איצט, ה׳ דזשייקאָב שיף איז אין יאַפּאַן און עס איז שווער צו זאָגן וואָס די קאָנסעקווענצן וואָלטן געווען ווען זיי וואָלטן דאָ יאָ געווען. אמבעסטן וואָלט געווען ען איר וואָלט געטאָן ווי איר פאַרשטייט אַליין. מיין ברודער האָט ספיקות צי די רייכע יידן וואָלטן עפּעס גע־טאָן פאַר אים, ווייל זיי מוזן וויסן וועגן זיין לאַגע פון דער פּרעסע און קיינער פון זיי זעט ניט אויס צו זיין פאַראינטערעסירט אין זיין אומגליק. פּראָפעסאָר זעליג־מאַנס ברודער, דער באַנקיר, האָט אים געשיקט הונדערט דאָלאַר און דערמיט האָט זיך עס געענדיקט. דער יידיש־רעדנדיקער עולם האָט, וואָס אַן אמת איז, געטאָן עפּעס אָבער זיי קאָנען פאַר אים ניט שאַפן קיין באַדייטנדיקע הכנסה, און אין זיין איצ־טיקן מצב איז דאָס זייער נייטיק.

אייער מיט דרך ארץ

י. פּ. ראָזענפעלד

פּ. ס. אפשר וואָלט איר געשריבן אין דער אַמעריקאַנער ענגלישער פּרעסע וועגן מיין ברודערס מצב? וואָלט דאָס ניט אַרויסגערופן קיין מיטגעפיל?)

(1) זע הערות צו קלמן מרמרס בריוו פון ערשטן מאַי, 1906.

# צו שאָול גינזבורגן

שאול גינזבורג (1866 ו 1940), דער באַקאַנטער רוסיש־יידישער היסטאָרי־קער און פובליציסט. דער ערשטער רעדאַקטאָר פון דער ערשטער יידישער טאָג־צייטונג אין רוסלאַנד, „דער פריינד“, וואָס האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגיין דעם 14טן יאַנואַר 1903.

1

New York, January 6th, 1902.(1)

פיל געערטער הער גינזבורג,

אייער בריוו האָט מיר הער פינסקי(2) ריכטיק איבערגעגעבן און איך האָב זיך צוגעאיילט צו ערפילן אייער ווונטש. וויסנדיק ווי ווייט אַ נייע צייטונג בייטיקט זיך אין נייע קרעפטע, האָט עס מיך געפרייט וואָס איך האָב גראַדע דיזע וואָכע גע־האַט די געלעגנהייט פיר אייך צו שרייבן. איך בין זאָנסט אַ זייער באַשעפטיקטער מענטש. איך בין ליטעראַרישער רעדאַקטאָר פון דער צייטונג אויף וועמעס בלאַנק איך שרייב אייך דיזע צייל(3).

אייער נייע, העכסט וויכטיקע און ווירדיקע אונטערנעמונג אין מיין אַלטע היים, האָט מיך איבעררעשט און ערפרייט. פון דער טיפקייט פון מיין האַרצן ווינטש איך אייך גליק. איך האָף, אַז איר וועט זיין ערפאָלגרייך, ווייל אַזאַ צייַ־טונג ווי אייערע האָט אונדזער פאָלק געדאַרפט אַזוי נייטיק ווי די אויגן אין קאָפּ. די סוויטע ליטעראַטן, וואָס געפינען זיך אויסגערעכנט אויף אייער פּראָספּעקט, זיינען אימשטאַנד צו שאַפן אַ בלאַט, וואָס זאָל זיין אַ „צאַצקע פון זיין ליבן נאָ־מען“, און איך קען קוים באַגרייפן, צו וואָס איר דאַרפט נאָך אונז אַמעריקאַנער? נאָר אַלץ די זעלבע זאַך: אַ נייע בלאַט דאַרף נייע קרעפטע.

כסדר: מיט פּאָעזי קען מען דאָך קיין בלאַט ניט אויספילן, דאַרום שיק איך אייך פּאָרלויפיק בלויז איין געדיכט. ווען דאָס איינע וועט אייך געפעלן און איך וועל פון אייך הערן, וועל איך פיללייכט שרייבן נאָך. וואָס מיין האָנאָראַר אַנבע־טרעפט ווייס איך ניט, אויב עס וועט אייך לוינען מיינע זאַכן צו דרוקן, ווייל איך בין גראָדע איינער פון די יידן, וואָס האָב ליב זיך לאָזן באַצאָלן. איך קאָן אייך ניט שרייבן קיין פּרייז פיר דאָס בייליגנדיקע געדיכט. איין זאַך מעגט איר זיכער

זיין, אַז פיל איר וועט מיר באַצאָלן, וועט עס ניט זיין די העלפט פון דעם פּרייז, וואָס איך קריג באַצאָלט אין אַמעריקע.

האָפנדיק, אַז איר וועט מיין שיר אָפּדרוקן ריין און שיין אָן ג ר ײ ז ן און אָן די מ י נ ד ס ט ע ע נ ד ע ר ו נ ג, פערבלייב איך מיט האָכאַכטונג אייער גאַנץ ערגעבענסטער,

Morris Rosenfeld

מיין פּריוואַט־אַדרעסע איז:
Morris Rosenfeld, 7 E. 106th St., New York, N. Y., U. S. A.

---

(1) ווי ס׳זעט אויס איז דאָס יאָר אַ טעות. ס׳דאַרף זיין 1903.

(2) אין אַ בריוו פון 2טן דעצעמבער 1902 (וואָס געפינט זיך אין ייוואָ־אַרכיוו) בעט גינזבורג פּינסקין, אַז ער זאָל איבערגעבן בריוו מאָריס ראָזענפעלדן און אַב. קאַהאַנען, וועמענס אַדרעסן ער, גינזבורג, האָט נישט און אַז ער זאָל אויך פאַרבעטן מיטצואַרבעטן אין „פריינד״ די וויטערדיקע שרייבערס: פיליפּ קראַנצן, ל. זאָלאָטקאָוון, ל. קאָברינען, מ. ווינטשעווסקין, ב. פייגענבוימען און ג. זעליקאָוויצן.

(3) „דיא אידישע וועלט״ (1902 — 1904), וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן מיטן צוועק צו אַמעריקאַניזירן די אימיגראַנטן. האָט געהאַט אַן ענגלישע זייט. דער ערשטער רעדאַקטאָר איז געווען דער געלערנטער דזשאָזעף דזשייקאָבס און דער צווייטער — דער ציוניסטישער פּובליציסט יעקב דע האאז.

2

Yonkers N. Y. Nov. 29th 1903

מיין ליבער הער גינזבורג!

איך האָב אייך ביז יעצט ניט געשריבן, ווייל מיין צייט האָט ער מיר ניט ערלויבט. איך בין געווען זער בעשעפטיגט אין די יידישע בלעטער פון ניו יאָרק. איך האָב אָבער מיין אַרבייט יעצט אַזוי אייגעטיילט אַז איך וואָלט זיין אימשטאַנד פיר אייך צו שרייבן רעגלמעסיק ווען דאָס זאָל זיך מיר בעצאָלן.

אויף אייער פערלאַנג אין אייער לעצטן בריוו צו מיר (דעם 17טן יולי) שיק איך אייך אַרויס 5 געדיכטע. 4 אין געבונדענער פאָרם און איין געדיכט אין פּראָזאַ פאָעזיע. איר וועט מיר לייסטען אַ בעזאָנדערע פריינדשאַפט ווען איר וועט מיר אַרויסשיקען דאָס געלד פיר די דערמאָנטע געדיכטע אַזוי שנעל ווי איר וועט זיי ערהאַלטען. דאָס האָנאָראַר פיר מיין ערשטעס געדיכט, וואָס איז ערשינען אין „פריינד״ האָב איך ערהאַלטן מיט אַ קאַרגן יאָר שפּעטער ווי איך האָב עס אייך געשיקט.

שרייבט מיר אויב איר וואָלט געקענט געברויכן מיינע פּראָזאַ. אויב יאָ, אויף וועלכע אַרט דענקט איר וואָלטן מיר דאָס געקענט אַראַנזשירן? איך וויל איך ביי דיזער געלעגנהייט אויפמערקזאַם מאַכן אויף אַ בוך פון „מאָרריס ראָזענפעלד געזאַמעלטע ליעדער" אין זשאַרגאָן, וועלכעס דאַרף ערשיינען אין אַ חודש אַרום. דאָס בוך וועט ענטהאַלטן 400 זייטן מיט מיינע געוויילטע שירים אין פיר אָפּטיילונגען: אַרבייטער און פרייהייטס לידער; נאַציאָנאַלע און פאָלקס לידער: לירישע געדיכטע; סאַטירישע געזאַנגען און פערשידענע לידער. דאָס בוך איז אַרויסגעגעבן פון דער „אינטערנאַציאָנאַלע לייבאָרי פּאַבלישינג קאָמפּאַניע" אין ניו יאָרק און וועט קאָסטן איין דאָלאַר (משמעות צוויי רובל).

דאָס איז פּאָרלויפיג אַלעס. האָפענדיג אַז איר וועט מיין וואונש ערפילען און מיינע לידער וועלן אייך געפעלן זיין, פערבלייב איך מיט האָכאַכטונג אייער ער־געבענסטער

מאָרריס ראָזענפעלד

מיין אַדרעסע:
Morris Rosenfeld 50 Croton Terrace
Yonkers, N. Y.

3

50 Croton Terrace
Yonkers N. Y.
February 4 1905

מיין ליבער הער גינזבורג!

אייער אָנווייזונג האָב איך ריכטיג ערהאַלטן. די 39 דאָלאַר 90 סענט(1) זענען אפילו געקומען אביסל שפּעטלאַך, אָבער ניט צו שפּעט. דאָס געלט איז מיר יעצט שטאַרק צוניץ געקומען. די דאָקטוירים האָבן געהאַט וואָס צו נעמען. יאָ, עס איז מיר אַ גרויס אומגליק געשען: מיין איינציגער זון 15 יאָר אַלט, דער בעס־טער סטודענט אין דער האָכשולע פון יאָנקערס, אַ מאַגנאַט אַן אויסזען און כאַראַק־טער, אַן אַנערקענטער געניוס, ליגט יעצט אויף אַ שטערבע בעט; ער שטאַרבט פון אַ „ראַק"(2).

איך האָב פערוועגדעט אויף דעם יונגען מאַן מיין גאַנץ קאַפּיטאַל, איר קענט יעצט דיינקען ווי מיר איז צוניץ געקומען די עטליכע דאָלאַר.

כסדר: איך שיק אייך אַ פעליעטאָן און דריי לידער. איין ליד וועט איר קענען געברויכן אויף פּסח. דאָס ליד „אומזיסטע כחות" איז גענוג סאַטיריש און „פריי־

ליד" עס זאָל קענען ערשיינען פּורים און דאָס דריטע ליד — „אַ פלאַם אויף מאַ־ראָקקאָ" וואָלט אפשר געדאַרפט הייסן „אַ פלוך אויף רומעניען" כדי דער צענזער זאָל דאָס דורכלאָזן...

איך וועל אייך יעצט קענען שיקן זאַכן אַביסל אָפטער און אַזוי ווי איר ווייסט יעצט מיין לאַגע האָף איך, אַז איר וועט מיר צושיקן מיין האָנאָראַר ביים ערהאַלטן מיינע לייסטונגען.

ווען איר וואָלט ניט געווען אַזוי שטאַרק בעשעפטיגט מיטן רעדאַקטירן אַ טעגליכע צייטונג, וואָלט איך אייך געפרעגט אויב אייער רעדאַקציאָן וואָלט אבגע־קויפט פון מיר אַ בוך ג ע וו יי ל ט ע לידער ספּעציעל פיר רוסלאַנד? אויב איר קענט זיך דערמיט ניט בעשעפטיגן וואָלט אפשר מעגליך געווען, אַז איר זאָלט מיר רעקאָמענדירן אין אייער מדינה אַן אָרנטליכן פערלעגער, וואָס וואָלט גע־קויפט פון מיר אַ בוך נאָר פיר רוסלאַנד?

איך האָב גענוג נייע לידער צוזאַמענצושטעלן אַ גוטעס ווערק. איך וואָלט אייך זער דאַנקבאַר זיין ווען איר זאָלט מיר טאָן צוויי טובות. ערשטנס, אויב מעגליך, בעצאָלן באַלד פיר די זאַכן, וואָס איר רעכנט צו דרוקן און צווייטנס — מיר ענטפערן וועגן מיין פאָרשלאַג. דאַנקענדיג אייך אין פאָראויס פערבלייב איך מיט האָכאַכטונג און פריינדליכע גרוסן אייער גאַנץ ערגעבענסטער

מאָררים ראָזענפעלד

(1) לויט אַ צושריפט פון „פריינד" וואָס געפינט זיך אין ייוואָ־אַרכיוו האָט די צייטונג בעצאָלט ראָזענפעלדן דעם ווייטערדיקן האָנאָראַר:

25 קאָפּיקעס פער שורה פון אַ ליד וואָס דער „פריינד" האָט צום ערשטן מאָל געדרוקט.

10 קאָפּיקעס פער שורה פון איבערגעדרוקטע לידער און פאַר פעליעטאָנען און עסייען.

(2) מאָריס ראָזענפעלדס בן יחיד יוסף איז געשטאָרבן דעם 5טן מאַי 1905. זע מאָריס ראָזענפעלדס רירנדיקן בריוו צו נ. ש. ליבאָוויטש, וואָס ווערט געבראַכט אַביסל ווייטער.

4

50 Croton Terrace
(Yonkers, N. Y.)
February 3rd 1904.

זייער געערטער הער גינזבורג

אייער בריוו מיטן אַנווייזונג אויף 31.10 רובל האָב איך ריכטיק ערהאַלטן. אייער איינלאַדונג צו שרייבן פיר אייער בלאַט צוויי מאָל אַ מאָנאַט פּראָזאַ נעם איך אָן און איך שיק אייך מיט דיזן בריוו צוויי זאַכן, וועלכע איך האָף איר וועט קענען געברויכן.

עס טוט מיר זייער לייד וואָס איר קענט ניט מיין פּראָזאַ, איך האָף אָבער, אַז איר וועט עס מיט דער צייט דערקענען. עס איז זעלבסט פאַרשטענדליך, אַז איך וועל אייך ניט שיקן קיין פּראָטאָקאָלן אַזוי ווי דער ראגאלער(?) און קיין בילדער פון יידישן לעבן פון דער אַלטער וועלט ווי גוידא(1). בילדער פון רוסיש פּוילישן לעבן זיינען פיל בעסער, פרישער און לעבעדיקער ווען זיי ווערן געשילדערט אויף אָן אָרט און ניט אימפּאָרטירט פון ניו־יאָרק. איך גלויב אַז אַלץ וואָס אייך און אייערע לעזער אין רוסלאַנד און פּוילן קען אינטערעסירן ביי אַן אַמעריקאַנער קאָרעספּאָנדענט, איז דאָס אָרט לעבן און דענקען פון דעם אַמעריקאַנער ייד.

מיט דעם אַרויסגעבער איז אַן המצאה. ער האָט מיר צוגעשיקט אַ בריוו מיט 25 רובל איידער וואָס ווען, און בעט מיך איך זאָל שרייבן. פון זיינע אָנגריפע אויף מיר ווייס איך און איך גלויב, אַז איך קען מיך אויף קיין בעסערן אופן ניט אָפּרעכן מיט אים ווי אים לאָזן דרוקן מיינע זאַכן. מיין אַדרעסע האָט ער ערהאַלטן דורך אברהם רייזען און פון וואַנען רייזען ווייס דאָס, ווייס איך אַליין ניט. סיי ווי סיי האָב איך געשריבן דעם אַרויסגעבער פון „טאָג", אַז אויב ער וועט ניט אויפהערן זיינע אָנגריפע וועל איך געגן אים אויפטרעטן אין „פריינד" אָדער אין אַן אַנדער צייט(ונג). איך האָב געזען דעם ערשטן נומער „טאָג" און עס איז מיר געוואָרן פינסטער אין די אויגן... וואָס ווייטער וועט זיין ווייס איך ניט.

אויב עס וואָלט מעגלעך זיין, אַז איר זאָלט מיר קענען שרייבן אייער מיינונג וועגן מיינע פּראָזאַ, וואָס איך שיק אייך, וואָלט איך געווען זייער צופרידן.

וואָס די צענזור אָנבעטרעפט קען איך נאָר זאָגן: אַז קוים איז ניט געפעלן געוואָרן מיין „אַלטער שניידער", האָב איך מורא, אַז מיינע יונגע שניידערס וועלן געוויס ניט געפעלן ווערן.

מער קיין נייעס פאַרלויפיק. מיט פיל פריינדלעכע גריסע פערבלייב איך אייער גאַנץ ערגעבענסטער

מאָריס ראָזענפעלד
50 Croton Terrace
Yonkers, N. Y.

נ. ב. אויב איר וועט זען אין דער צייטונג „דער טאָג" אַ פּאָעזיע מיטן נאָמען „דער געווינשטער טאָג" זאָלט איר וויסן, אַז איך האָב דאָס ניט געשיקט. אין דעם בריוו וואָס הער ראַבינאָוויץ(2) האָט צו מיר צוגעשיקט האָט ער מיר געשריבן, אַז הער רייזין האָט אים צוגעשיקט מיינעם אַ שיר „דער געווינשטער טאָג". ווי איך פערשטיי האָט עס מר׳ רייזין געמוזט אַרויסנעמען פון אַ ניו יאָרקער יידישע מאָנאַטשריפט „די צייט", וועלכע איז דאָ אַמאָל דערשינען אונטער דער רע־

דאַקציאָן פון מיין פריינד מ. מ. דאָליצקי. ווי אַזוי אברהם רייזין האָט זיך ערלויבט אַזאַ זאַך צו טאָן פאַרשטיי איך ניט. דען איך האָב ניט די אַדרעסע און האָב מיט אים פאַרלויפיק נאָך קיין בריוועקסל ניט געפירט.

סיי ווי סיי גלויב איך אין דעם „טאָג" ניט מער צו שרייבן סיידן די אומ־שטענדן וועלן זיך ענדערן. איך גלויב אַז איר מוזט וויסן דאָס די אַטאַקעס פון דעם „המליץ" האָב איך אַרויסגערופן געגן זיך פאַר אַ ברענענדן אַרטיקל, וואָס איך האָב געשריבן זיך אָננעמענדיק פיר דעם „פריינד" און פיר מר. ש. פרוג. אויב איר האָט נאָך דעם אַרטיקל ניט געזען קען איך עס אייך צושיקן.

ד. ז.

---

(1) יצחק גוידא (ב. גארין 1868 — 1925) איז דער באַקאַנטער דערציילער, לאַנגיאַריקער מיטאַרבעטער פון "ניו־יארקער „מארגען זשורנאַל", טעאַטער קריטיקער און מחבר פון „די גע־שיכטע פון יידישן טעאַטער".

(2) יהודה לייב (אדער לעאָן) ראַבינאָוויטש איז געווען דער דעמאָלסטיקער רעדאַקטאָר פון „המליץ". 1904 האָט ראַבינאָוויטש באַקומען אַ דערלויבעניש פון דער צאַרישער מאַכט אַרויסצוגעבן אַ טעגלעכע צייטונג אין פעטערבורג. די צייטונג דער „טאָג" איז געווען באַשטימט צו קאָנקורירן מיטן „פריינד" וואָס איז געשאַפן געוואָרן מיט צוויי יאָר פריער און האָט שטאַרק געשעדיקט דעם „המליץ". דער „טאָג", וואָס האָט נישט געהאַט אַזעלכע אָנגעזעענע מיטאַרבעטער ווי דער „פריינד" און איז אין אַלע פרטים געווען ערגער ווי זיין קאָנקורענט, האָט זיך פאַר־מאַכט נאָך זעקס חדשים.

דער בריוו איז פון שאול גינזבורגס ליטעראַרישן עזבון און איז מיר איבערגעגעבן גע־וואָרן פון דר' יצחק ריבקינדן, וואָס האָט מיך אויך אויפמערקזאַם געמאַכט אויף ראַבינאָוויטשעס זכרונות אין הדאר, דעצ. 9 און 29, 1923.

# צו דוב בער טירקעלן

דוב בער טירקעל (1875—1948) אַ העברעישער פּאָעט און אַ יידישער זשור־נאַליסט, וואָס איז געווען אַן אַלטער תושב פון פילאַדעלפיע, וואו ער האָט פאַר אַן ערך פופציק יאָר אַרויסגעגעבן, רעדאַקטירט און מיטגעאַרבעט אין אַ צאָל יידישע צייטשריפטן און זשורנאַלן. טירקעל איז געווען אַקטיוו אין אַ צאָל געזעל־שאַפטלעכע און קולטור־אינסטיטוציעס. ער האָט אָנגעשריבן אַן אינפאָרמאַטיוו בוך וועגן יידישן טעאַטער אין פילאַדעלפיע „די יוגנטלעכע בינע" און איז געווען יאָרן לאַנג דער פילאַדעלפיער פאַרטרעטער פון דעם ניו־יאָרקער „טאָג".

1

50 Croton Terrace
Yonkers, N. Y.
Dec. 7-1904.

זער געערטער הער טירקעל!

אייער שרייבן האָב איך ערהאַלטן און די איינלאַדונג פון אייער ליטעראַטור סאָסייטי מאַכט מיר פיל ערע. עס איז שוין לאַנג צייט געווען די פילאַדעלפיער ליטעראַטור סאָסייטי זאָל זיך שטעלן אין פערבינדונג מיט די מענשען וואָס האָבן זיך מקריב געווען אויף דעם אַלטאַר פון יידישע ליטעראַטור אין אַמעריקאַ און וואָס האָבן געגעבן דעם יידישן געדאַנק פליגל ער זאָל זיך פאַרשפרייטן איבער דער וועלט.

איך שמייכל זיך מיט דער ווארהייט, דאָס איך האָב געטאָן מער פון אַלע יידי־שע שרייבער אין דער גייער וועלט צו גרויסן אונזער מאַמע לשון און צו ערהויבן דעם כבוד פון דעם יידישן אימיגראַנט פון דער זייט אַטלאַנטיק.

כסדר. איך וואָלט פּאָזיטיוו געקומען אָנטייל נעמען אין אייער גרויסן יום טוב (וועלכער איז גלייכצייטיק דער יום טוב פון יידישן גייסט) גאָר אָן געלד, ליידער אָבער בין איך דאָס נאָך פאָרלויפיג ניט אימשטאַנד צו טאָן. דען ווי גוט דער יידישער זשורנאַליזם בעצאָלט זיך יעצט, איז ער אַלץ ניט בעצאָלבאַר גענוג צו געבן אַפילו איינעם פון זיינע בעסטע מענשען אַ לעבן מיט אַלע נויטיקייטן.

איך גלויב אַז 25 דאָלאַר מיט אייערע עקספּענסעס הין און צוריק איז קוים בעצאָלט פיר מיין אויפטרעטן אין אַ קאָנצערט, אָדער וואָס דאָס זאָל ניט זיין.

392 Prescott St.
Yonkers N. Y.
June 25. 1906

מיין ליעבער הערר טאָראָנער!

דאָס איז דער ערשטער
בריעף, וועלכעס איך שרייב מיט מיין רעכטער האַנד
זייט איך בין קראַנק געוועזען. נאַטירליך
ציטערט נאָך די פען אין מיינע פינגער און
די האַנד איז מיר שטאַרק אָפּגעחלשט, איך
מוז ביי יעדע צוויי ווערטער זיך אָפּ=
רוהען. אָבער איך פיהל זיך דאָך גליקליך
באַגליקט מיט דאָס ביסעל ערהאָלונג. סיי ווי סיי
וועל איך אין אַ פּאָאר וואָכען אַרום אָפּפאָהרען
נאָך האָט ספּרינגס ארקענזאָס, אין די וואַרעם-בעדער.
דאָס איז דער בעפעהל פון מיינע דאָקטוירים.
די נסיעה צוזאַמען מיט די קורצייט וועט
געוויס בעטרעפען ביז 500 דאָלאַר, ווייל איך וועל

מוסטער פון מאָריס ראָזענפעלדס האַנט

איך נעם געוועאָנליך פון 50 ביז 100 דאָלאַר אָ פּאָרלעזונג. דעם אבענד קענט איר זיך אַליין ווײלן. יעדער אבענד וועט זיין גוט גענוג פיר מיר. איר מוזט מיר אָבער לאָזן ויסן וועגן דעם אַזוי שנעל ווי מעגלעך, ווייל איך דאַרף דאָס ויסן צוליב אַנדערע איינלאַדונגען.

מיט האָכאַכטונג אייער גאַנץ ערגעבנסטער

מאָררים ראָזענפעלד

נ. ב. וועגן אייער זאַמלונג „שירי דוד" טוט מיר לייד אייך צו בענאַכריכטן, אַז איך האָב עס ניט געקריגן. דער איינציגער אין אונזער רעדאַקציאָן(1) וואָס האָט ערהאַלטן אייער בוך איז מר. טאנענבוים. איך האָב דאָרט געזען צוויי איבערזעצונגען פון מיינע צוויי לידער(2) וועלכע זיינען מיר גוט געפעלן. מיינע לידער זיינען נאָך ניט איבערזעצט געוואָרן אין העברעאיש. מר ג. ראָזענצוויייג און אַנדערע האָבן געמאַכט אָ פּראָבע, אָבער עס איז זיי ניט געלונגען. אויב איר ווילט אַזוי גוט זיין מיר צושיקן אייער בוך, וועל אייך פּילייכט שרייבן וועגן אים אַ רעצענזיע.

עס טוט מיר הערצלעך ווי צו זען אַז אייער זאַמלונג איז איגנאָרירט געוואָרן אין דער זאָגענאַנטער העברעאישער „פּרעססע" פון ניו יאָרק. מישטיינס געזאָגט, וויפל העברעאישע דיכטער האָבן מיר דאָ גאָר אין גאַנצן און די זעלבע ווערן אויך פאַרשוויגן אָדער ענטמוטיגט.

אָבער איר דאַרפט זיך ניט באַקלאָגן. דאָס איז דער גורל פון יעדן איינעם וואָס שאַפט עפּעס פיר אונזער פאָלק. ווען די אויסן וועלט וואָלט מיך ניט אנערקענט, וואָלט איך נאָך אפשר יעצט אויך געמוזט שוויצן אין אָ סוועט שאָפּ.

זייט מוטיג און שאַפט ווייטער. פרעגט ניט נאָך קיינעם.

אייער אויפריכטיקער

מ. ר.

---

(1) דער טעגליכער „אידישער העראלד". — ד. ב. ט.

(2) „הזמיר", „דער קאַנאַריק", „אל הרעה", „צו דער פּאָסטושקע". — ד. ב. ט.

2

Yonkers, Dec. 16-1904.

זער געערטער הער טירקעל: —

דעם בעשלוס פון אייער קאָמיטע האָב איך ערהאַלטן. עס טוט מיר זייער לייד, וואָס מיין וואונש קען ניט ערפילט ווערן, אָבער איך נעם דאָך אָן די בעדינ־

גונג פון דעם פעראיין. זייט אַזוי גוט און לאָזט מיר וויסן דעם בעשטימטן טאָג אין וועלכן איך וועל דאַרפן ערשיינען.

איך דאַנק אייך טויזנד מאָל פיר אייער זער געלונגענעם ביכעלע „שירי דוד״. איר האָט לויט מיין מיינונג אַ סך, גאָר אַ סך טאַלאַנט. איר זייט נאָך יונג און קענט נאָך זער פיל אויפטאָן פיר אונזער הייליגער שפּראַכע פון דער זייט ים. לאַכט פון אייערע „קריטיקער״ און האָט פערטרויען אין זיך אַליין; דאָס איז די הויפּט זאַך.

איך וייס ניט ווען מיר וועט אויסקומען צו שרייבן וועגן אייערע שירים, ווייל איך שרייב יעצט איבערהויפּט ניט. פאַמיליענטראָבעל(1) (צרות) האָבן מיך גע־צוואונגען אַוועק צו לייגן די פעדער פיר אַ געוויסע צייט. אָבער שרייבן וועל איך, וועגן אייך.

אייער גאַנץ ערגעבנסטער

מאָרריס ראָזענפעלד

50 Croton Terrace, Yonkers, N. Y.

שרייבט מיר אַלץ אויף מיין פּריוואַט אַדרעסע.

---

(1) די „פאַמיליענטראָבעלס״ וואָס ראָזענפעלד דערמאָנט דאָ איז די קראַנקהייט פון זיין זון יוסף, וואָס איז געשטאָרבן מיט פינף חדשים שפּעטער.

3

50 Croton Terrace, Yonkers, N. Y.
February 13. 1905.

מיין טייערער, גוטער טירקעלע!

איר מוזט מיר ענטשולדיגען וואָס איך האָב אייך אַזוי לאַנג ניט געענטפערט. די אורזאַכע איז: מיין זונס קראַנקהייט. איר ראָט מיר, פריינד, איך זאָל פאַר־געסן, זיך פאַרטומלען מיט קאָנצערטן און טעאַטער. אַך, ווי זאָל דאָס טאָן אַ טאַ־טע, וועמעס איינציגער זון, וועמעס העכסטע פרייד אין לעבן ליגט אין אַ „היים״ פון אונהיילבאַרע קראַנקע און ליידט די שרעקליכסטע שמערצן, וואָס קענען נאָר געפינען אַ גלייכן אין דאַנטעס „אינפערנאָ״? ניין, מיין ליבער, עס גייט ניט אַוועק אַ מינוט אין מעת לעת, וואָס איך זאָל ניט וויינען אויף מיין זון. און וויין איך ניט מיט די אויגן דאַן וויין איך מיטן האַרצן, מיט דער נשמה. מיין גאַנצער „איך״ שווימט אין טרערן, אין הייסע זודיגע טרערן.

וואָס ווערניקאָווסקיס(1) קריטיק איבער אייער בוך אָנבאַטרעפט, טוט עס מיר לייד, וואָס איך האָב דאָס ניט געלעזן. אַלענפאַלס זעט דאָס אויס פון אייער בריוו, אַז ער האָט אייך גאַנץ שמייכלענד בעהאַנדלט. געוואוינליך מוז מען זיין געפּאַסט צו הערן פערשידענע מיינונגען ווען מען טרעט אַרויס אַלס אָנפאַנגער. איך גיב זיך יעצט ניט מער אָב מיט צייטונגס שרייבעריי. איך שרייב יעצט די ביאָגראַפיעס פון היינריך היינע און יהודא הלוי וועלכע וועלן קירצליך ערשיינען אין בוך פאָרם, סעפּעראַט. ביי דער זעלבער פירמא, וואָס האָט אַרויסגעגעבן מיינע „געזאַמלטע ליעדער". איך גלויב, אַז איך האָב אייך געזאָגט זייענדיג אין פילאַדעלפיא, דאָס איך פערפערטיג יעצט אַ צווייטן בוך מיט לידער און פּראָזא.

איך בין אייך איניגסט דאַנקבאַר פאַר אייער פערשפּרעכן, אַז איר וועט איבערזעצען „מיין אינגעלע" אין העברעאיש. איך גלויב אַז איר זייט דער ריכטיגער מאַן מערערע פון מיינע געדיכטער אין העברעאיש צו איבערטראָגן. ווען איר וואָלט געמאַכט פון זיי אַ פאָלשטענדיגע זאַמלונג וואָלט איר זיי, איך גלויב, געקענט פאַרקויפן אין רוסלאַנד צו אַ פאַרלעגער. מען וואָלט אייך פיר אַזאַ זאַמלונג גוט בעצאָלט.

שרייבט מיר אָפטערס. איך האָב נאָך ניט אויפגעגעבן דעם געדאַנק וועגן אייך צו שרייבן אין אַמעריקא אָדער אין אייראָפּאַ. זעלבסט פערשטענדליך, אַז מיר איז יעצט דער קאָפּ פערנומען מיט אַנדערע זאַכן, איבערהויפּט מיט מיין זונס ליידן. אָבער איר מעגט זיין זיכער, אַז איך וועל אייער בוך ריכטיג בעהאַנדלען(2). האָפענדיג פון אייך צו הערן פערבלייב איך אייער גאַנץ ערגעבענסטער

מאָרריס ראָזענפעלד

---

(1) רעצענזיע איבער „שירי דוד" אין „הלאם", דעם 5טן יאַנואר 1905, פון דר' יצחק ווערניקאָווסקי — ד. ב. ט.

(2) אַז איבערבליק איבער די „שירי דוד" איז דערשינען פון מאָריס ראָזענפעלד אין „ניו־יאָרקער מאָרגען־בלאַט" און „אידישע וועלט", דעם 6טן אַפּריל 1905. אויך אין „דער אַמעריקאַנער", דעם זעלבן חודש האָט מ. ר. געשריבן וועגן די „שירי דוד". — ד. ב. ט.

**4**

184 Linden St.
Yonkers, N. Y.
Feb. 22. 7909.

מיין טייערער פריינד ד. ב. טירקעל!

מיר טוט לייד, וואָס איך האָב מיך נישט געקענט צו איילען פאַר אייער

בלאַט צו שרייבן. איך שיק אייך אַ געדיכט, וואָס איך האָב מורא איז צו גוט פאַר אַ יידישע צייטונג. דאָס געדיכט איז קלאַסיש סיי אין אינהאַלט, סיי אין דער פאָרם און מעגליך, אַז עס וועט פון די לעזער נישט פערשטאַנען ווערן.

איך לאָז דאָס איבער צו אייך. טוט דערמיט וואָס איר פערשטייט. איך וועל קיין פאַראיבל נישט האָבן ווען איר וועט דאָס נישט דרוקן. דאָס דאָזיקע געדיכט איז אין יידיש ניי אין זיינער אַרט.

מיט האָכאַכטונג אייער דאנקבאַרער און אויפריכטיגער פריינד ווי אימער

מאָררים ראָזענפעלד

# צו יאַראָסלאַוו ווערכליצקין

יאַראָסלאַוו ווערכליצקי (1853 — 1912), מאָריס ראָזענפעלדס טשעכישער איבערזעצער, איז איינער פון די פּראָדוקטיווסטע און באַרימטסטע מאָדערנע נאַציאָנאַלע טשעכישע פּאָעטן און דראַמאַטורגן. צוויי פון דער גרויסער צאָל דראַמעס זיינע זיינען אויף יידישע טעמעס: „באַר־כוכבא" און „ראַבינסקאַ מודראָסט" (וועגן מהר"ל פון פּראָג). אין דער הקדמה צו ראָזענפעלדס לידער אויף טשעכיש שרייבט ווערכליצקי, אַז ער האָט זיך באַקענט מיט ראָזענפעלדן דורך ווינערס בוך, The History of Yiddish Literature in the Nineteenh Century. 1901 האָט אים ווינער צוגעשיקט ראָזענפעלדס ביכל Songs from the Ghetto וואָס ווינער האָט איבערגעזעצט און געהאָלפן אַרויסגעבן מיט דריי יאָר פריער (1898). ווערכליצקי האָט זיך גלייך גענומען עס איבערצוזעצן אויף טשעכיש און האָט נאָך צוגעגעבן פערצן לידער פון דער צווייטער אויפלאַגע פון די Songs. ער שטרייכט אונטער, אַז זיין בוך האָט מיט פערצן לידער מער ווי בערטאָלד פייוועלס דייטשישע איבערזעצונג, ווייל „ס'קאָן זיך געפינען אַ טשעכישע נשמה" וואָס וועט צו אים, ווערכליצקין, האָבן טענות אַז ער זאָל איבערגעזעצט פון דייטש און ניט פון אָריגינאַל. „מיין כוונה איז געווען, אַז מחמת דעם גרויסן ווערט פון די איבערגעזעצטע לידער, זאָל צווישן די אַלע ליטעראַטורן וואָס פאַרנעמען זיך מיט ראָזענפעלדן (די ענגלישע, די פּוילישע און די רוסישע וואָס האָבן שוין איבערזעצונגען) אונדזער טשעכישע ליטעראַטור ניט זיין די לעצטע" (פון דער הקדמה צו דער טשעכישער איבערזעצונג, וואָס איז אַרויס 1905).

דער בריוו איז פון ווערכליצקי־אַרכיוו אין פּראָג.

50 Croton Terrace, Yonkers, N. Y., U. S. A., Aug. 31, 1905.

Prof. Jaroslav Vrchlicky,
Most Distinguished Sir,

Your Excellent translation of my poems(1) which you were good enough to send me through Mr. M. J. Sonnenshein, reached me safely. Many Thanks.

I personally saw Mr. Sonneshein and was pleased to learn from him about your great social standing and unceasing literary work.

Your greatness as a master in the world of song I knew already from before. My dear friend Prof. Leo Wiener told me of your wonderful poetic

achievements, and I have also learned to know it myself from the valuable translation of your works by the renown Dr. Friedrich Adler(2).

I hope it may interest you to know, dear sir, that an extensive volume of my poems, poetry and essays is now in print.

It is not unlikely that I should make a reading tour through the great Jewish centers of Germany and Austria(3) and have the pleasure of expressing to you my deep admiration in person.

Yours very respectfully

Morris Rosenfeld

(איבערזעצונג:

זייער חשובער הער,

אייער אויסגעצייכנטע איבערזעצונג פון מיינע לידער, וואָס איר זייט געווען אַזוי גוט מיר צוצושיקן מיטן ה' מ. י. סאַנעשיין, האָב איך פינקטלעך דערהאַלטן. אַ גרויסן דאַנק.

איך האָב ה' סאַנענשיין געזען פּערזענלעך און בין געווען צופרידן געוואָר צו ווערן פון אים וועגן אייער אָנגעזעענער סאָציאַלער פּאָזיציע און וועגן אייער אומענדלעכער ליטעראַרישער אַרבעט.

אייער באַרימטקייט ווי אַ מייסטער אין דער וועלט פון ליד איז מיר שוין געווען באקאנט נאָך פון פריער. מיין טייערער פריינד פּראָפ' לעאָ ווינער האָט מיר דערציילט וועגן אייערע וואונדערלעכע פּאָעטישע דערגרייכונגען און איך האָב דאָס אַליין אויך אויסגעפונען דורך דער ווערטפולער איבערזעצונג פון אייער ווערק, וואָס עס האָט געמאַכט דער באַקאַנטער דר' פרידריך אַדלער(2).

איך האָף אַז עס וועט אייך, טייערער הער, אינטערעסירן צו וויסן, אַז עס דרוקט זיך אַ גרעסערער באַנד פון מיינע לידער, פּאָעזיע און עסייען.

עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז איך זאָל מאַכן אַ לייען־טור איבער די גרעסערע יידישע צענטערן פון דייטשלאַנד און עסטרייך און האָבן דאָס פאַרגעניגן אייך פּערזענלעך אויסצודריקן מיין טיפן אָפּשיי.

אייער מיט גרויס דרך ארץ

מאָרריס ראָזענפעלד

---

(1) פּראָפעסאָר ווערבליצקי האָט אָנגעשריבן אויף טשעכיש אַ ליד „מאָרים ראָזענפעלד", וואָס איז דעם 24סטן דעצעמבער, 1913 אָפּגעדרוקט געוואָרן אין אַ יידישער איבערזעצונג אין דעם שיקאַגער וואָכנבלאַט „דער אידישער רעקארד". כאָטש דער איבערזעצער איז נישט אָנגעגעבן, איז קיין ספק נישט, אַז דאָס איז ראָזענפעלדס איבערזעצונג:

# מ א ר ר י ס   ר אָ ז ע נ פ ע ל ד

## פון יאַראָסלאַוו ווערבליצקי

בלייכער מאַן ביי דער מאַשינע
מיט יסורים אַן אַ ברעג,
וועמען חושכנים פלעגט שפינען
נויט און עלנד אויף זיין וועג.
אָרעמער מאַן וואָס נייען מוז
אַז אַן אויפהער פאַר זיין ברויט,
ווייל די נויט
געקרעכצט האָט טויט —
דיר בלייבט טריי דיין געניוס

פון זיין דאָרף איז ער געקומען
אין דער ווייטער וועלט אַריין,
פון דעם וועלט גערויש פאַרנומען
האָט ער שפּאַט נאָר, לייד און פּיין,
דאָך זיין האַרץ — טראַץ, אומגליקס שלום —
האָט געגליט אין קאַמף פאַר ברויט
כאָטש ס'האָט נויט
געסטראַשעט טויט —
ס'האָט אים באַוואַכט זיין געניוס

האָט געזען דורך לאַנדאַנס נעפּל,
דורך דער נייער וועלטס געוואַלט,
מיט אַ טרערן בליק דאָס לעבן,
וואו דער עלנד הערשאַפט האַלט.
און געפילט דער מוזעס קוש
האָט ער אויך אין קאַמף פאַר ברויט
ווען די נויט
געברילט האָט טויט —
דאָך וואָס נוצט דער געניוס?!

ווידער ביי דער אַרבעט זינקט ער
נייט און נייט, און נייט,
דאַן מיט זשעדנעם חשק טרינקט ער
ווען דער טאָג פאַרגייט
לאַבונג פון דעם שיינהייטס פלוס —
נאָר אים שרעקט דער קאַמף פאַר ברויט!
אַך! די נויט
ליאַרעמט טויט
עס פאַרשטומט דער געניוס.

## י. ליפשיץ

זיינע עלטערנס טרוים, פארלאנגען,
זיינע ברידערס שטים
און זיינע אייגענע הארצנס־באנגען
זיינען לידער אים...
אבער צו דער ארבעט מוז
ווידער און צום קאמף פאר ברויט,
דען די נויט
שרעקט מיט טויט, —
מוז אין שוויים דער געניוס

נאר כאטש ער האט שווער געליטן,
בלייבט ער דאך א העלד,
האט דעם קאמפס־פרייז אויסגעשטריטן;
האט ערשטוינט די וועלט
זינגנדיק זיין אומהס גרוס!
און אזוי דורך נויט און שפאט
זיך צו גאט
ערהויבן האט
זינגנדיק דער געניוס.

---

(2) דר׳ פרידריך אדלער, רעדאקטאר פון פראגער זשורנאל „באהעמיא", האט געשריבן אן אריינפיר צו דער זאמלונג לידער, וואס איז איבערגעזעצט געווארן פון פרידריך טיבינגער און ארויסגעגעבן געווארן אין 1910 אין פראג. די ערשטע זאמלונג פון ראזענפעלדס לידער אין דער דייטשישער איבערזעצונג פון בערטאלד פייוועל און מיט די שפעטער פאפולער געווארענע צייכענונגען פון ליליענען, איז ארויס אין בערלין אין 1903.

(3) 1908 האט מארים ראזענפעלד געמאכט אזא טור, וואס איז געווען אן אמתע טריאומף־רייזע פאר דעם בארימטן פאעט.

# צו קלמן מרמרן

קלמן מרמר, ליטעראַטור־פאָרשער, עסייאיסט, קריטיקער, רעדאַקטער פון אַ צאָל צייטשריפטן אין די לעצטע דרייסיק יאָר מיטאַרבעטער פון דער ניו־יאָרקער „מאָרגען פרייהייט", איז לאַנגע יאָרן געווען אַ בן בית ביי ראָזענפעלדן און זיין משפחה. ער האָט אַ סך געשריבן וועגן מאָריס ראָזענפעלדן און אפילו געגרייט אַ גרעסער ווערק וועגן דעם פּאָעט. קלמן מרמר איז צו פאַרדאַנקען דאָס, וואָס אַ טייל פון מאָריס ראָזענפעלדס ליטעראַרישער עזבון און דאָס וואָס איז איבערגעבליבן פון זיין אַרכיוו איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן און געפינט זיך איצטער אין ייוואָ.

1

(אָנהייב 1906)

אייער איינלאַדונג מיטצואַרבעטן אין דעם „אידישען קעמפפער"(1) נעם איך אָן מיט פאַרגעניגן. ליידער אָבער וועט איר ניט קענען רעכענען אויף מיין שטענדיקע מיטווירקונג. מערסטנס, ווייל איך בין שטאַרק פאַרנומען מיט שרייבן פאַרן „פאָרווערטס" און „צייט־גייסט", און צווייטנס, ווייל מיין געזונט איז זייער אונטערבראָכן און איך בין די לעצטע עטלעכע חדשים אונטער די שטענדיקע אויפזיכט פון אַ דאָקטער.

מיין האַרץ איז מיט אייער זאַכע. „ייד און אַרבייטער" איז שטענדיק געווען מיין מאָטטאָ. אַמאָל האָט מען מיך אָבער ניט פערשטאַנען, אין געגנטייל, מען האָט מיך נאָך געשימפּט און פער'חרמ'ט פאַר מיין „וואַרפן זיך" אין „ביידע זייטן". עס האָט געדויערט אַ פערטל יאָרהונדערט ביז די ציל בעוואוסטע יידישע אַרבעטער, יידישע קעמפּפער, זיינען געקומען צו מיר.

איך בין שוין געבראָכן אין קערפּער, אָבער מיין גייסט פרייט זיך מיט זיין זיג. איך בין מיט אייך און ווינש אייך סוקסעס. זעט, אַז אייער בלאַט זאָל זיין ליטעראַריש און ריין פון פערזענלעכקייט און איר וועט מצליח זיין.

מיט ברודער גרוס

מ. ראָזענפעלד

(1) דער בריוו וואָס איז ניט אַדרעסירט איז געשריבן צו קלמן מרמרן, וואָס איז געווען דער רעדאַקטער פון „אידישער קעמפער". דער „קעמפער" האָט אנגעהויבן דערשיינען אין מערץ 1906 אין ניו־יאָרק — פילאַדעלפיע.

2

New York, March 1th 1906.

מיין ליבער מר׳ מאַרמאָר!

ליידער האָט מיר דער שיקזאַל ניט פערגונען דעם גרויסן פערגעניגן מיט צו אַרבייטן אין אייער, אָדער בעסער געזאָגט, אין אונדזער ערשטן נומער „אידישער קעמפער". איך שרייב דיזע צײַלן מיט די גרעסטע מסירת נפש. מיין האַלבער קערפער איז פּאַראַליזירט און איך בין קאַרגע צוויי וואָכן אין האָספּיטאַל(1). גריסט אַלע חברים אין מיין נאָמען ווינשענדיק אייך גרויס ערפאָלג פערבלייב איך אייער גאַנץ ערגעבנסטער

מאָרריס ראָזענפעלד

(1) דער בריוו איז געשריבן אויף אַ בלאַנק פון

The New Physical and
Surgical Hospital (שפּיטאָל)
465 Lexington Ave. (ניו־יאָרק)

3

דינסטאַג דעם 1טן מאַי 1906.

זייער געערטער הער מאַרמאָר!

אייער אָפנהערציקייט איינגעוויקלט אין אַן אַסיגנאַציע האָב איך ריכטיק ער־האַלטן. אייער ליבענסווירדיקעס שרייבן און אייער קליינער גרויסער פּרעזענט מאַכט אייך פיל ערע. יעצט ערלויבט מיר אייך צו פּרעזענטירן מיט מיין דייטשע אויסגאַבע, וועלכע איך שיק אייך אַרויס גלייך מיט דיזן בריוו.

יאָ די לאַגע איז זייער אַ טרויעריקע. פון אַלע אומגעלומפּערטע געשרייען אין די יידישע בלעטער וועגן הילף, האָב איך ליידער אויסער חרפה קיין זאַך ניט געגאַסן(1). פרעגט ניט, פריינד, ביי קיינעם וואָס צו טאָן פאַר מיר, נאָר טוט דאָס

אַליין. די פו״עצ קענען זייער פיל טאָן און זיי זיינען אייגנטלעך די איינציקע צו וועמען איך האָב אַ רעכט זיך צו ווענדן אין מיין יעצטיקע גרויסע נויט. איך צווייפל ניט, אַז איר וועט בעאיינפלוסן די אָרגאַניזאַציאָן זי זאָל פאַר מיר מאַכן אַ אונטערנעמונג(2). ניו יאָרק איז צופיל פער׳סם׳ט מיט בלאָפס, אייער צייטונג אָבער איז ריין און ערלעך און קען פיל ווירקן צווישן אירע חברים. איך דאַנק אייך פאַרן דרוקן מיין אַדרעס און שיקן מיר דעם „אידישן קעמפפער״. אייער בלאַט איז די ריכטיקע שטימע פון פראָטעסט קעגן דעם דאָפלטן גלות: — קאַפּי־טאַליזמוס און אַנטיסעמיטיזמוס און דער איינציקער פאָזיטיווער יידישער וועג־ווייזער.

ענטשולדיגט מיין קורצעס שרייבן. מיט דער אַנדער האַנט פאַלט דאָס מיר שווער.

אייער גאַנץ ערגעבענסטער

מאָרריס ראָזענפעלד

---

(1) זע דעם בריוו וואָס מאָרים ראָזענפעלדס ברודער האָט געשריבן צו ווינעדן. לויט מאָרים ראָזענפעלדס ברודער קומט אויס, אַז דער „יידיש־רעדנדיקער עולם האָט יאָ עפּעס גע־כאַן, אָבער ער קאָן אים ניט שאַפן קיין באַדייטנדיקע הכנסה, וואָס איז זייער נייטיק אין זיין איצטיקן מצב״. ראָזענפעלדס ברודער שלאָגט פאָר, אַז פּראָפעסאָר ווינער זאָל וועגן דעם שרייבן אין דער אַמעריקאַנער פּרעסע. ווי עס ווייזט אָבער אויס פון דעם ווייטערדיקן בריוו האָט דזשייקאָב שיף יאָ געהאָלפן ראָזענפעלדן און אים באַשטימט אַ חודשלעכע הילף. פּראָפעסאָר עדווין ר. זעליגמאַן, וואָס איז געווען ראָזענפעלדס אַ פאַרערער, האָט דעם 6טן נאָוועמבער, 1906 געשריבן צו פרוי ראָזענפעלד, אַז ער האָט געהערט, אַז „עס איז פאַר איר זייער שווער זיך אַן עצה צו טאָן״ און דעריבער האָט ער געבעטן זיין ברודער, דעם באַנקיר, אייזיק, נ. זע־ליגמאַן, אַז ער זאָל איר „שיקן 5 דאָלאַר אַ חודש ווי אַן הוספה צו דעם וואָס איר קריגט שוין פון מר. שיפן״. (דער ענגלישער בריוו געפינט זיך אין ייוואָ־אַרכיוו).

(2) דער „אידישער קעמפּער״ האָט געעפנט אַ געלט־זאַמלונג פאַרן פּאָעט און דעם 31סטן אָקטאָבער 1906 באַשטעטיקט פרוי ראָזענפעלד אין אַן ענגלישן בריוו צו מרמרן, וואָס איז מסתמא געשריבן געוואָרן פון אַ טאָכטער, אַז זי האָט דערהאַלטן 28.20. געלט איז אויך גע־שאַפן געוואָרן פון פאַרשיידענע אַרבעטער אָרגאַניזאַציעס, צייטונגען און יחידים אין אַמע־ריקע און אין אויסלאַנד. אַזוי האָט, למשל, אַ פאַראייניקטער קאָמיטעט פון פאַריזער אַרבעטער אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָט אַריינגענומען דעם בונדישן פאַראיין „קעמפער״, די גרופּע סינדי־קאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, די אַנאַרכיסטן־קאָמוניסטן, די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, פּועלי ציון, די ס״ס און די פרייע בינעס, איינגעאָרדנט אַ גרויסן באַל, וואָס האָט אַריינגעבראַכט די גאָר גרויסע סומע פאַר יענער צייט פון 2006 פראַנק. די הוצאות זיינען געווען 1342 פראַנק און די 664 פראַנק ריוח זיינען אויסגעביטן געוואָרן אויף 126 דאָלאַר און אָפּגעשיקט געוואָרן צו מאָרים ראָזענפעלדן (בריוו אין „פאָרווערטס״).

פון סט. לואיס, מיזורי, שרייבט דעם 29סטן מערץ 1907, אַ געוויסער מ. ל. גלאָס (אויף אַ בלאַנק פון אַ היטל פאַבריק), אַז ער שיקט „אַ דראַפט (געלט־אַנווייזונג) אויף 10 דאָלאַר, וועלכע מיר האָבן קאָלעקטעד (געזאַמלט)״ (ייוואָ אַרכיוו).

4

392 Prescott St.
Yonkers, N. Y.
June 25, 1906.

מיין ליבער הער מאַרמאָר!

דאָס איז דער ערשטער בריוו, וואָס איך שרייב מיט מיין רעכטע האַנט זייט איך בין קראַנק געוואָרן. נאַטירלעך ציטערט נאָך די פּען אין מיינע פינגער און די האַנט איז מיר שטאַרק אָפּגעחלשט, איך מוז ביי יעדע צוויי ווערטער זיך אָפּרוען, אָבער איך פיל זיך דאָך גליקלעך כאָטש מיט דאָס ביסל ערהאָלונג. סיי ווי סיי וועל איך אין אַ פּאָר וואָכן אַרום אָפּפאָרן נאָך האָט ספּרינגס, אַרקענזאַס, אין די וואַרם־בעדער. דאָס איז דער בעפעל מיט די קוראַציע וועט געוויס בעטרעפן ביז 500 דאָלאַר(1), ווייל איך וועל מוזן בלייבן אין די בעדער איבער זומער.

איר וועט מיר דאַרום טאָן אַ גרויסע טובה ווען איר וועט מיר געפעליקסט צושיקן, ביי אייער פריסטע געלעגנהייט, די עטלעכע דאָלאַר, וואָס איז אַריינגעקומען אין אָפיס פון „קעמפּפער” פון מיינעטוועגן.

איך מוז, פאַר מיין אַוועקפאָרן, ברענגען אַלע מיינע פאַמיליען־אָנגעלעגנהייטן און „פינאַנסן” אין אָרדענונג... איך מוז זען אויף ווי ווייט א י ך מעג זיך לאָזן קאָסטן אין די ספּרינגס און מיין פ אַ מ י ל י ע — אין דער היים... ענטשולדיקט דעם קאַלטן, בלעכענעם ביזנעס־טאָן פון אָט דעם בריוו און עמפּפאַנגט מיין וואַרעמסטן דאַנק פאַר אַלע גוטסקייטן, וואָס איר האָט מיר בעוויזן ביז היינטיקן טאָג. איך האָף אייך צו שרייבן פון די באַדע פּלעצער, אויב איך וועל עס נאָר קענען. מיט די פריינדלעכסטע גרוסן אייער גאַנץ ערגעבנסטער

מאָרריס ראָזענפעלד

---

(1) דעם 8טן יוני, 1906 האָט דער ראַבינער א. ב. ריין (A. B. Rhine) געשריבן אַ (ענגלישן) בריוו צו מאָריס ראָזענפעלדן און האָט אים אין נאָמען פון „בני ברית” לאָזשע האָט ספּרינגס, אַרקענסאַ פאַרבעטן צו קומען זיך קורירן אין די דאָרטיקע בעדער אויף די קאָסטן פון דער „בני ברית” לאָזשע.

„חשובער הער — שרייבט דער ראַבינער ריין — איך האָב מיט גרויס באַדויערן געלייענט וועגן אייער טרויעריקן מצב און וועגן דער גלייכגילטיקייט מיט וועלכער מען האָט זיך באַצויגן צו אייך, וואָס איז, לײדער, צו אָפט דער גורל פון תלמידי חכמים ביי יידן. אויב אייער קראַנקהייט איז אַזאַ, וואָס די בעדער אין האָט ספּרינגס קאָנען אייך העלפן, וויל איך אייך מיט פאַרגעניגן פאַרשלאָגן אין נאָמען פון דער „בני ברית” לאָזשע צו קומען דאָ אַהער זיך

קורירן ווי אונדזער גאַסט. אויב איר נעמט דאָס אָן (די פאַרבעטונג), הייסט זשע אייער דאָקטער מיר איבערשיקן אַ באַשרייבונג פון אייער קראַנקהייט און איך וועל דאָס איבערגעבן אַ לאָקאַלן דאָקטער דאָ און וועל גלייך האַנדלען ווי נאָר מע וועט מיך אינפאָרמירן". (מאָריס ראָזענפעלד קאָלעקציע, ייוואָ אַרכיוו).

דעם 4טן אָקטאָבער, 1906 האָט דער זעלבער ראַבינער ריין אָפּגעדרוקט אַ בריוו אין דעם American Israelite פון סינסינאַטי אין וועלכן ער זאָגט, אַז דער גורל איז געפאַלן „אויף אַ אומבאַקאַנטער קליינער קהילה צו קומען דעם פּאָעט צו הילף. בית ישראל לאָזשע (פון „בני ברית") פון האָט ספּרינגס, וואָס האָט געהערט וועגן מר. ראָזענפעלדס מצב און האָט אים פאַרבעטן צו זיין איר גאַסט און קומען קיין האָט ספּרינגס זיך קורירן אין דעם באַרימטן רעזאָרט. דער פּאָעט האָט שפּעטער דערציילט דעם שרייבער (דעם ראַבינער ריין), אַז זיין דאָקטער האָט אים געהייסן פאָרן קיין האָט ספּרינגס און אַז ער (ראָזענפעלד) האָט געהאַט אויפגעגעבן דעם געדאַנק, ווייל ער האָט זיך דאָס נישט געקאָנט דערלויבן און פּונקט דעמאָלט איז אָנגעקומען די פאַרבעטונג פון דער האָט ספּרינגער לאָזשע. מר. ראָזענפעלד איז דאָ (אין האָט ספּרינגס) איבער צוויי וואָכן. די פאַרבעסערונג אין זיין געזונטצושטאַנד איז באַדייטנדיק: ער קאָן שוין פרייער באַנוצן די האַנט און דעם פוס און דער דאָקטער האָפט אַז ער וועט אין גאַנצן געזונט ווערן. זיינע הוצאות ווערן גענוגנדיק געדעקט פון דער לאָקאַלער לאָזשע און די גראַנד לאָזשע נומער 7 פון „בני ברית" פון דער געגנט האָט באַרייטוויליק פאָרגעשלאָגן אויסצוהאַלטן דעם פּאָעט אַזוי לאַנג ווי עס וועט זיין נייטיק". מע דאַרף בלויז צוגעבן, אַז די „בני ברית" לאָזשעס, ספּעציעל אין די ווייטע מקומות, האָבן בדרך כלל נישט געהאַט קיין אַנדערע מיטגלידער ווי נאָר דייטשע יידן.

5

392 Prescott St.
Yonkers, N. Y.
July 4, 1906.

מיין ליבער מר' מאַרמאָר!

ווי איר זעט פון די אויבערשטע דאטום איז שוין היינט מיטוואָך, ניט מאָנטאָג, און איך האָב נאָך דאָס געלט ניט ערהאַלטן. איך האָף, אַז איר וועט זיך אַזוי גוט זיין בעמיען צו זען, דאָס מיין טרעזשורער זאָל מיר צושיקן דעם ערטראַג פון די אונטערנעמונגען און זי ווי ניט שפּעטער ווי שבת, ווייל איך מוז אַוועקפאָרן. איך דאַנק אייך איניגסט פאַר אייערע פריינדלעכע ווערטע(ר) און אייער מי פון מיינעטוועגן. מיט די הערצלעכסטע גרוסן אייער גאַנץ ערגעבנסטער

מאָררים ראָזענפעלד

6

392 Prescott St.
Yonkers, N. Y.

שבת אָוונט דעם 7טן דזשולאי 1906

זייער געערטער הער מאַרמאָר!

בעסטער פריינד, —

איך האָב נאָך דאָס געלט פון דעם „אידישן קעמפפער" ניט ערהאַלטן. וואַרשיינלעך איז אייך מיין 2טער בריוו צו שפעט אָנגעקומען, אָדער איך האָב שלעכט געטאָן וואָס איך האָב געשריבן אויף אייער פריוואַט אַדרעס, ווייל עס האָט אייך גענומען מער צייט צו זען דעם בחור, וואָס האַלט צו מיינע געלט. איך האָף אַלנפאַלס אַז עס וועט אייך געלינגען צו זען איך זאָל ערהאַלטן דאָס געלט ניט שפעטער ווי מיטוואָך. איך בין זיכער אַז אָן אייך וועגדעט זיך דאָס ניט, לײדער אָבער מוז איך אייך טראָבלען, ווייל איר זייט דער איינציגער צו וועמען איך קען זיך ווענדן וועגן דער בעטרעפענדער אָנגעלעגנהייט.

עס וועט מיר זיין ניט אנגענעם צו שיקן מיין פרוי נאָך פילאַדעלפיא זי זאָל זען דעם „טרעזשורער". מיט די פריינדלעכסטע און הערצלעכסטע גרוסן צו אייך און מיט פיל דאַנקבאַרקייט פאַר אייער מי פון מיין טובה וועגן פערבלייב איך אייער אויפריכטיקער, אמתער פריינד

מאָרריס ראָזענפעלד

7

646 Quapau Ave. Hot Springs, Ark.([1])
October 8, 1906.

מיין טייערער מר' ק. מאַרמאָר!

מיין פרוי האָט מיר צוגעשיקט אייער בריוו נאָך די וואַרם־בעדער וואו איך מאַך דורך אַ קורס קוראַציע. איך ברענג אַ גרויסן אָפּפער מיטן שרייבן אייך אָט דעם בריוו, ווייל מיינע אויגן ענטזאָגן זיך מיר מער צו דינען. עס איז מעגליך איך זאָל פערלירן די ליכט פון מיינע אויגן יעדן אויגנבליק. די אָפּטישע נערוון זיינען מיר רואינירט פון דעם פּאַראַליז און פולשטענדיקע בלינדקייט קען איינטרעטן יעדע רגע. מעגליך אַז איך זאָל געבראַכט ווערן צוריק אַהיים נאָך יאנקערס

**איינגעוויקלט אין אייביקע נאַכט(2). איך איַל זיך דאַרום צו שרייבן, אָבוואָל איך טאָר ניט, כדי צו זען די לעצטע ציילן פון מיין פעדער.**

**די אייניקע דאָלאַר פון די שווייץ זאָלט איר אַזוי גוט זיין צושיקן יעצט צו מיין פרוי, זי נויטיקט זיך זייער שטאַרק אין דעם(2). דער פאָנד מיינער האָט זיך שוין אַזוי ווי געענדיקט, אָבער מיין גרויסער אונגליק פאַנגט זיך יעצט אָן.**

**גריסט אַלע חברים און אַלע יידישע לעזער פון מיינעטוועגן דריקט זיי אויס מיין ליבע און מיין צוטרויען צו זיי, אַז זיי וועלן מיך ניט לאָזן שטיין אַ בלינדן בעטלער אין די אָפענע גאַסן.**

**מיט האָכאַכטונג אייער גאַנץ ערגעבנסטער און דאַנקבאַרער**

**מאָרריס ראָזענפעלד**

**מיין פרויס אַדרעס:**

Mrs. M. Rosenfeld, 429 Prescott St., Yonkers N. Y.

---

(1) דער בריוו איז געשריבן אויפן בלאַנק פון דאָקטער וואָס האָט געהיילט ראָזענפעלדן:

S. P. Collings, M. D.
Howard P. Collings, M. D.
Hot Springs, Arkansas

(2) אין אייראָפּע האָט זיך פאַרשפּרייט אַ פאַלשער קלאַנג, אַז מאָרים ראָזענפעלד איז געשטאָרבן און כמעט אַלע יידישע צייטשריפטן האָבן פראָמינענט געמאָלדן וועגן דעם טויט פון דעם גרויסן יידישן דיכטער. אַזוי האָט למשל, די ווינער Neue National Zeitung, וואָס איר רעדאַקטאָר איז געווען דר. ס. ר. לאַנדאַו, וואָס האָט געהאַט אויספירלעך געשריבן וועגן ראָזענפעלדס לידער אין זיין צייטונג און אויך אין דעם באַקאַנטן אַלגעמיין סאָציאַליסטישן זשורנאַל „די נויע צייט", וואָרעם באַקלאַגט דעם דיכטער וואָס איז „געשטאָרבן אין נויט און עלנד... בלינד און פאַרהונגערט... דער טויט האָט אים דערלייזט" (Die Neue National Zeitung, Wien, 2 August, 1907).

אין אַ בריוו צו דער „פאָלקסצייטונג" אין ווילנע וואָס איז איבערגעדרוקט געוואָרן אין דער לאָדזשער „ראָמאַן־צייטונג" פון 2טן אויגוסט 1907, שרייבט מאָרים ראָזענפעלד: „איך לעב, כאָטש דער טויט וואָלט מיר ליבער געווען ווי מיין איצטיקער צושטאַנד... עלנד, צרות צוליב בלינדקייט, יסורים און אָרעמקייט, די קינדער מוזן, נעבעך, פון נויט ליידן, באַגרענעצט אין אויסגאַבן, 800 דאָלאַר חובות, אַריינגעפאַלן אין די הענט פון פּראַצענטניקעס, וואָס האָבן מיין הייזל צוגענומען און מיך מיט מיין פאַמיליע אויף דער גאַס אַרויסגעוואָרפן. עס האָט געהאַלטן דערביי אַז איך מיט מיין ווייב און קינדער זאָלן שטאַרבן פאַר הונגער. עס איז אָבער נאָך ווייניק געווען די צרות פאַר מיר, האָבן זיי נאָך מפורסם געווען אין דער וועלט, אַז איך בין געשטאָרבן, כדי די עטלעכע וואוילטעטעטער זאָלן אויך אויפהערן מיך צו שטיצן".

(3) דעם 19טן אָקטאָבער 1906 שרייבט פרוי ראָזענפעלד מרמרן, אַז זי האָט דערהאַלטן זיין בריוו, וואו ער מרמר, האָט איר געלאָזט וויסן, אַז „אין „קעמפער" איז אַריינגעקומען 12 דאָלאַר

מיט 75 סענט". פרוי ראָזענפעלד שרייבט, אַז זי „נייטיקט זיך אין דעם געלט און ער זאָל עס איר געפעליק צושיקן". דעם 27סטן יאַנואַר, 1907, שרייבט מאָריס ראָזענפעלדס ייִנגערער ברודער, י. ר. ראָזענפעלד מרמרן אַ בריוו, וואו ער לאָזט וויסן דעם רעדאַקטאָר פון „קעמפער", אַז „מיין ברודער מר. מאָריס ראָזענפעלד, האָט מיך געבעטן אייך צו לאָזן וויסן, אַז ער וואָלט איצטער גע־קאָנט נוצן דאָס געלט, וואָס געפינט זיך אין „אידישער קעמפער". אַ חודש שפּעטער, דעם 3טן פעברואַר 1907 שרייבט מאָריס ראָזענפעלדס מיטלסטע טאָכטער דאָראַ מרמרן שוין אַן אומהעפלעכן בריוו, אַז „עס איז פּונקט אַ וואָך זינט מיין פאָטער האָט אייך געשריבן אַ בריוו און געבעטן דאָס געלט וואָס געהערט אים און איז איצט אין די הענט פון אייער צייטונג און איר האָט איגנאָרירט זיין שרייבן און אים ניט געענטפערט" (ביידע בריוו — י. ר. ראָזענפעלדס און דאָראַ ראָזענפעלדס — זיינען אין ענגליש, ייוואָ־אַרכיוו). קלמן מרמר איז געווען ראָזענפעלדס איבער־געגעבענער פאַרערער און געטאָן איבער זיינע כוחות צו העלפן דעם דיכטער.

## 8

פרייטאָג, דעם 15טן מאַרץ 1907.

מיין טייערער מר' ק. מאַרמאָר!

אייער ווערטעס שרייבן האָב איך ערהאַלטן און מיך פרייט וואָס איר האָט זיך ענדליך ענטשלאָסן מיך צו בעזוכן. לויט אייער שרייבן זעט דאָס אויס, אַז איך בין שוין געזונט, בין שוין ווידער אַ שרייבער נאָר פאַרן „קעמפפער" וויל איך ניט שרייבן. אמת איך בין גענעזן פון מיין פּאַראַליזירונג און איך זע אויס קערפּערלעך גאַנץ גוט אָבער מיינע אויגן זיינען זייער שוואַך און אַ שורה אָנצושרייבן קומט מיר אָן מיטן טויט צוגלייך. איך האָב געהאַט „אָנגעשריבן" אייניקע זאַכן אָבער דרוקן האָב איך זיי ניט געקענט סיידן מען זאָל זיי איבערשרייבן. איין מאָל איז געקומען מר. מילך(1) פון „צוקונפט" און איבערגעשריבן; דאַן איז מען געקומען פון „פאָר־ווערטס" און איבערגעשריבן. דאָס הייסט אייגנטלעך אַז איך האָב בלויז דיקטירט. דאַן האָט איר ביי מיר גאָרניט געבעטן. אויך האָט מיר געזאָגט מר. רויזענבלאַט(2), אַז ער גיט אייך אַ גאַנצע פיידזש (זייט) פּאָעזיע פאַר אייער יובי־לעאום נומער. איך גלויב אַ פיידזש פּאָעזיע פאַר אַ צייטונג איז מער ווי גענוג. צופיל שמאַלץ מאַכט קאַליע דעם קוגל...

סיי ווי האָט מיר דער דאָקטער פאַרזאָגט איך זאָל ניט וואַגן מער צו שרייבן ביז ער וועט מיר הייסן.

דער „קעמפפער" איז ביי מיר פּונקט אַזוי טייער ווי ביי אייך אַליין, און איך בין פון האַרצן דאַנקבאַר אייך און אַלע חברים פאַר זייער טרייהייט צו מיר. ווען איר וועט ניט האָבן קיין גאַנצע פיידזש פּאָעזיע אַמאָל, וועל איך צופאַלן מיט איי־ניקע פערזן. דאַן האָף איך, וועל איך זיך אויך אָנזען.

מיט גריסן אייער

מאָררים ראָזענפעלד

(1) יעקב מילך איז דאַמאָלס געווען מיטרעדאַקטאָר פון דער „צוקונפט".
(2) דער פּאָעט ה. רויזענבלאַט.

9

353 Beekman Ave.
Bronx, N. Y., Aug. 29 1910

זייער געערטער דר' ראַיעווסקי!(1)

טייערער פריינד, דער איבערברענגער פון דיזן בריוו איז מר. ק. מאַרמאָר, געוועזענער רעדאַקטער פון „אידישן קעמפפער" אין ניו יאָרק און פּאָזיטיוו איינער פון אונדזערע איידלסטע יונגעלייט צווישן די רוסיש־יידישע איינוואַנדערער אין אַמעריקע. ער איז נעבעך פלעצליך קראַנק געוואָרן און מוז פּאָרלויפיק אָפּפאָרן נאָך ליבערטי נ. י. איך בעט אייך דאָרום אַלס מענטש, פריינד און קאָלעגאַ איר זאָלט זיך צו אונדזער קראַנקן פריינד אָפּגעבן מיט אַ ספּעציעלע אינטערעסע, אים אַן עצה געבן און העלפן מיט וואָס איר וועט נאָר קענען, דען איך פערזיכער אייך, אַז ער איז דאָס ווערט.

אַחוץ מיין דאַנקבאַרקייט וועט איר געווינען די דאַנקבאַרקייט פון הונדערטע אינטעליגענטע און די פּאָרגעשריטנסטע מענטשן אין נויאָרק און אויסער נויאָרק, ווען איר וועט דעם מאַן, וואָס נויטיקט זיך אין אייער הילף און פריינדשאַפט, העלפן ווי ווייט מעגלעך.

דאַנקנדיק אייך פּאָרויס און בעטנדיק אייך נאָך אַמאָל צו טאָן אייער מעגלעכע פליכט צו אַן איידעלן מענטשן, אַן אידעאַליסט און פרייהייטס קעמפּפער אויף דעם געביט פון אַרבייטער און יידן,

פערבלייבט איך מיט האַכאַכטונג און די הערצלעכסטע גרוסן

מאָרריס ראָזענפעלד

(1) מרמר גיט צו אין אַ באַמערקונג צו דעם בריוו, אַז ער „איז ניט געפאָרן זיך היילן אין ליבערטי סאַניטאַריום" און אַז ער „איז געווען קעגן אַזאַ בריוו" ווענן זיך.

## 10

141 - 29 Crotona Ave.
Bronx, New York, N. Y., Jan. 27, 1914.

זייער טייערער פריינד ק. מאַרמאָר: —

ענטשולדיקט, פריינד, וואָס איך האָב אייך פריער ניט געענטפערט, דאָס איך האָב ערהאַלטן דאָס בילד, וואָס איר האָט מיר געשיקט. איך דאַנק אייך זייער. איך בעטראַכט דאָס פאַר אַ גרויסע מתנה. איך וואָלט אייך נאָך מער דאַנקבאַר געווען ווען איר וואָלט געקענט זיך בעמיען און זען דעם פאָטאָגראַפער און ביי אים בעטן אַ פּאָר בילדער פון די פערשידענע פאָזיציעס וואָס ער האָט געמאַכט פון מיר אַליין. דער מאַן איז פּאָזיטיוו אַ קינסטלער און איך וואָלט געמאַכט פון איינע פון זיינע בילדער אַ „קאַט".

יעצט וועל איך אייך נאָך עפּעס בעטן, אויב עס איז ניט צופיל „באַדער" פאַר אייך, נעמליך: זונטיק דעם 18טן יאַנואַר (דאָס הייסט מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק). אַ זונטיק איז דאָס געווען, איז ערשינען אין דער שיקאַגער ציַיטונג „אינטער אָר־שען"(1) אַ גאַנצע „פּיידזש" וועגן מיינע ווייניקייט. איין נומער האָט מען מיר צוגעשיקט אין אָפּיס פון „פאָרווערטס". איך וואָלט אָבער וועלן נאָך אַ צוויי דריי פון די זעלביקע נומערן. אויב איר קענט קריגן אַ פּאָר קאָפּיעס פון יענע ציַיטונג מיט דעם אַרטיקל וועגן מיר, שניידט אויס די ספּעציעלע „פּיידזש" וועגן מיר, לייגט דאָס אַריין אין אַ קאָנווערט און שיקט דאָס צו מיר אויף דער אויבערשטער אַדרעס.

נאָך איין טובה מוזט איר מיר טאָן ווען די וועלט זאָל אַפילו אויף און אונ־טערגיין, נעמליך: גריסט זייער הערצלעך אונדזער טייערן געמיינזאַמען חבר און פריינד הערן באקאל(2). איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן דעם פיינעם צובייס, וואָס זיין זייער ליבנסווירדיקע פרוי האָט פאַר אונדז געמאַכט. מער קיין נייס, איך דריק אייך ברידערלעך די האַנט. אייער גאַנץ ערגעבנסטער פריינד און קאָלעגע

מאָרריס ראָזענפעלד

---

(1) זונטיק, דעם 18טן יאַנואַר, 1914 האָט די שיקאַגער ציַיטונג Inter Ocean אָפּגעדרוקט אַ גרויסן אַרטיקל פון עלסי פּ. ווייל „דער פּאָעט פון די סוועט־שעפּער" (Poet of the Sweat Shops).

אין צענטער פונעם אַרטיקל איז אָפּגעדרוקט אַ גרויס בילד פונעם פּאָעט און פון ביידע זייטן צוויי צייכענונגען פון מיידלעך ביי די מאַשינען. דאָס אַרטיקל איז געשריבן געוואָרן אין שייכות מיט מאָריס ראָזענפעלדס פופציק יעריקן יובל וואָס איז געפייערט געוואָרן אין שיקאַגאָ, דעם 21סטן דעצעמבער, 1913 און איבער צוויי טויזנט מענטשן האָבן איבערגעפילט דעם היברו אינסטי־טוט, וואו די פייערונג איז פאָרגעקומען.

עלכּי פּ. ווייַלס אַרטיקל איז אַן אָפּשאַצונג, וואָס איז פון אַ העכערן קאַליבער ווי די געוויינ־לעכע אַרטיקלען וואָס זיינען פון צייט צו צייט געדרוקט געוואָרן וועגן ראָזענפעלדן אין דער אַמעריקאַנער פּרעסע. זי ברענגט אויך אויסצוגן פון ראָזענפעלדס לידער און פאַרבינדט זיין שאַפן, ווי עס איז דאַמאָלס געווען אָנגענומען מיט דעם קאַמף קעגן דעם סוועט־שאָפּ. וועגן יידיש האָט מאָריס ראָזענפעלד געזאָגט דער שרייבערין, אַז ווי לאַנג די עמיגראַציע פון רוסלאַנד האַלט אַן איז זיך ניטאָ וואָס צו זאָרגן פאַר דער צוקונפט פון יידיש. יידיש וועט נאָך אַוודאי עקזיסטירן אַ צוויי־דריי הונדערט יאָר, אָבער ניט אַזוי לאַנג אין אַמעריקע. צי זיין שאַפן וועט לעבן אָדער שטאַרבן, איז ער אָבער צופרידן מיט דעם וואָס ער האָט געטאָן פאַרן יידישן אימיגראַנט.

מאָריס ראָזענפעלד האָט געזאָגט: „איך בין גליקלעך און שטאָלץ וואָס איך בין אַן אַמערי־קאַנער... איך בין קודם־כל אַן אַמעריקאַנער און נאָך דעם אַ ייד”. וועגן העברעאיש האָט דער פּאָעט זיך אויסגעדריקט, אַז „מע רעדט אַ סך צווישן ציוניסטן וועגן אויפלעבן העברעאיש און אַז מע האָט אין אַ קליינעם ווינקל פון ארץ ישראל דאָס געטאָן, אָבער וואָס שייך מיר האַלט איך ניט, אַז דאָס (די אויפלעבונג פון העברעאיש) קאָן האָבן אַ פּערמאַנענטן דערפאָלג”

די אולטראַ־קאָנסערוואַטיווע און גרעסטע שיקאַגער צייטונג The Chicago Tribune האָט דעם 24סטן דעצעמבער 1913 געשריבן אַ ספּעציעלן לייטאַרטיקל Howoring a Poet וועגן ראָזענפעלדן אין שייכות מיט דער פייערונג פון 21סטן דעצעמבער. דאָס לייטאַרטיקל אינ־טערשטרייכט, אַז „מיר האָבן לעצטנס אומניטיק געזאָגט וועגן וואוינונג און אימיגראַנטן־פּראָ־בלעמען. מיר האָבן אָנגענומען, אַז דער באַוואוינער פון די אָרעמע הייזער, דער אימיגראַנט, איז אַ טויטער באַלאַסט און אַז ער איז גלייכגילטיק צו דעם מצב זיינעם. מיר האָבן אָבער געמאַכט אַ טעות אין אונדזערע חשבונות. אַזעלכע אונטערנעמונגען ווי די וואָס איז אויבן באַשריבן גע־וואָרן (געמיינט: די ראָזענפעלד פייערונג) באַווייזן דאָס. מיר האָבן אַזוי געטראַכט וויַיל בלויז די ערגסטע טייל פון די טענעמענט באַוואוינער ווערן אַרויסגעשלעפּט אין דעם ליכט פון טאָג... עס זיינען אָבער דאָ אידעאַלן, טרוימען און אַספּיראַציעס צווישן אונדזער טענעמענט־באַפעלקע־רונג, וואָס די דרויסנדיקע וועלט ווייסט דערפון גאָרניט”.

(2) מ. באַקאַל — אַ שיקאַגער יידישער זשורנאַליסט.

## 11

מאַי דעם 9טן 1914.

זייער טייערער און געשעצטער פריינד מאַרמאָר!

די אורזאַכע דערפון, וואָס איך האָב אייך ביז איצט ניט געענטפערט איז פּשוט, ווייל איך בין ניט געווען אין ניו יאָרק. איך געפין זיך איצט מיט מיין פאַמיליע אויף אַ פאַרם, עטלעכע דאָלאַר רייז(ע) פון ניו־ יאָרק. דער פאַרם איז מיין אייגע־נער. איך בין געוואָרן נערוועז און האָב געמוזט אַפּטרעטן פון ניו יאָרק. דאָ פיל איך אַ סך בעסער. איך בעאַרבעט ניט מיין פאַרם, איך וואוין דאָ בלויז.

אַלץ, וואָס (איר) זייט אַזוי גוט געווען מיר צו שיקן האָב איך פּינקטלעך ער־האַלטן. מען האָט דאָס מיר צוגעשיקט אויפן פאַרם. איך האָב ערהאַלטן דעם „איב־ער אושאַן”, וואָס איר האָט מיר געשיקט און האָב אויך ערהאַלטן די בילדער. איך

האָבביידע בילדער איינגעפּאַסט אין שיינע רעמלעך און זיי העגנען אין מיין לייב־ראַרי (ביבליאָטעק). אונטן וועט איר געפינען מיין קאַנטרי (דאַטשע)־אַדרעס אויף וועלכער איר וועט קענען צו מיר שרייבן, אויב איר וועט האָבן חשק דאָס צו טאָן. אויפן פאַרם וועל איך בלויז וואוינען איבער זומער. ווינטער וועל איך ווידער וואוי־נען אין ניו יאָרק.

מיט די אויפריכטיקסטע גרוסן און ווינשונגען אייער גאַנץ ערגעבנסטער פריינד

מאָרריס ראָזענפעלד

מיין אַדרעס:

Morris Rosenfeld
Belle Rose Farm
Spencertown, N. Y.

12

Feb. 19, 1915.

זייער טייערער פריינד און קאָלעגע ק. מאַרמאָר: —

ניין, קיינער, אויסער אייך, האָט מיר דעם אויסשניט פון דער טשיקאַגער צייטונג(1) ניט צוגעשיקט. איך בין אייך דערפאַר פון האַרצן דאַנקבאַר פאַר אייער געפעליקער בעמיאונג פון מיינעטוועגן.

דאָס איז ערשטנס. צווייטנס האָט מיך סתם געפרייט צו הערן פון אייך. די מענטשלעכע נאַטור: „אַוועק פון די אויגן איז אַוועק פון האַרצן" איז שרעקלעך און אַ אויסנאַם אין אַט דעם דאָזיקן כלל איז אַ הימלשע פרייד.

שרייבט מיר, פריינד, וואָס איר מאַכט אין אַלגעמיין, וואו איר שרייבט און ווי אייך גייט אין דער „ווינטיקער שטאָט", דען איך האָב כמעט קיין צייט צו לעזן פּראָווינץ־צייטונגען און ווייס גאָר ניט וואָס עס הערט זיך אין די קאַנטרי שטעט. איר, זע איך, ווייסט, אַז איך שרייב אין „טאָגעבלאַט", אָבער אויב איר זייט נאָך בעשעפטיקט אין „קוריער"(2) ווייס איך ניט. וואָס מאַכט אונדזער פריינד מיט וועלכן מיר שטיין אויף איין בילד?

מיט די פאַרציגלעכסטע גרוסן אייער גאַנץ ערגעבנסטער

מאָרריס ראָזענפעלד

מיין פריוואַט אַדרעס:

Morris Rosenfeld
1390 Clinton Ave.
The Bronx, New York, N. Y.

(1) געמיינט די שיקאַגער צייטונג Inter Ocean

(2) מרמר האָט מיטגעאַרבעט אין שיקאַגער „קוריער" אין די יאָרן 1914—1915.

13

332 Beekman Ave.
Bronx, New York.
March 5, 1916.

זייער געערטער פריינד ק. מאַרמאָר: —

אייער ווערטעס שרייבן, וואָס איר האָט מיר צוגעשיקט אויף די אַדרעס פון ה. ראָזענבלאַט(1), האָב איך ריכטיק ערהאַלטן. מיר טוט לייד וואָס אייך איז אַזוי שווער אָנגעקומען מיך אויסצוזוכן, די שולד איז אָבער אייערע. אויב איר קוקט מיט אַ ניכטערן בליק אויף דער ניויאָרקער יידישער „פּרעסע" וואָלט איר געדאַרפט באַ־מערקן, אַז איך האָב מיט די שונדאוואטע בלעטער קיין שום שייכות ניט. איך שרייב דאָרט ניט, ווייל דאָרט דאַרף מען קיין שרייבער ניט האָבן און שמירן קען איך ניט.

אייער „קונסט־פריינד(2) האָב איך ערשט דעם שבת אָוונט באַקומען אין אָפיס פון „אַמעריקאַנער", איך דאַנק אייך זייער. טייערער פריינד, וואָס וועט אייך אַרויסקומען ווען איך וועל שרייבן מיין מיינונג איבער אייער מאַגאַזין? וועט איר דען זיין אימשטאַנד צו אַנגאַזשירן בעסערע טאַלענטע? זיינען דען איבערהויפּט דאָ אין אַמעריקע וועלכע יידישע טאַלענטע צו שרייבן וועגן קונסט אין אַ קונסט־בלאַט?

איך וואָלט אייך געהאַט זייער פיל צו שרייבן, אָבער עס וועט ניט נוצן. אונ־טער די אומשטענדן איז אייער זשורנאַל גוט גענוג. ווער עס ערוואַרטעט אין יידיש עטוואָס בעסערעס איז אַ נאַר. בעמיט זיך נאָר דאָס אייער שריפט זאָל ניט ערגער ווערן, בעסער מאַכן וועט איר דאָס ניט קענען, ערשטנס, ווייל איר האָט ניט די פינאַנציעלע מיטל, צווייטנס, ווייל מיר האָבן ניט קיין קינסטלער אין יידיש. איך זאָג נאָכאַמאָל ק יי ן קינסטלער אין קיין איינציקן זין פון דעם דאָזיקן וואָרט. מיר האָבן ניט ווער עס זאָל אַליין שרייבן קונסט, ניט ווער עס זאָל שרייבן וו ע ג ן קונסט און — דאָס ערגסטע פון אַלעס — עס איז ניטאָ פאַר וו ע מ ע ן אַ קונסט־בלאַט אַרויס צו געבן. יי ד י ש ע לעזער פערשטייען קיין קונסט און וועלן

דאָס קיינמאָל ניט פערשטיין. ביי די אומות העולם ווערן אויך קונסט־בלעטער נאָר אַרויס געגעבן פאַר געקליבענע מענטשן, ביי יידן אָבער איז אָט דער דאָזיקער קלאַס לעזער גאָר ניטאָ און וועט ניט זיין.

ביי יידן לעזט אַ „קונסט־פריינד" דער זעלביקער, וואָס לעזט „יענטע", משה נאַדירס אַקראָבאַטישע האַלדז־און נאַקן ברעכערייען און אַנדערע שמוץ און מיסט־קאַסטן שרייבעכץ. ניין! יידן האָבן ניט קיין בעסערע זאַכן ווי זיי פערדינען און איר דאַרפט זיך ניט אָנשטרענגען, דען איר רעדט סיי ווי סיי צו דער וואַנט.

מיט הויכאַכטונג און גרוסן

אייער פריינד

מאָררים ראָזענפעלד

---

(1) דער פּאָעט ה. רויזענבלאַט.

(2) אַרויס 1916 אין שיקאַגאָ, אונטער ק. מרמרס רעדאַקציע. דערשינען בלויז צען נומערן.

14

Clinton, N. C., Nov. 24, 1916.

זייער טייערער פריינד ק. מאַרמאָר.

די צוויי נומערן „יידישער רעקאָרד" האָב איך בעקומען צוגעשיקט נאָך קליג־טאָן, נאָרט קאַראָלינאַ, וואו איך וועל זיין דעם גאַנצןווינטער ביי מיינע אַ טאָכ־טער(1).

איך האָב דערקענט אָן דער שפּראַך און אָן דעם גלענצנדן סטיל און אויך אָן די אויפריכטיקע ליבע צום יידן, אַז דער עדיטאָריעל „דער שבת און די יידישע פּאָע־זיע"(2) איז דער פּראָדוקט פון אייער פען.

איך האָב געלעזן אייער ערלעכע מיינונג איבער מיינע שבת־פערזן און עס האָט מיך הערצלעך געפרייט, אַז זיי זיינען אייך געפעלן געוואָרן. עס איז קיין וואונדער ניט. זיי זיינען מיר געקומען פון האַרצן האָבן זיי געמוזט אַריין דרינגען אין האַרצן.

ווי איר זעט בין איך אין די סאוטה. דאָ איז אַ קליין שטעטעלע, אָבער אַ פּרעכ־טיקעס, אַ לעבעדיקעס. דאָ וואוינען בלויז צוויי יידן, איינער איז מיין איידעם. מיך האָט געפרייט, וואָס איר האָט איינגעזען, אַז יידן דאַרפן ניט קיין „קונסט־בלאַט" און איר האָט דאָס אויפגעגעבן.

איז אונדזער פריינד דער הער לייבנער מיט אייך אין „רעקאָרד"? ספּיוואַק, האָב איך געזען, איז אין „קוריער". איך וואָלט אייך וועלן עפּעס שרייבן, ליידער

**בין איך איצט ניט אויפגעלייגט. איך וועל דאַרום שליסן מיין בריוו מיט די פאַר־ציגליכסטע גרוסן און די בעסטע ווינשונגען, אייער פריינד באמת**

**מאָררים ראָזענפעלד**

**מיין אַדרעס איז:**

Morris Rosenfeld
c/o. J. Hurwitz
Clinton, N. C.

---

(1) דאָס איז געווען מאָריס ראָזענפעלדס עלצטע טאָכטער פריידל (זי האָט מסתמא געהייסן נאָך אַ נאָמען, ווייל אויף ענגליש פלעגט זי זיך אונטערשרייבן Iona). דער איידעם יצחק הורוויץ האָט אין קלינטאָן, נאָרט קאַראָליונא געהאַט אַ געשעפט פון פאַרטיקע קליידער.

מאָריס ראָזענפעלד האָט געהאַט נאָך צוויי טעכטער ראָזע הערים און דאָראַ גאָלדענטאַל. זיין בן־יחיד איז געשטאָרבן אין 1905.

(2) דער לייט אַרטיקל „דער שבת און די יידישע פּאָעזיע" איז געווען געדרוקט אין „יידי־שער רעקאָרד", שיקאַגאָ, דעם 26סטן יאַנואַר 1916. דאָרט שרייבט מרמר, אַז „דער נייער ייד איז שוין ניט מער אַזוי פעלזן־פעסט אין זיין גלויבן און האָפענונג ווי זיינע פרומע אבות, נאָר אָפט ווערט זיין שבת פאַרטונקלט מיט די שאָטנס פון דער טרויעריקער וואָכעדיקייט און מאָכנדיק זיין קידוש קלינגט אָפּ שוין אין אים דער ניגון פון הבדלה. אָט די נייע שטימונג איז אויסגע־דריקט אין די נייע „יידישע געזאַנגען" וועלכער אונדזער גרעסטער יידישער ליריקער פון היינ־טיקן דור, מאָריס ראָזענפעלד האָט די טעג פאַרעפנטלעכט אין „טאָגעבלאַט" אין זיין „קידוש און הבדלה פון היינט".

## 15

New York, May 16, 1917.

**זייער טייערער קאָלעגאַ און פריינד ק. מאַרמאָר(1): —**

**ליבער חבר איך בין אייך פון האַרצן דאַנקבאַר פיר אייער פריינדליכן אַרטיקל וועגן מיינע שאַפונגען אין דעם שיקאַגער יידישן „רעקאָרד".**

**איך וויל, אַז איר זאָלט וויסן דאָס דער בערימטער קאָמפּאָזיטאָר הער דזיי מ. רומשינסקי(2) פון יידישן טעאַטער אין נויאָרק האָט געמאַכט מוזיק פאַר אַ קוואַר־טעט צום זינגען צו מיין לעצטנס געלונגענעם ליד מיט נאָמען „רוסלאַנדס פריי־הייט ליד", וואָס איז ערשינען אין „טאָגעבלאַט".**

**די היברו פּאַבלישינג קאָמפּאַניע פון נויאָרק, וועלכע דרוקט אויך מוזיק, האָט רומשינסקיס מוזיק מיטן טעקסט עבען יעצט אָפּגעדרוקט. איך וועל אייך אין אַ פּאָר טעג אַרום צושיקן דריי קאָפּיעס מוזיק, וואָס וועט קענען געזונגען ווערן צום בע־**

טרעפנדן מוזיקאַלישן קאָנצערט. איר וועט קענען דאָס ליד, וואָס איז אויך אין יידיש אויף די מוזיק, איבערדרוקן אין „רעקאָרד״. דאָס ליד האָט געמאַכט אַזאַ אויפזען, אַז מע האָט געצאָלט אַ „קוואָדער״ (פינף און צוואנציק סענט) אַ נומער „טאָגע־בלאַט״, וואו דאָס איז ערשינען.

מיינע האַרציקסטע גרוסן צו אונדזער געמיינשאַפטלעכן פריינד מר. לייבנער און צו אונדזערע אַנדערע געמיינזאַמע פריינד אין שיקאַגאָ, צווישן וועלכע עס געפינט זיך אויך דער פאַבלישער פון „רעקאָרד״.

איך בעט אייך איר זאָלט אָפּגעבן אַן עקסטראַ גרוס אונדזער פריינד מר. קאָמאיקאַ און די ווערטע מיטגלידער פון דעם שיקאַגער יידישן פרעס קלאַב.

איך שרייב אייך אָט דעם דאָזיקן בריוו אין אָפיס פון די היברו פאַבלישינג קאָמפּ.

מיט הויכאַכטונג אייער

מאָרריס ראָזענפעלד

נ. ב. מיין פּריוואַט אַדרעס ווייסט איר דאָך איז:

Morris Rosenfeld
1981 Marmion Ave.
The Bronx, New York, N. Y.

---

(1) אויפן בלאַנק פון דער היברו פאַבלישינג קאָמ.

(2) מ. רומשינסקי איז אַ באַקאַנטער ניו־יאָרקער טעאַטער־קאָמפּאָזיטאָר, וואָס איז ביז מיט אַ פּאָר יאָר צוריק געווען טעטיק מוזיקאַליש אויפן געביט פון דער יידישער אָפּערעטע.

# צו דר׳ אַרנאָלד קישן

ד״ר אַרנאָלד קיש (1869—1940) איז געווען אַן אונגאַרישער פּאָעט, פּראָפע־סאָר פון העברעאישער ליטעראַטור אין ראַבינער־סעמינאַר אין בודאַפּעשט און רב־הכולל פון דער שטאָט בודאַ (וואָס איז איין טייל פון די צוויי שטאָטטיילן פון בוד־דאַפּעשט). ד״ר קיש איז געווען מאָריס ראָזענפעלדס אונגאַרישער איבערזעצער, וואָס האָט אין 1908 פאַרעפנטלעכט אַ גרעסערע זאַמלונג פון ראָזענפעלדס לידער. דער בריוו צו ד״ר קישן איז שוין געווען געדרוקט אין אַן אונגאַרישער איבערזע־צונג אין דעם אונגאַריש־יידישן זשורנאַל „מולט עש יעווע״, פעברואַר 1928 און אויך פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין „ווילנער טאָג״ (דער אויסשניט פונעם „ווילנער טאָג״ האָט ליידער ניט געהאַט אויף זיך די דאַטע).

Krakau, August 20, 1908.

צו דעם האָכגעשעצטן ראַבינער דר׳ קיס אַרנאָלד.

מיין טייערער און פאַרערטער פריינד,

אייער לעצטן בריוו האָב איך ריכטיק ערהאַלטן. איך דאַנק אייך פאַר אייער שנעלע אַרבעט צו באַשטימען דאָס דאַטום אויף דעם 14טן אָקטאָבער ח׳ המועד סוכות. איך האָף, אַז איר וועט ביי מיין פאָרלעזונג אין בודאַפּעסט האַלטן אַ פאָר־טראָג און עס וועלן נאָך אפשר אויך אַנדערע מיינע לידער אין אונגאַריש אָדער דייטש פאָרלעזן, אום איך זאָל זיך נישט דאַרפן צו פיל אָנשטרענגען.

וואָס מיינע לידער, וועלכע איך זאָל פאָרטראָגן אָנבעטרעפט, ווייס איך נישט אויב זיי לאָזן זיך איבערזעצן, ווייל זיי זיינען ספּעציפיש יידיש און איך גלויב קוים זיי זאָלן מאַכן אַ גרויס אויפזען אין אונגאַריש. איבעריקנס וועל איך אייך צושיקן 2 לידער און זעט וואָס איר קענט מיט זיי מאַכן.

וועגן מיין קראַנקייט און מיין ערהאָלונג איז שוין אַזוי פיל אין אייראָפּע גע־שריבן געוואָרן, דאָס איך האָב וועגן דעם ניט וואָס צוצוזעצן. די הויפּט־סיבות פון מיין שווערער קראַנקייט, וועלכע האָט מיר אַוועקגעלייגט אויף אַ קראַנקנבעט אויף גאַנצע דריי יאָר, זיינען געווען צוויי: ערשטנס, האָבן זיך מיר אָפּגערופן אַלע שווע־רע און ביטערע ליידן פון מיין אונגעלונגענער יוגנט. דאָס פרי וואָגלען אין דער פרעמד אָן מיטל און אָן פריינד, די איבערמענטשלעכע אַרבעט אין די פינצטערע שוויצבודן (פאַבריקן) פון ענגלאַנד און אַמעריקע; די גרויסע אָנשטרענגונג פון

אַרבעטן גאַנצע טעג אין פאַבריק און שרייבן גאַנצע נעכט מיינע לידער, נישט האָבנדיק דערצו די נייטיקע פלעגע, די גוטע לופט און די נאַרהאַפטע שפייזן; די ביטערע זאָרג צו ערנערן אַ פרוי און קינדער. דאָס אַלעס האָט זיך מיר אַריינגעלייגט טיף אין די ביינער. דאַן איז געקומען די צווייטע גרויסע סיבה, דאָס גרעסטע אונגליק פון מיין לעבן: דער טויט פון מיין בן־יחיד, מיין טייערן יוסף, אַ גאון אַ דיכטער און אַ פאַרשוין, וועלכער האָט אויסגעהויכט זיין ריינע נאָבעלע זעלע אין דער פריער עלטער פון 15 יאָר. ער איז געשטאָרבן פון דער טויטלעכער קראַנקייט Sarcoma. דאָס איז אַ מין קרעבס־געוויקס. ער האָט דאָס געקראָגן אויפן רעכטן שולטער, און נאָכדעם ווי מען האָט זיין גאַנצע רעכטע שולטער־פלאַטע אויסגעשניטן, איז אים די קראַנקייט אַריין אין קרייץ. נאָך אַ העלישעס ליידן פון די אונבעשרייבלעכסטע קוואַלן און עַנויים קשים פון כמעט איין גאַנצעס יאָר איז ער געשטאָרבן.

דאָס זיינען געוועזן די אורזאַכן פון מיין פאַראַליזירונג און בלינדקייט, וואָס האָבן געדויערט ביז מיט אַכט מאָנאַט צוריק. אין גאַנצן געזונט קאָן איך שוין קיין מאָל ניט זיין. איך בין נערוועז און לייד פון אַבסאָלוטע שלאָפלאָזיקייט. מיינע יעצטיקע פאַרלעזונגען, די אויפרעגונג, דאָס פאָרן פון איין שטאָט אין דער אַנדערער ווירקן פאַרדערבלעך אויף מיין שוואַכן קערפער, אָבער איין גאָט ווייס, דאָס איך מוז דאָס טאָן. דאָס ביסל אייגנס וואָס איך האָב געהאַט, האָט די יעצטיקע שווערע קריזיס אין אַמעריקע אין גאַנצן רואינירט און מוז יעצט, שוין צו די עלטערע יאָרן, צעבראָכן און צעשטערט אין געזונט, אָנהייבן זוכן נייע מיטלען צום לעבן און זיך ווי עס איז איינפיקסן פון דאָס ניי. צו די אַלע זאַכן, וואָס איך האָב דאָ אויסגערעכנט, האָב איך נאָך מאַסן שונאים צווישן די יידישע שרייבער אין אַמעריקע, וועלכע פאַרגינען ניט מיין פאָפּולאַריטעט און וואָלטן מיך דערטרונקען פאַר האַס און נייד. עס איז קיין מיטל נישט צו שווער, קיין נידערטרעכטיקייט נישט צו נידערטרעכטיק. זיי ווענדן אָן אַלעס מעגלעכע מיר אויף שריט און טריט צו שאַדן. זיי קענען מיר גאַרנישט טאָן, זיי האָבן קיין איינפלוס, מיין 30יעריגעס לעבן אין אַמעריקע איז אַן אָפענער בוך פאַר אַלע יידן פון יענעם לאַנד, מיינע שונאים קענען מיר אויף קיינעם פאַל נישט גרייכן.

דאָך איז מיר ניט אָנגענעם מאָנכעס מאָל זיי צו אַנטוואָרטן. דאָס איז אין קורצן אַלעס, וואָס איך קען אייך זאָגן, אין אייניקע טעג וועל איך אייך צושיקן צוויי לידער. מער קיין נייס ווייס איך אייך פאַרלויפיק נישט מיטצוטיילן. אויב אייך איז אינטערעסאַנט, קאָן איך אייך שרייבן, דאָס דעם 31סטן אויגוסט וועל איך פאַרלעזן אין קראָקע, און טאָקע די זעלביקע נאָכט אָפּפאָרן נאָך טשערנאָוויץ, בוקאָווינע, אויף דעם קאָנפערענץ פאַר דער יידישער שפראַך. דאָרט וועלן זיין פאַרטרעטן די גרעסטע יידישע שרייבער פון איירָאָפּע און אַמעריקע. די קאָנפערענץ

וועט דויערן פון דעם ערשטן ביז דעם דריטן סעפּטעמבער. די קאָנפערענץ מאַכט אַ ספּעציעלן אָוונט פאַר מיר אין דעם גרויסן דייטשן טעאַטער, וואו אַלע גרויסע און באַרימטע יידישע ליטעראַטן וועלן מיטווירקן. דער צוועק פון דער קאָנפערענץ איז צו רעוווידירן די גראַמאַטיק פון דער יידישער שפּראַך, צו שאַפן מיטל אַרויסצוגעבן ניצלעכע, וויסנשאַפטלעך־פּאָפּולערע און ליטעראַרישע ביכער פאַרן פאָלק פאַר בי־ליקע פּרייזן און איבער הויפּט צו באַווייזן מיט אייזערנע פאַקטן, דאָס יידיש איז אַ שפּראַך אין וועלכער מען קען דיכטן און פילאָסאָפירן און שרייבן טעכנישע ווערק פּונקט ווי אין יעדער ציוויליזירטער שפּראַך פון דער וועלט. מיר ווילן אַראָפּנעמען דעם פאָראורטייל פון אונזער מוטערשפּראַך, וועלכע ווערט גערעדט פון זיבן מי־ליאָן יידן.

איך וועל פאַרבלייבן אין גאַליציען ביז דעם 16טן סעפּטעמבער. איך וועל אין דיזער צייט פאָרלעזן אין לעמבערג, סטאַניסלאַוו, קאָלאָמיי, בראָד, דראָהאָביטש, טאַרנאָפּאָל, טאַרנאָוו און אַנדערע שטעט, און דעם 20סטן וועל איך לעזן אין פּראָג אונטער דער פאָרזיץ פון דעם גרעסטן ביימישן דיכטער פּראָפעסאָר Jaroslav Vierchlicky. דאָן בין איך איינגעלאַדן אין ווין, פראַנקפורט אַ״מ, בערלין און האַמ־בורג און אויף ניי־יאָר האָף איך צו זיין אין אַמעריקע.

מיט האָכאַכטונג צו אייך און אייער האָכפאַרערטע און געשעצטע פרוי און מיט האָפענונגען זיך מיט אייך צו זען, אייער גאַנץ ערגעבענסטער

**מאָרריס ראָזענפעלד**

# צו די פוילישע איבערזעצערס

דעם בריוו האָט מאָריס ראָזענפעלד געשריבן צו A. T. (Alfred Tom) און H. S. (Samuel Hirszhorn) דאָס זיינען געווען זיינע פוילישע איבערזעצערס פון דעם ביכעלע לידער Piesni Pracy (62 זייטן). די איבערזעצערס האָבן דעם בריוו איבערגעגעבן דעם פויליש־יידישן זשורנאַל „איזראַעליטאַ״, וואו ער איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין 1909. דער ווייטערדיקער טעקסט איז איבערגעזעצט פון פויליש.

חשובע הערן,

אייער בריוו האָב איך דערהאַלטן אין דער געהעריקער צייט און אייער מייבובג וועגן מיין שאַפן האָט מיר שטאַרק הנאה געטאָן. מיך האָט זייער געפרייט אייער פּרואוו אַרויסצוגעבן מיינע לידער אויף פויליש(1). פוילן האַלט איך פאַר מיין אמתן היימלאַנד. אין פוילן האָב איך צום ערשטן מאָל דערזען די שיין פון טאָג. אין אַ פויליש דערפל לעבן אַ פויליש טייכל איז געשטאַנען מיין וויגל. מיט אַ פויליש ליד (?!) אויף די ליפּן האָט מיין מוטער מיך פאַרוויגט. די פוילישע פּויערים זיינען געווען גוט און פריינדלעך צו מיינע עלטערן און צו מיר. אַ גוטהאַרציקע און ליבע אַלטיטשקע איז געווען מיין ניאַנקע און זי האָט מיך ליב געהאַט! זי האָט געבראַכט מיין רבין כלערליי נאַשערייען, כדי ער זאָל זיין גוט צו מיר. די פּאָליאַקן זיינען ניט שולדיק וואָס איך האָב געמוזט פאַרלאָזן מיין היימלאַנד.

די דערהאַלטענע איבערזעצונגען געפעלן מיר זייער. זיי זיינען גרויסאַרטיק, און פון גאַנצן האַרצן און מיט טיפער פרייד גיב איך אייך, מיינע הערן, די דערלויבע־ניש אַרויסצוגעבן און צו פאַרשפּרייטן מיינע לידער צווישן אונדזערע פוילישע ברי־דער פון דער אָרעמשאַפט, מיט וועמענס הייליקער אַרבעט איך פיל מיט פון דער טיפעניש פון מיין האַרצן. צום ליבסטן וואָלט איך זיך געוואונטשן, אַז איר זאָלט אין דער הקדמה צו דער פוילישער אויפלאַגע פון מיינע לידער אויסדריקן מיינע טיפסטע סימפּאַטיעס און האַרציקסטע ליבשאַפט פאַר מיין אַלטן און זיסן פאָטער־לאַנד און פאַרן פוילישן פאָלק וואָס צו זיין אויפלעבונג קוק איך זיך צו פון דער וויטנס.

---

(1) דאָס איז שוין געווען די צווייטע זאַמלונג פון מאָריס ראָזענפעלדס לידער. 1903 האָט איזראַעל וואַלדמאַן אַרויסגעגעבן אין סטאַניסלאַוו אַ ביכעלע ראָזענפעלדס לידער אונטערן נאָמען: Viazanka (58 זייטן) וואָס האָט אויסגעהאַלטן צוויי אויפלאַגעס.

# מאָריס ראָזענפעלדס בריוו

אחוץ אויף פויליש זיינען דערשינען זאַמלונגען פון מאָריס ראָזענפעלדס לידער אויף די ווייטערדיקע לשונות: אויף ענגליש אַחוץ ווינערס איבערזעצונג אויך אין דער איבערזעצונג פון ראוז פאַסטער סטאוקס און העלענאַ פראַנק (באָסטאָן, 1915); אויף דייטש פון בערטאָלד פייוועל מיט ליליענס צייכענונגען (בערלין, 1903) און פון פרידריך טיבערגער (פראַג, 1909); די טשעכישע איבערזעצונג איז פון פּראָפעסאָר יאַראָסלאַוו ווערכליצקי (פראַג, 1903); אויף סערביש פון אַלעקסאַנדער ליכט (זאַגרעב, 1906); אויף רומעניש פון מ. רוסו (יאַס, 1904) און אויף אונגאַריש פון ראַבינער דר׳ קיש (בודאַפּעסט, 1908).

ראָזענפעלדס לידער זיינען אויך איבערגעזעצט געוואָרן אין העברעאיש, רוסיש, פראַנצויזיש און אין אַנדערע שפּראַכן, וואו זיי זיינען געדרוקט געוואָרן אין אַנגעזעענע צייטשריפטן.

# צו גאָלדבערגן

353 Beekman Ave.
Bronx, New York, N. Y.
Nov. 18, 09

זער געערטער הער גאָלדבערג: —

איך בין וויליג צו קומען צו אייך אין לאורענס פאַר 25 דאָלאַר מיט אייערע רייזע־קאָסטן. אָבער קיין בעשטימטן דאַטום קען איך אייך ניט אָנגעבן, ווייל דעם 28סטן ד. מ. דאַרף איך זיין אין וואַשינגטאָן ד. ק. און ווייטער ערוואַרט איך אַן ענטפער פון פיטסבורג, פאַ. איך ווייס ניט וועלכן טאָג זיי וועלן דאָרט וועלן. אַלענ־פאַל ערוואַרט איך פון אייך אַן ענטפער וועגן די קאָנדיציאָנען, דאַן וועלן מיר קע־נען לייכטער אַראַנזשירן די צייט.

מיט האָכאַכטונג אייער גאַנץ ערגעבנסטער

מאָרריס ראָזענפעלד

נ. ב. איך מוז אייך מאַכן אַ קאָמפּלעמענט פאַר אייער שיינע האַנדשריפט.

# צו פרידריך טיבערגערן

1910 איז דערשינען אין פראַג, אין פאַרלאַג ריכאַרד בראַנדייס אַ קליינע דייטשע זאַמלונג פון מאָריס ראָזענפעלדס לידער, איבערגעזעצט פון פרידריך טי־בערגער און מיט אַן אינטערעסאַנטן אריינפיר פון פרידריך אדלערן. די ווייטער־דיקע דריי בריוו האָט טיבערגער איבערגעזעצט אויף דייטש און אָפּגעדרוקט אין „יידישער אַלמאַנאַך" פון 5685 (1925), וואָס דער קרן קימת האָט אַרויסגעגעבן אין פראַג. די בריוו זיינען איבערגעזעצט פון דייטש.

1

ניו־יאָרק, 16 מערץ, 1909.
184 לינדענגאַס

מיין זייער געערטער פריינד פרידריך טיבערגער!

אייער לעצטן בריוו האָב איך דערהאַלטן און געליינט מיט גרויס פאַרגעניגן. איך דערלויב אייך פולשטענדיק מיינע לידער איבערצוזעצן און זיי אַרויסצוגעבן אין בוך־פאָרם. איך בעט אייך אָבער, אַז אין נאָמען פון דער קונסט און פון דער פריינד־שאַפט צו זיין זייער אָפּגעהיטן מיט די איבערזעצונגען. איך פאַרשטיי אַבסאָלוט ניט ווי אַזוי איר וועט קאָנען איבערזעצן אַזאַ געדיכט ווי „מלקות שלאָגן", וואָס איז אַזוי אידיאָמאַטיש־יידיש. איך וואָלט זייער געוואָלט, אַז ער זאָלט פּרובירן איבערזעצן דאָס געדיכט דאָס „בלימעל" (ב. וו ז. 203). זעט צי איר קאָנט ניט געפינען קיין שיינע לידער צום איבערזעצן אין דער אָפּטיילונג „ענטוישונגען" (ב. וו ז. 208—219).

וועגן מיין טורנע איבער דייטשלאַנד און אין אייניקע בעמישע שטעט, וועל איך אייך שרייבן אין דעם קומענדיקן בריוו. איך וואָלט זייער געוואָלט קומען נאָך אַמאָל קיין אייראָפּע און פאָרלייענען אין די שטעט, וואו איך בין נאָך ניט געוועזן.

מיט די בעסטע גרוסן צו אייך, אייער ליבן פאָטער און צו אַלע אונדזערע פריינד און פראַג.

אייער איבערגעגעבענער

מאָרריס ראָזענפעלד

2

יאַנקערס, נ. י. 18 אַפּריל, 1909.

זייער געערטער פריינד!

אַנטשולדיקט מיר וואָס איך האָב אייך פריער ניט געשריבן. פאַרשיידענע וויכ־טיקע אורזאַכן האָבן מיך אָפּגעהאַלטן דערפון. איך וויל אייך שרייבן וועגן אַ פאַר־לעזונג־טורנע איבער אייראָפּע. דער איינציקער מענטש, וואָס וואָלט דאָס געקאָנט פאַר מיר אַראַנזשירן איז דר׳ עמיל מאַרגוליעס אין טראוטענאו (בעמען). דר׳ מאַר־גוליעס איז אַוודאי שוין ניט אין טראוטענאו. איבעריקנס זיינען דאָ זייער ווייניק שטעט אין וועלכע איך קען פאַרלעזן. קיין גאַליציע און קיין ווין וויל איך מער ניט פאָרן. בלייבט נאָך קאַרלסבאַד, טעפּליץ און מעגלעך נאָך אַ שטאָט אין בעמען. דר׳ מאַרגוליעס האָט פאַראַיאָרן פאַרהאַנדלט מיט דער בערלינער ציוניסטישער צענ־טראַל־ביוראָ, וואָס האָט געוואָלט פאַר מיר אַראַנזשירן פאַרלעזונגען אין דייטש־לאַנד: אין בערלין, קעניגסבערג, דאַנציג, פראַנקפורט־אַם־מיין, כעמניץ א. א. וו. דאָס אַלץ איז געווען פאַראַיאָרן. ווי דער מצב איז איצט ווייס איך ניט.

איך גלויב, אַז אויב איר און מיינע אַנדערע פריינד אין פּראָג זאָלן זיך אָנ־שטרענגען, וואָלט מעגלעך געווען צונויפצושטעלן אַ רשימה שטעט אין וועלכע איך וואָלט געקאָנט פאַרלעזן און ניט פאַרלירן קיין צייט דערביי. שרייבט מיר צי דאָס וואָלט נאָך מעגלעך געווען דעם זומער און האַרבסט. אַז איך זאָל נאָך אַמאָל פאַר־לעזן אין פּראָג איז מסתמא אויסגעשלאָסן. וועגן דר׳ מאַרגוליעסעס אַדרעס פרעגט זיך נאָך ביי דער „זעלבסטוועהר" אָדער ביי דר׳ ראַפּאַפּאָרטן אין טראוטענאו ביי וועמען דר׳ מאַרגוליעס איז געווען אַן אָפּנעמער.

וואָס שייך מיינע פריינד אין קאַרלסבאַד קאָן איך אייך נאָר שרייבן, אַז איך האָב דאָרטן אַ סך פריינד, ספּעציעל ריכאַרד שטיינער און זעליגמאַן. איבעריקנס קאָנט איר די פאַרהעלטענישן בעסער פון מיר, ווייל איך בין דאָך אַ פרעמדער. איך וועל נאָר דאַמאָלס קומען קיין אייראָפּע אויב איך וועל האָבן מינדסטנס פופצן פאַרלעזונגען אַראַנזשירט אין פאָרויס און אַז די גאַנצע ריינע הכנסה וועט געהערן מיר אַליין. איך האַלט אַז ווען איך וועל זיין אין קאַרלסבאַד וועט מען אויך קאָנען אַראַנזשירן פאַרלעזונגען אין מאַריענבאַד און פראַנצעסבאַד. איך פאַרלאָז זיך אין גאַנצן אויף אייך אין דער אָנגעלעגנהייט.

צום באַדויערן געדענק איך ניט די דאַטעס ווען איך האָב געשריבן מיינע פאַר־שיידענע לידער. איר וועט זיי דעריבער ניט קאָנען אויסשטעלן אין כראָנאָלאָגישן סדר.

מיט די בעסטע גרוסן פאַר אייך, אייערע עלטערן און פאַר אונדזוערע געמיינ־זאַמע באַקאַנטע פאַרבלייב איך אייער

מאָרריס ראָזענפעלד

3

353 Beekman Ave.
Bronx, New York, 27 February 1910.

זייער געערטער פריינד!

אייער בריוו איז מיר ווי אַראָפּגעפאַלן פון הימל. נאָך מער האָט מיך איבע־ראַשט דאָס בוך(1), וואָס איר האָט מיר צוגעשיקט. איך האַלט, אַז ס׳איז אייך גוט געלונגען איבערצוגעבן דעם גייסט פון מיינע לידער און ס׳האָט מיך זייער געפרייט צו לייענען די נאכדיכטונגען.

דר׳ אדלערס אַריינפיר איז געשריבן וואַרעם און האַרציק. עס האָט מיך זייער געפרייט צו הערן, אַז איר אינטערעסירט זיך מיט דראַמאַטישע אַרבעטן. איך בין צום באַדויערן שוואַך און געזונט. די פּיעסע וואָס איך האָב געהאַלטן אין שרייבן, האָב איך געמוזט איבעררייסן.

נאָר־וואָס זיינען דערשינען נאָך דריי בענדער פון מיינע שריפטן: איין בוך לידער און צוויי בענדער פּראָזע. אַזוי שנעל ווי מען וועט זיי בינדן וועל איך זיי אייך צושיקן. אין איין בוך איז געגעוי באַשריבן מיין רייזע אין אייראָפּע און אויך מיין זיין אין פּראָג.

איך וואָלט גערן געוואָלט קומען קיין אייראָפּע. ליידער איז דאָס פאַרבונדן מיט גרויסע הוצאות און איך קאָן ביי זיך ניט באַשליסן אונטערצונעמען אַזאַ רייזע. אפשר וועט דאָס נאָך געשען, דערווייל קאָן איך דערפון ניט טראַכטן.

קאַרלסבאַד וואָלט זייער נייטיק געווען פאַר מיין געזונט, אָבער וואָס קאָן איך זיך העלפן ווען די קעשענע דערלויבט דאָס ניט?

איך האָב נאָך גאָר אַ סך אייך צו שרייבן, אָבער איך מוז זיך באַגניגענען מיט דעם קורצן בריוו. איך דערוואַרט אומגעדולדיק די רעצענזיעס, וואָס איר האָט מיר צוגעזאָגט צוצושיקן.

מיר דאַכט זיך אַז פּראָזע פאַרקויפט זיך בעסער פון פּאָעזיע. אַ בוך אויסגע־ווײלטע פּראָזע־שריפטן וואָלט זיך אין דייטשלאַנד גוט פאַרקויפט.

י. ליפשיץ

מיט די פריינדלעכסטע גרוסן צו מיין פריינד, אייער פאָטער און צו אונדזערע געמיינזאַמע פריינד אין פראָג

אייער

מאָרריס ראָזענפעלד

---

(1) דאָס ביכעלע האָט געטראָגן דעם טיטל:

Gedichte von Morris Rosenfeld. In Nachdichtung von Friedrich Thieberger. Mit einen Einführung von Friedrich Adler. Prag: R. Brandeis 1910, 64 s. Jüdische Universal-Bibliothek Nº 101.

# צו יעקב דינעזאָנען

יעקב דינעזאָן (1856—1919) איז געווען איינער פון די פּאָפּולערסטע עלטערע דערציילער. זיינע סענטימענטאַלע דערציילונגען „יאָסעלע״ און „הנאהבים והנעי־מים אָדער דער שוואַרצער יונגערמאַנטשיק״, וואָס זיינען דערשינען מיט וועלכע פינף און זיבעציק יאָר צוריק זיינען געלייענט געוואָרן פון צענדליקער טויזנטער לייענער און זיינען נאָך היינט ווייט ניט פאַרגעסן. „יאָסעלע״ ווערט נאָך איצט גע־לייענט אין די העכערע קלאַסן פון די יידישע שולן. אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן איז דינעזאָן געווען באַקאַנט אין דער יידישער ליטעראַרישער וועלט ווי אַ מקורב ביי פּרצן און ווי אַ בעל יועץ פון יינגערע שרייבער.

נויאָרק דעם 16טן מאַי 1910.

זער געערטער הער יעקב דינענזאָן!

איר וועט ענטשולדיגן מיין וואגניס אייך צו בעלעסטיגן מיט אַ זאַך, וואָס איז מערסטנס מיר אַליין נוגע. אין נויאָרק זיינען ערשינען זעקס ביכער מיינע, נאָך דריי ביכער ווערן איצט פערפערטיגט צום דרוק. דיזע 9 ביכער זיינען געמאַכט ספּעציעל פאַר דעם אַמעריקאַנישן ביכער מאַרק. איך וויל איצט פערטיג מאַכן אַן אויסגאַבע ספּעציעל פאַר רוסלאַנד און וואָלט זיך וועלן זעצן אין פערבינדונג מיט אַ פעראַנטוואָרטלעכן פערלאַג.

מיר געפעלן די אויסגאַבן פון דעם פערלאַג שימין אין וואַרשאַ און איך וואָלט אים פערקויפט מיינע ביכער אויף אַ פּראָצענט־פּלאַן. איר פערשטייט שוין איצט וואָס איך ערלויב זיך פון אייך צו פערלאַנגען. איך בעט אייך פּאָרצולייגן מיין פּאָרשלאַג פאַר דעם פערלאַג, וועלכער זאָל מיר ערקלערן ווי ער וואָלט מיינע בי־כער געדרוקט, אין איין באַנד אָדער מערערע בענד און וואָס פאַר אַ פּראָצענט ער איז מיר וויליג צו צאָלן.

נאַטירלעך, וועל איך קיין זאַך אין דיזער אַנגעלעגנהייט ניט טון ביז איך וועל הערן אייער מיינונג, וועלכן פּראָצענט איך זאָל פערלאַנגען; ווי איך זאָל זיך פער־זיכערן; ווי די גאַנצע פערהאַנדלונג זאָל פאָרקומען.

י. ליפשיץ

האָפנדיג, אַז איר וועט מיר בעערן מיט אַן ענטפער פערבלייב איך מיר האָכ־
אַכטונג אייער גאַנץ ערגעבנסטער

מאָררים ראָזענפעלד

Morris Rosenfeld
353Beekman Ave., Bronx,
New York City, N. Y.

# צו אברהם פּערלמאַנען

אברהם פּערלמאַן איז אין 1912 געווען דער סעקרעטאַר פון דער קאַרפּענטערס (סטאַליערס) יוניאָן „וועלכע האָט דאַן דורכגעפירט קולטורעלע אָוונטן". מאָריס ראָזענפעלד איז ניט געקומען קיין קליוולאנד אויף דער געפּלאַנטער לעקציע, ווייל ווי פּערלמאַן שרייבט „האָב איך דערהאַלטן אַ צווייטן בריוו פון ראָזענפעלדן, האָט ער געפאָדערט 50 דאָלאַר פאַרויס זאָל אים געשיקט ווערן". אנשטאט ראָזענפעלדן „האָבן רייזען, און דער אומשטערבלעכער יהואש געקראָגן אין קליוולאנד באַגייסטערטע אויפנאַמען".

Oc. 14, 1912.

זער געערטער הער אברהם פּערלמאַן(1):

אויב איר ווילט מיך ברייננגען צו אייך אין קליוולאַנד אויף אַ פאָרלעזונג דאַרפט איר מיר געבן דרייסיג דאָלאַר מיט אייערע רייזע־קאָסטן. איך פאָר ניט אַנדערש ווי אין אַ פולמאַן קאַר. דאָס געלד פאַר מיין פאָרלעזן און פאַר מיין „רעטאָרן־טיקעט" (בילעט אויף צוריק) מוז איך בעקומען צוגעשיקט מיט אַ וואָך פאָרויס.

דעם דאַטום מוזט איר אַליין אויסקלייבן און מיר לאָזן באַלד וויסן, אויב איך וועל פון אייך ניט הערן אין אַ פערלויף פון אַכט טעג וועל איך וויסן, אַז פון אונזער אונטערהאַנדלונג איז גאָר נישט געוואָרן.

מיט אַכטונג

מאָרריס ראָזענפעלד

נ. ב. אויב איר ווילט מיר ענטפערן זאָלט איר מיר צושיקן אייער ענטפער אויף מיין פּריוואַט אַדרעס

Morris Rosenfeld
1880 Belmont Ave. Bronx
New York, N. Y.

(1) דער בריוו איז געשריבן אויף אַ בלאַנק פון „פאָרווערטס".

# צו שניאור זלמן לייבנערן

שניאור זלמן לייבנער איז געווען אַ מיטאַרבעטער פון דעם „אידישער קו־ריער" אין שיקאַגאָ און שפּעטער צוזאַמען מיט קלמן מרמרן רעדאַקטירט דאָס שי־קאַגער וואָכנבלאַט „דער יידישער רעקאָרד", וואו מאָריס ראָזענפעלד האָט פאַר־עפנטלעכט אַ צאָל לידער.

1

335 Crimmins Ave. Bronx
New York, January 15, 1912.

מיין זער געערטער און געשעצטער הער לייבנער!

איך האָב געלעזן אייער אַרטיקל אין וועלכן עס ווערט גערעדט וועגן אַ הויז. איך האָב געזען אַז וואָס דאָרט איז געזאָגט געוואָרן וועגן מיר איז געווען אין דעם פריינדליכסטן טאָן און מיט די בעסטע און ערלעכסטע אַבזיכטן, ליידער אָבער נעמט דאָס ניט אַוועק דעם פאַקט, אַז איך האָב ניט קיין הויז און האָב דאָס אויך קיינמאָל ניט געהאַט, ליידער האָט דאָס הויז מ י ך געהאַט, ווייל איך האָב גע־האַט געגן זיך דריי מאַרטגיידזשעס, וועלכע האָבן מיך ענדליך געמאַכט פאַר אויס בעל הבית.

אונזער געמיינשאַפטליכער פריינד הער העלער האָט קיין בייז ניט געמיינט און איך ג ע וו י ס און ג ע וו י ס נ י ט. איך האָב בלויז געשריבן אונזער פריינד מיסטער העלער, דעם ריינעם אמת, אַז איך בין אַ שכן אָבער ניט קיין בעל הבית, אַז איך ווין אין נויאָרק און לעב ווי שטענדיג אויף מיין פעדער. בעהיטע גאָט איך זאָל האָבן עטוואָס געגן דעם „אידישען רעקאָרד" וועלכן איך בעטראַכט אַלס אַ ווירדיגע וואָכנשריפט יידיש, ערלעך און פּראָגרעסיוו.

איך וואָלט אפשר פון צייט צו צייט עפּעס צוגעשיקט צו דער בלאַט ליידער בין איך אַזוי פערנומען אַז איר קענט זיך קוים מאַכן אַ בעגריף. איך שרייב דריי מאָל אַ וואָך פאַר דער צייטונג דערצו דרוקן זיך ערשט מיינע נייע דריי ביכער וועלכע פאָדערן מיין פולע אויפמערקזאַמקייט.

מיט האָכאַכטונג און די פריינדליכסטע גרוסן

אייער ערגעבנסטער

מאָררים ראָזענפעלד

נ. ב. איר מעגט געזונדערהייד נוצן וועלכע טייל איר ווילט פון אונזער פריינד מר. העלערס בריוו.

2

1880 Belmont Ave. Bronx, New York.
June 17, 1912.

זער געערטער הער זש. לייבנער: —

איך האָב ערהאַלטן אייער זער פריינדליכעס שרייבן און אויך אַן עקזעמפּלאַר פון דעם „רעקאָרד", פאַר וועלכע איך דאַנק אייך זער. מיר איז נור דער וואונדער גרויס ווי אַזוי איר האָט פון וויטן געקענט אַזוי קלאָר פערשטיין די גאַנצע סיטואַציאָן.

איך דאַרף אייך, ווי איך זע, ניט ערקלערן פאַרוואָס איך האָב שונאים צווישן די ניו יאָרקער שרייבאַרעס, דאָס איז גאַנץ איינפאַך נייד ניט פערגינערשאַפט. קיין אַנדער אורזאַך זע איך ניט.

ווי איר זעט שיק איך אייך מיט דעם דאָזיגן בריעף צוויי לידער, וואָס זיינען נאָך ניט געדרוקט געוועזן. איך האָב זיי ס פּ ע צ י ע ל פאַרן „רעקאָרד" געשריבן. איך וואָלט אייך פון צייט צו צייט עפּעס צוגעשיקט, נאַטירליך אומזיסט. איך נויטיג זיך גראָד איצט ניט אין די פּאָר דאָלאַר דען איך מאַך אַ לעבן.ליידער אָבער איז מיין ערשטער ליד ביי אייך אַרויס געקומען אַזוי שרעקליך פעלערהאַפט. אַז איך האָב שוין געציטערט מער צו פּראָבירן.

איך האָף, אַז דאָס מאָל וועל איך האָבן ביי אייך מער גליק.

מיט האָכאַכטונג צו אייך און צו אייער גאַנצע רעדאַקציאָן

מאָררים ראָזענפעלד

3

May 18, 1913.

מיין זער טייערער פריינד הער לייבנער.

איך האָב געלעזן אין „רעקאָרד" אייער זער פריינדליכע בעמערקונג וועגן מיין פאַרלעזונג, פאַר וועלכע איך דאַנק אייך.

וואָס דער געלער, בעבערדלטער פעדער זשוק האָט צו מיר קען איך מיר אַבזאָלוט ניט פאָרשטעלן. ערשטנס קען איך אים גאָר ניט, איך האָב אים בלויז איין

מאָל אין מיין לעבן צופעליג געזען. איך האָב דעם דאָזיגן „דאָקטאָר" קיינמאָל אין מיין לעבן ניט אָנגעגריפן. איך פערשטיי, זיין שמוציגער גרימצאָרן מוז קומען דער־פון, וואָס איך האָב זיך פון זיין „רעדאַקציע"(1) ניט געלאָזט אַראָב ברייגגען נאָך שיקאַגאָ, זיין אשר יצר־בלעטל זאָל מאַכן געלד מיט מיר.

אָבער וועמען קימערט דאָס?

וואָס אַרט מיך וואָס אַזאַ מילב קריכט אַרום איבער אַ בלאָטיגע שטיקל פאַפיר און איז אין כעס? ער קען מיר אַזוי שאַדן פונקט ווי אַ מאָסקיטאָ קען שאַדן דעם פריילינג.

איך וועל אים יעצט געבן אַ ביסל מער געלעגנהייט צו זיין בייז. איך וועל דרוקן אין „רעקאָרד" אַ נייע סעריע לידער מיטן נאָמען „פעדער־שקלאַפעריי". דאָס זיינען לידער וואָס וועלן מאַכן אַ רושם אין דער גאַנצער וועלט. עס זיינען נאָך אַב־סאָלוט אין קיין שפראַך אין דער וועלט אַזעלכע לידער ניט געשריבן געוואָרן. איך וועל זיי שפעטער דרוקן אין אַ בוך. דאָס זיינען צען לירישע געדיכטע אין וועלכע אַ דיכטער, וואָס האָט געמוזט ווערן אויס נויט אַ צייטונגס־מאַן, בעקלאָגט זיך אויף זיין ביטערער לאַגע. די לידער זיינען פונקט אַזוי שטאַרק ווי מיינע בעסטע און געלונגענסטע אַרבייטער־לידער. איך וועל אייך די לידער שיקן אומזיסט, אָבער מיט דער בעדינגונג, דאָס אין דעם נומער „רעקאָרד", וואו עס וועט ערשיינען מיינע אַ זאַך, זאָלט איר ניט דרוקן די צאַצקעדיגע „פאָעזיע", וואָס איר קריגט אָפט אַריינגעשיקט פון אַנדערע „פאָעטן". אַ נומער, וואָס האָט מיינס געדיכט טאָר ניט האָבן אַ „געדיכט" פון אַ מאלעווען פאָעט. איך קען ניט בעשטיין צו פערשווערן מיין טאַלאַנט מישנדיג אים מיט פרעמדע בדחנות.

אויב איר וועט דאָס מיר בריוולעך פערשפרעכן וועל איך אייך אָנהייבן שיקן די לידער.

מיט האָכאַכטונג אייער גאַנץ ערגעבענסטער

מאָרריס ראָזענפעלד

מיין בעסטן גרוס צו אונזער געמיינזאַמען פריינד הער ספיוואַק.

נ. ב. מיין פריוואַט אַדרעס איז ווי פריער:

Morris Rosenfeld
1421-29 Crotona ave.
Bronx, New York, N. Y.

---

(1) געמיינט דעם שיקאַגעו „קוריער".

4

1421-29 Crotona ave.
Bronx, N. Y.

יוני דעם 9טן 1913.

מיין טייערער פריינד לייבנער!

איך שיק אייך צוריק דאָס געדיכט. אמת, עס איז זער קורץ, מען האָט אָבער פון דעם דאָזיגן „מאכל" מער ניט געקאָכט, דרוקט דאָס אַזוי ווי דאָס איז.

איך גלויב, אַז אונזער פריינד העלער(1) איז שוין איצט אין שיקאַגאָ. לאָזט אים גריסן און גריסט אויך אונזער יונגן פריינד מר. ספּיוואַק. אייער „קיצלער" איז גאָר ניט שלעכט. נאַטירלעך אַזוי ווי דער דאָזיגער „קיצלער" אייערער „קיצלט" נור לאָקאַלע פּערזענלעכקייטן, קען איך ניט געגוי פערשטיין וואָס דאָרט טוט זיך, אָבער עס איז אַלל רייט.

מיט הויכאַכטונג און גרוסן אייער גאַנץ ערגעבנסטער

מאָררים ראָזענפעלד

---

(1) זעליק העלער איז געקומען קיין אַמעריקע 1906 און זינט 1911 געווען אין שיקאַגאָ. ער האָט מיטגעאַרבעט אין „אידישער קונסט פריינד" וואָס ק. מרמר האָט רעדאַקטירט, אין דער „אידישע אַרבייטער וועלט", אין דער טעגלעכער „וועלט" און שפּעטער אין דער ניו־יאָרקער „פרייהייט".

(2) יונה ספּיוואַק דער יידיש־העברעאישער שריפטשטעלער, דראַמאַטורג און זשורנאַליסט האָט לאַנגע יארן געוואוינט אין שיקאַגאָ און מיטגעאַרבעט צוזאַמען מיט קלמן מרמרן אין דעם „יידישער קוריער", „די וועלט", „דער קונסט־פריינד" און אין שיקאַגער „פאָרווערטס" ווי אויך אויך אין העברעאישע צייטשריפטן.

# צו ראובן ברייניגען

ראובן בריינין (1862—1939), דער באַרימטער העברעאיש־יידישער שרייבער, ביאָגראַף און קריטיקער האָט שטאַרק געהאַלטן פון מאָריס ראָזענפעלדס טאַלאַנט נאָך דאַמאָלס ווען זיין, בריינינס, מיינונג וועגן יידיש און וועגן דער יידישער ליטעראַטור איז געווען אַ טיפּיש משכילישע. דאָס איז אפשר געווען די סיבה פאַרוואָס מאָריס ראָזענפעלד האָט זיך אויסגעהיט ברייניגען פּוגע בכבוד צו זיין אַפילו אין דער הייסער פּאָלעמיק אַרום יידיש און העברעאיש.

1

April 7, 1913.

זייער געערטער און געשעצטער הער ראובן בריינין!

דערמאנט ניט קיין געוועזענע זאַכן, איך האָב זיך דאָס שוין לאַנג פאַרגעסן. איך בין קיינמאָל אויף אייך ניט בייז געוועזן און בין דאָס איצט געוויס ניט. דאָס, וואָס די שאַרלאַטאַנסקע „ווארהייט"(1) האָט באַנוצט אייער לייטאַרטיקל אויף דער לינקער זייט, זייט איר געוויס ניט שולדיק און איך וויס דאָס.

כסדר: איך בין עבן איצט געקומען פון אַ ווייטע רייזע, איך בין געווען אין די „סאוטה" און קומענדיק האָב איך געפונען אייער בריוו מיט אַ טשעק אויף צען דאָ־לאַר. איך בין דערווייל מיד, מאַט און צעבראָכן פון וואַלגערן זיך אויף די אייזנ־באַנען. איר מעגט פּאָזיטיוו רעכענען אויף מיין שרייבן. ווי גיך איך וועל זיך אויס־רוען וועל איך עפּעס אָנשרייבן און אייך צושיקן.

ווי מיר שיינט וועל איך שרייבן אַ געדיכט אויף פּסח. אויב גרויס אָדער קליין וויס איך נאָך ניט.

מיט די בעסטע גרוסן אייער גאַנץ ערגעבנסטער

מאָררים ראָזענפעלד

---

(1) מאָרים ראָזענפעלד האָט דאָ געהאַט אין זינען ראובן בריינינס אַן אַרטיקל קעגן זיין, ראָזענפעלדס אַנפאַל אויף העברעאיש און אויף די צוויי העברעאישע פּאָעטן יעקב פיכמאַן און יעקב כהן.

## מאָריס ראָזענפעלדס בריוו

אין דעם זאַמלבוך „העיברי החדש“, וואָס איז דערשינען אין וואַרשע תרע"ב אונטער יעקב כהנס רעדאַקציע האָט ד. ששר (וואָס ווי א. ר. מלאכי האָט מיר איבערגעגעבן איז דאָס געווען ז. שניאורס אַ פּסעוודאָנים) אין אַן אַרטיקל מיטן נאָמען „משוררים“ אָפּגעחוזקט פון דער „משונהדיקער באַשעפעניש די טשערנאָוויצער קאָנפערענץ“, וואָס איז „ווי עס זעט אויס אַנטשלאָסן צו שאַפן איבערנאַכט אַ זשאַרגאָנישע תורה און אַ זשאַרגאָנישע קולטור מיט זשאַרגאָנישע גדולים און מיט אַ גרויסער זשאַרגאָנישער „פאַרגאַנגענהייט“. דער שרייבער פאַרטשעפּעט אַ פּאָר יידישע פּאָעטן און לאַכט אָפּ פון מאָריס ראָזענפעלדן, „וואָס זיין גאַנצע גאונות הענגט אָפּ דערפון וואָס (רערטאַלד) פייוועל האָט אים איבערגעזעצט אויף דייטש און וואָס ליליען האָט געמאַכט אילוסטראַציעס צו דער איבערזעצונג“.

ווי עס זעט אויס האָט מאָריס ראָזענפעלד אַליין ניט געלייענט דאָס אַרטיקל, ווייל ער האָט ניט געוואוסט, אַז דער רעדאַקטער איז געווען בלויז יעקב כהן און אַז יעקב פיכמאַן האָט גאָר קיין שייכות ניט געהאַט צו דעם זאַמלבוך, אַפילו דאָרטן ניט געשריבן.

מאָריס ראָזענפעלד האָט זיך געפילט שטאַרק געטראָפן פון דעם אַנגריף און האָט דעם 20סטן מאַי 1912 אָפּגעדרוקט אין „פאָרווערטס“ אַ שאַרפן ענטפער אונטער נאָמען „אידישיסטן אין „יקום פורקנאיסטן“. מאָריס ראָזענפעלד האָט געשריבן זיין אַרטיקל אין דעם פּאָלעמישן סטיל, וואָס איז דעמאָלט געווען נאָך פּאָפּולער אויף דער יידישער גאַס: זיי פאַרגינען ניט — האָט ראָזענפעלד געשריבן — די יידישע שרייבער דאָס, וואָס דאָס פאָלק לעזט זיי און וואָס די „שפחה בזויה“ שפּראַך ווערט איבערזעצט אין אַלע מאָדערנע לשונות, וואָס פּראָפעסאָרן לעקטשורן איבער דעם אין די גרעסטע אוניווערזיטעטן פון דער וועלט. זיי זיינען פלאַם־פייער די „מלמדים“, די אַמאָליקע „טעג־עסער“, באַנק־שלאָפער און חונפים. זיי וואָלטן פאַרברענט די יידישע ליטעראַטן מיטן יידישן פאָלק דערפאַר, וואָס זיי רעדן ניט און דיכטן ניט אין לשון פון רחב הזונה... און דאָך כאָטש די צוויי ליטעראַרישע עוונוכן מיט זייערע הסידים שטעקן אַרויס די פאַרפוילטע לאָקשן־קודשדיקע ציין און קוויטיקע לאָקשן־קודש־צינגער די בעסטע יידישע ליטעראַטן און דיכטער, יאָ, כאָטש זיי בייזערן זיך מיט שוים אויף די פאַרשטויבטע לאָקשן־קודש ליפּן, דאָך בין איך אויף העברעאיש ניט בייז... מען דאַרף דערצו זיין אַזאַ פּרעכער יונגאַטש, אַזאַ שגץ ווי יענער בדחן רעדאַקטער צו ערלויבן זיך אַזוי צו רעדן וועגן יידישע שרייבער, וואָס זיינען מקריב זייערע בעסטע יאָרן און דאָס בעסטע פון זייער גייסט אויף דעם אַלטאַר פון ליבע צו זייער אומגליקלעך פאָלק“.

עס פעלן אין דעם אַרטיקל ניט קיין עפּיטעטן ווי „יאַנקלדיקע יאַנקלס“, „פּרעכער יונגאַטש“ „לשון פון מרגלים“, „תרחס שפּראַך“, „צען פודיקע שמאַטע“ (וועגן זאַמל־בוך) און ענלעכע.

דערויף האָט ראובן בריינין וואָס איז געווען אַ פאַרערער פון ראָזענפעלדס פּאָעטישן טאַלאַנט, געענטפערט אין אַ לייטאַרטיקל אין „קענעדער אדלער“. די „וואַרהייט“ האָט דעם 31סטן מאַי 1912 אָפּגעדרוקט דאָס לייטאַרטיקל מיט קיצורים, אָבער מיט אַן אַריינפיר, וואו מאָריס ראָזענפעלד איז באַליידיקט געוואָרן ווי „דער וואָכעדיקער ליץ“, „דער קונצנמאַכער“ און „דער זיילנטענצער פון „פאָרווערטס“. ראובן בריינין האָט דערמאָנט ראָזענפעלדן, אַז „אייערע גרויסע אַמאָליקע פּאָעטישע פאַרדינסטן און ליטעראַרישע פאַרדינסטן האָבן דאָכט זיך געדאַרפט פאַרבליכטן אייך צו זאָגן, צו געבן עפּעס אין אַן אַרטיקל איבער יידישיסטן און העברעאיסטן. דאָס איז אַ טעמע ניט צום לאַכן און שפּאָטן. און וואָס האָט איר געגעבן? — קוואַטש שענדלעכע, מאַרק ידלעריי, אַ לעקסיקאָן פון זלזולים... פיליכט וועלן זיך געפינען עטלעכע גראָבע יונגען, אומהיסנדע מענטשן, וואָס וועלן הנאה האָבן פון אייער גרויסער חכמה, דאָס אנשטאָט „לשון קודש“ רופט איר דאָס „לאָקשן קודש“. דאָס אנשטאָט יעקב פיכמאַן, יעקב כהן, שרייבט איר די „יאַנקלדיקע יאַנקלס“. זייט איר אָבער אַליין צופרידן מיט אַזאַ געשמאַקלאָזיקייט, מיט אַזאַ כפולשמונהדיקע בטלנות? אַזוי בילדעט מען דאָס דעם עולם?“

2

(אַפּריל, 1913)

זייער געערטער הער בריינין!

איך שיק אייך דאָ אַ פּסח־ליד, וואָס וועט אייך האָפנטלעך געפעלן. איצט וויל איך פון אייך בלויז איין איינציקע זאַך, בעמלעך: דאָס ליד זאָל אַרויסקומען פון דרוק אָן דרוקפעלער. ווען אַ געדיכט קומט אַרויס פאַרגרייזט פון דרוק איז דאָס איינע פון די שרעקלעכסטע זאַכן פאַרן שרייבער.

ווינטשנדיק אייך אַ „כשרן פּסח" פאַרבלייב איך מיט הויכאַכטונג אייער גאַנץ ערגעבנסטער

מאָררים ראָזענפעלד

נ. ב. איך האַלט איצט אין איבערציען דערפאַר קען איך אייך ניט שיקן מיין פּריוואַט אַדרעס. איך וועל דאָס אָבער טאָן ווי שנעל איך וועל ווידער אַריינציען אין ניו־יאָרק. דערווייל וואוין איך נעבן ניו־יאָרק.

3

(סוף אָקטאָבער, 1914)

זייער געערטער פריינד ר. בריינין!(1)

ערלויבט מיר אייך צו מעלדן דאָס איך האָף צו פאַרלאָזן ניויאָרק שבת אָוונט דעם 7טן נאָוועמבער מיט דער גרענד סענטראַל סטיישן (סטאַנציע) 42טע סטריט 7:45 און צו זיין אין מאָנטרעאָל זונטיק דעם 8טן נאָוועמבער אין דער פרי 7:40 אין ווינדזאָר סטיישן. איר וועט אַזוי גוט זיין זען, אַז מען זאָל מיך ערוואַרטן, דען איך בין פרעמד אין מאָנטרעאָל(2) און וועל ניט וויסן ווי זיך צו קערן.

מיט האָכאַכטונג און די פאַרציגליכסטע גרוסן אייער

מאָררים ראָזענפעלד

---

(1) געשריבן אויף אַ בלאַנק פון ניו־יאָרקער „פאָרווערטס".

(2) ראובן בריינין האָט פאַרבעטן ראָזענפעלדן קיין מאָנטרעאָל זיך צו באַטייליקן אין אַ ליטעראַריש־מוזיקאַלישן אָוונט, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 8טן נאָוועמבער 1914. ער שרייבט ראָ־

זענפעלדן (דעם ערשטן נאָוועמבער 1914) אַז „מיר ווייסן דאָס 60 דאָלאַר פיר אַלע אייערע הוצאות און האָנאָראַר איז זייער ווייניק. מיר וואָלטן זיך שעמען אייך פאָרצושלאָגן אַזאַ קליינע סומע, ווען דער אוונט וואָלט ניט באַשטימט ווערן פיר אַזאַ גרויסן צוועק ווי אַ פאָלקס־אוניווערזיטעט. מיר ווייסן דאָס איר טוט דאָס צוליב אונדזערע צוויי קולטור־אינסטיטוטן, וועלכע זיינען די איינציקע אין קענעדע און באַליבט ביים פאָלק". מיט די צוויי אינסטיטוטן מיינט בריינין „די יידישע פאָלקס ביבליאָטעק און אוניווערזיטעט" אין מאָנטרעאָל.

4

(1914)

(דער אָנהייב פעלט)

...קאַרגע צען יאָר האָב איך פון דעם דאָזיקן געמיינעם יונגאַטש געליטן, ענד־לעך האָט מיר צוגעשלאָגן אַ ניטגוטקייט צום האַרצן און איך בין אַוועק פון די רויט־געלע שמוץ ווי אַ רויך. עס איז אמת, אַז איך בין ראַדיקאַל געזאָנען, אָבוואָל ניט קיין מיטגליד פון דער סאָציאַליסטישע פאַרטיי, שטים איך אָבער שטענדיק אַ גלייכן סאָציאַליסטישן טיקעט (צעטל) און איך וועל פאָזיטיוו ווייטער אַזוי טאָן. דער סאָציאַליזמוס איז ניט שולדיק וואָס קאַהאַן איז אַ זשורנאַליסטישער שאַרלאַ־טאַן, אַן אויסוואורף.

איך האָב ליב מיין פאָלק און האָב דאָ דאָפּלט ליב דעם יידישן אַרבעטער און נאָר צוליב זיין כבוד האָב איך אָפּגעטרעטן פון „ריקווערטס". איך האָב מיין לעבן אָפּגעגעבן מיין ברודער דעם יידישן אַרבעטער און האָב ניט געקענט זען ווי מען שטעקט אים אַרויס אַ ברודיקע צונג.

מיט הויכאַכטונג און גרוסן אייער גאַנץ ערגעבנסטער

מאָרריס ראָזענפעלד

נ. ב. איך וואָלט ניט געהאַט דאַגעגן ווען איר וואָלט אַפילו דרוקן מיין בריוו. איך שרייב דעם אמתן אמת און די וועלט מעג דאָס וויסן.

5

915 Elsmere Place, The Bronx
New York, N. Y., May 15, 1915.

זער געערטער פריינד ר. בריינין!

עס האָט מיך געפרייט צו לעזן אייער בריוו, וואו איר שרייבט מיר, אַז אייערע

צווי בלעטער: אין מאַמע־לשון און ישעיהס לשון וועלן ענדלעך ערשיינען. איך ווינטש אייך אַ גלענצנדן ערפאָלג.

ליידער ווייס איך ניט אויב איך וועל קענען פאַר אייך שרייבן אַלע וואָך, דען איך בין צופיל באַשעפטיקט. עס איז מיר אויך אוממעגלעך צו שרייבן פאַר 5 דאָלאַר אַן אַרטיקל. איך טאָר דאָס ניט טאָן צוליב פאַרשידענע אורזאַכן. דאָס קען מיר שאַדן דאָ. דאָ נעם איך 25 דאָלאַר אַן אַרטיקל. איך טאָר ניט מאַכן קיין שפּרונג אויף צוריק, דען איך קען פאַרניכטן מיין ליטעראַרישן פּרעסטיזש.

עס איז מיר אויך אַבסאָלוט אוממעגלעך זיך אָפּצוגעבן מיט טעגלעכע פראַגן. אָט דאָס דאַזיקע שרייבעריי איז ניט מיין זשאַנער(1). איך שרייב מער אָדער ווייניקער ליטעראַרישע זאַכן. עס איז אַבסאָלוט נויטיק פאַר אייך איר זאָלט טאַקע האָבן אין ניו יאָרק אַ קאָרעספּאָנדענט, וואָס זאָל אייך שרייבן טעגלעכע פּאַסירונגען. איך בין ניט דער פּאַסנדער שרייבער פאַר די דאָזיקע זאַכן.

איך שיק אייך צוזאַמען מיט אָט דעם בריוו אַ גלענצנדן אַרטיקל פאַר אייער „וועג". איר דאַרפט מיר דערפאַר ניט באַצאָלן מער ווי 5 דאָלאַר. איר דאַרפט קיין אָנשטרענגונג ניט מאַכן מיר צו שיקן מער. איך וועל זיך באַמיען אייך פון צייט צו צייט עטוואָס ווינשענסווערטעס צו שיקן.

ווי גאָט איז אייך ליב זעט, אויב איר דרוקט מיין אַרטיקל, עס זאָלן אין אים (ניט זיין) קיין דרוקפעלער. איך שיק אייך מיין אַרטיקל פאַר 5 דאָלאַר, ווייל אונדזער פריינדשאַפט איז ביי מיר ווערט 20 דאָלאַר צו יעדער צייט...

זייט אַזוי גוט און זעט מיין ביי־אַדרעס אויף דעם אָנפאַנג פון דיזן בריוו און שיקט מיר צו אייער צייטונג.

מיט הויכאַכטונג און די בעסטע ווינטשונגען

מאָרריס ראָזענפעלד

---

(1) ראובן ברייניך האט זיך פאַרענטפערט (אין אַ בריוו צו ראָזענפעלדן פון 18טן מאַי 1915, וואָס געפינט זיך אין ייוואָ), אַז „איך האָב אין מיין ערשטן בריוו ניט געמיינט חלילה דאָס איר זאָלט מאַכן פאַרן „וועג" קאָרעספּאָנדענץ־אַרבעט און שרייבן חלילה טעגלעכע נייעס. איך ווייס אייך צופיל צו שעצן אום צו וואַגן צו מאַכן אַזאַ אנטראָג. איך האָב נאָר געמיינט דאָס אייערע פּערלדיקע עסייען זאָלן טראָגן מער אַן אַקטועלן כאַראַקטער". ברייניך האָט אויך באַמערקט וועגן דעם קליינעם האָנאָראַר, אַז דאָס איז בלויז פאַר „שכר־בטלה"... „גלויבט מיר דאָס איך שעם מיך ווירקלעך פיר דעם דאָזיקן אָרעמלעכן האָנאָראַר".

# צו ל. טראַמערן

ל. טראַמער איז געווען אַ יונגער יידישער זשורנאַליסט און איבערזעצער. מאָריס ראָזענפעלד איז געווען באַקאַנט מיט דער טראַמער־משפחה און פלעגט פון צייט צו צייט זיי באַזוכן. מאַרי טראַמער, ל. טראַמערס אַ שוועסטער, דערציילט אין אירע זכרונות וועגן מאָריס ראָזענפעלדס אַ באַזוך ביי זיי אום פסח 1922. מאַרי טראַמער ברענגט אַן אויסצוג פון אַ שמועס וואָס ל. טראַמערס מוטער האָט געהאַט מיט פרוי ראָזענפעלד, וואָס באַווייזט, אַז ל. טראַמער איז געווען זייער אָנגעלייגט ביי די ראָזענפעלדס. „איר געדענקס מרס טראַמער, האָט זי (פרוי ראָזענפעלד) געזאָגט צו דער מאַמען, — איר געדענקט די צייט ווען אייער זון האָט זיך אויפגעהאַלטן ביי אונדז אין די בערקשייכס?, נון, האָב איך געזאָגט מאָריסן דאַמאָלס, אַז ס'וואָלט געווען אַ פיינער פּלאַן אַז אייער זון זאָל חתונה האָבן מיט אונדזער יינגערער טאָכטער. אָבער דער גורל האָט געוואָלט אַנדערש און זי האָט חתונה געהאַט מיטן דענטיסט" (פון Marie Trommer, Morris Rosenfeld and wirfe come to visit. Re-collections, New York, 1934. אין מאַנוסקריפּט).

1

Oct. 29, 1913.

זער געערטער הער ל. טראַמער!(1)

ענטשולדיגט מיין פערשפעטיגטן ענטפער, פאַמיליען טראָבעל האָט גענומען מיין צייט אין אנשפרוך. אייערע איבערזעצונגען פון מיינע לעצטע געדיכטע, ווי אויך אָריגינעלע לידער, האָב איך ערהאַלטן און געלעזן. איך קען נאָר זאָגן נאָכאַמאָל דאָס, וואָס איך האָב שוין איינמאָל געזאָגט, נעמליך: דאָס איר האָט פּאָזיטיוו אַ שיינעם פּאָעטישן טאַלאַנט. איך וואָלט זיך אַ מינוט ניט צוריק געהאַלטן פון צו דרוקן אַן ענגלישן בוך לידער מיט אייערע איבערזעצונגען.

שרייבט מיר, איך בעט אייך, ווי אַלט זייט איר און מיט וואָס איר באַשעפטיגט זיך. לויט אייערע פערזן שיינט איר נאָך צו זיין אַ גאָר יונגער מאַן מיטן גאַנצן פייער פון אַ בעגייסטערטער נשמה. איך דאַנק אייך זער פאַר אייער זער שיינע איבערזעצונגען.

י. ליפשיץ

מיט הויכאַכטונג אייער גאַנץ ערגעבנסטער

מאָרריס ראָזענפעלד

דאָס איז מיין פריוואַט אַדרעסע:

Morris Rosenfeld
1421-29 Crotona Ave., Bronx, N. Y.

---

(1) אויף אַ בלאַנק פון „פאָרווערטס".

2

332 Beekman Ave.
The Bronx, New York, N. Y.
March 12, 1916.

זער טייערער פריינד טראַמער!

אייער בריוועלע, וואָס איר האָט איבערגעלאָזט פאַר מיר אין דער רעדאַקציאָן פון „אַמעריקאַנער", איז מיר געווען פונקט ווי אַראָפּגעפאַלן פון הימל.

איך האָב ניט געקענט מער געפינען קיין „אַמעריקאַנער" וואו דאָס געדיכט „דיה וואָר בעיבי" איז ערשינען. צייט איך שרייב אין דיזער צייט־שריפט בלייבן כמעט קיינמאָל ניט איבער קיין עקזעמפּלאַרן, זיי פערקויפן זיך אַלע. איך האָב דאַרום דאָס געדיכט איבערגעשריבן פון אַן אויסשניט, וואָס געפינט זיך ביי מיר און ערפילנדיג אייער וואונש, שיק איך דאָס צו אייך ז אָ פ אָ ר ט. איך האָף, אַז דאָס געדיכט וועט אייך געפעלן.

וואָס מאַכט איר, טייערער פריינד? פאַרוואָס לאָזט איר פון זיך ניט הערן? איר האָט אפשר געלעזן אין די יידישע צייטונגען, דאָס מיין יינגסטע טאָכטער ראוז האָט געהייראַט מיט אַ פּאָר מאָנאַט צוריק. זי איז פערהייראַטעט צו אַ געוויסן דאָקטאָר לעאָן גאָלדענטהאַל (אַ דענטיסט). איך האָב געלעזן מאַנכע פון אייערע ברילליאַנטענע איבערזעצונגען פון ענגליש אין יידיש. איך האָב כמעט דערקענט, אַז דאָס איז אייער אַרבעט. איך האָב דאָס דערקענט אָן די לייכטקייט פון דעם סטיל. אָבער, אַז איר קאָנט אַזוי גוט די יידישע שפּראַך איז פאַר מיר אַן אפּענבאַרונג. די אַלע אַזוי גערופענע „יונגע" יידישע „דיכטער" מעגן גיין ביי אייך אין חדר זיך לערנען יידיש.

לאָזט הערן פון זיך, דען איר ווייסט, אַז איך בין זער גערן פון אייך צו הערן.
מיט הויכאַכטונג און די בעסטע ווינשונגען

מאָרריס ראָזענפעלד

3

(אַ קאַרטל)

332 Beekman Ave.
May 9, 1916.

מיין זער טייערער פריינד הער טראַמער!

איך וועל דאָס בעטראַכטן פאַר אַ גרויס פערגעניגן אייך צו עמפפאַנגען ביי מיר צו הויז אַלס גאַסט שבת דעם 13 מאַי אום זעקס אור נאָך מיטאָג. קומט גור, פריינד, איר וועט מיר זיין אַ ליבער און טייערער גאַסט. מיט די פריינדליכסטע גרוסן צו מיין יונגן דיכטער־פריינד
אייער ערגעבנסטער

מאָרריס ראָזענפעלד

נ. ב. נעמט די דריטע עוועניו „ל" און פאָרט ביז 143טע סטריט, דאָן שטייגט אויס און גייט איסט 5 גאַסן. די 5טע גאַס איז ביקמאַן עוועניו.

4

June 6, 1916.

טייערער פריינד הער טראַמער!(1)

מיר טוט זער לייד, וואָס איך האָב אייך ניט געקענט פריער ענטפערן. אייער בריעף האָב איך ערשט ה יי נ ט בעקומען צוגעשיקט צו מיר אויפן דאָרף. מיין פרוי און איך זיינען שוין אין אונזער דאָרפּישע היים צייט לעצטן שבת דעם דריטן יוני. אַ גוטער יאָר אויף אייך! איך האָב זיך מחיה געווען מיט אייער יידישן בריוו. איר שרייבט דאָך אויסגעצייכנט יידיש. שרייבט מיר שטענדיג יידיש. איך בין ניט דזשייקאָב שיף, ביי מיר איז יידיש אַ שפּראַך ווי אַלע שפּראַכן. איך גלויב אויך, אַז מען קען שרייבן און ריידן יידיש און זיין אַ גוטער, געטרייער אַמעריקאַנער. איך האָב דעם סימן אָן זיך. איך האָב ליב אַמעריקאַ מיטן גאַנצן פייער פון מיין נשמה, מיין יידיש שרייבן און יידיש ריידן מאַכן מיר אַמעריקאַ נאָך ליבער.

דען זי שטערט מיר ניט אין מיין יידישקייט און ניט(אָ) קיין צענזור וואָס זאָל מיר שטערן מיינע פרייע געדאַנקען.

מיר טוט לייד, וואָס איך קען אייך מיין ביאָגראַפיע ניט שרייבן. איר געפינט מיין ביאָגראַפיע אין דעם ערשטן באַנד פון מיין ערשטן „סעט", דאָס בוך וואו עס געפינען זיך מיינע בעקאַנטע אַרבייטער און נאַציאָנאַלע לידער „דער שאַפּ", „מיין אינגעלע" א. א. וו. און מיין „אידישער מאַי" און „אויפן בוזים פון ים".

נאַטירליך, צייט יענער קיצור פון מיין ביאָגראַפיע איז נאָך צוגעקומען מיין טריאומף־טור איבער אייראָפּאַ. מיינע פאָרלעזונגען (אַכט מאָל) אין ווין. מיין ערשטע פאָרלעזונג צוזאַמען מיט דעם זעליגן קעניג קייזערליכן שוישפּילער באַראָן אַדאָלף פאָן זאָנענטהאַל. ווייטער האָב איך פאָרגעלעזן אין פראג (בעהמען), בודאַפּעסט און שטראַסבורג (אונגאַרן), קראַקאָו, לעמבערג, פּשעמישל, מינכען, ברעסלאַו, קאַרלסבאַד, פּילזען און צענדליגע אַנדערע שטעט. מיין קורצע ביאָגראַפיע אין מיין דערמאָנטן ערשטן באַנד איז געשריבן פון דעם אידישן געלערטן אַלעקסאַנדער הארקאווי.

יאָ, פריינד, איך האָב געלעזן אייער לעצטעס שרייבן אין „טאָג" און איך גלויב, אַז עס איז כמעט איבעריג פאַר מיר אייך צו זאָגן, אַז איך האָב געהאַט גרויס הנאה. די אונטערשטע שורה איז, אַז איך האָב זיך אין אייך ניט גענאַרט, איך האָב קיינמאָל אין אייער טאַלאַנט קיין טעות ניט געהאַט, איצט האָט איר מיך סתם איבעראַשט מיט אייער יידיש שרייבן. הערט אַ מעשה! אַ ייד נעמט דיר־ניט, מיר־ניט, פון דער העלער הויט און שרייבט יידיש, און גוט אויך איך ווייס אַז דיזער בריוו וועט שוין אַרויסקומען צו שפּעט, אָבער די שולד איז ניט מיינע.

מיט האָכאַכטונג און גרוסן אייער

מאָרריס ראָזענפעלד

נ. ב. גריסט אייער מוטער און שוועסטער פון מיינעטוועגן. מיין קאָנטרי אַדרעס ווייסט איר דאָך

Morris Rosenfeld
Spencertown, N. Y.

(1) אויף אַ בלאַנק פון „אַמעריקאַנער".

# צו אב. קאַהאַנען

אב. קאַהאַן (1951—1860) יידישער און ענגלישער זשורנאַליסט און שריפט־שטעלער איינער פון די באקאנטסטע פערזענלעכקייטן פון דער אַמעריקאַנער יידי־שער אַרבעטער־באַוועגונג און לאַנגיאָריקער רעדאַקטער (1951—1902) פון ניו־יאָרקער „פאָרווערטס״.

Spencertown. N. J. June 25, 1914.

זער געערטער פריינד אב. קאהאן!(1)

איך שיק אייך דאָ אַן אַרטיקל וועגן מיין לעצטן בעזוך אין ניויאָרק, ניצט דאָס געזונדערהייט. ביי דער געלעגנהייט פון שרייבן צו אייך, גלויב איך, אַז עס וועט ניט זיין איבעריג צו זאָגן אַ פּאָר ערנסטע, אויפריכטיגע ווערטער.

כסדר: אַן אמת לאָזט זיך ניט פערלייקענען. עס איז אַן אָפענער סוד דאָס קינסטלער און דיכטער, (דיכטער איבערהויפּט) זיינען שטימונגס מענשן, מערסטנס נערוועזע מענשן. איך בין אין דעם פּרט קיין אויסנאַם. איך בין אָבער אַן ערליכער מענש און אַן אַרבייטזאַמער מענש. עס האָט נאָך ניט פּאַסירט דורך די צען יאָר, וואָס איך שרייב אין „פאָרווערטס״ איר זאָלט פון מיר פערלאַנגען אַ ליטעראַרישע זאַך, וואָס איך זאָל זיך דורך אַ קאַפּריז אָדער סתם דורך עפּעס אַן איינגערעדטע גרויסקייט ענטזאגן צו טאָן.

פּראמפּט און פּינקטליך פלעגט אייער וואונש געשען. מיט דעם גרעסטן פער־געניגן פלעג איך די געווינשטע אַרבייט מאַכן. דאָס, פריינד קאהאן, וועט איר מוזן מודה זיין. אויב עס האָט אַמאָל אפשר פּאַסירט, אַז איך האָב אייך מיט מיין אַר־בייט ניט צוגעטראָפן, עס איז ניט געווען פונקט דאָס, וואָס איר האָט געמיינט, פערזיכער איך אייך אויף מיין ערן וואָרט, אַז מיין כונה איז געווען אַ גוטע, אָבער איך בין דאָך ניט מער ווי אַ מענש, און האָב אייך פשוט ניט געקענט צוטרעפן, איך האָב אָבער פּאָזיטיוו אייך י אָ געוואָלט צופרידן שטעלן.

דאָס איז ערשטנס.

מיט אַ קאַרגן יאָר צוריק האָט דאָס ליידער פּאַסירט, אַז איר האָט מיר גע־מאַכט אַ בעמערקונג אויף מיינע אַ פּריוואַט זאַך, וואָס האָט טיף אין מיר פער־לעצט (ניט דעם שרייבער) דעם מ ע נ ש. דאָס איז געווען וואָס דער ענגליש מאַן רופט „דיה לימיט״. מיט ווייטאָג און נערוועזיטעט בין איך אייך געווען גע־

צוואונגען צו ענטפערן. איך ווייס איצט גאַנץ גענוי, דאָס איר זייט אין דעם אַב־סאָלוט ניט שולדיג געווען. בייזע צינגער, מיינע ניט־פערגינער האָבן אייך דערצו געבראַכט. איר זייט אויך אַ שטימונגס מענש, האָט מען אייך איינגערעדט, אַז... אַז... אַ נעכטיגע וועטשערע!

מיר האָבן אָבער שפּעטער אויסגעפונען, אַז עס איז קיין שום געזונדע אורזאַך ניט דאָ, וואָס זאָל אונז האַלטן פון דער ווייטן. עס איז ווידער אַלץ דינג רעכט גע־וואָן. אָבער ניט נור ר ע כ ט געוואָרן, איך בין אייך שטענדיג געווען אַן א מ ת ע ר פריינד אָן שום הינטערפּיסלאַך און אָן די מינדסטע פ נ י ו ת.

ווען עס האָט זיך מיט אַ פּאָר מאָנאַט צוריק געראַיעט אין אָפיס פון „פּאָר־ווערטס" אונטן(2). און איך בין גראָד געווען דערביי ווי אַ פּאָר גענאָסן האָבן זיך אויסגעדריקט געגן אייך אין אַ טאָן, וואָס איז ניט געווען שיין צו הערן, האָב איך זיי געזאָגט, אַז זיי האָבן אַ ביטערן טעות אויב זיי מיינען, דאָס אָן אייך וועלן זיי אויך זיין אַזעלכע שיסער ווי מיט אייך. איך האָב זיי אויסדריקליך געוואָרנט און געזאָגט, אַז מ י ט אייך האָבן זיי אַ צען ש ט אָ ק י ג ע געביידע, אָבער אָ ן אייך וועלן זיי האָבן אַ צען ש... געביידע און וועלן אונטערבריינגען דעם „פּאָר־ווערטס", וועלכן אייער זשורנאַליסטישע פעאיגקייט און ענערגיע האָבן אַרויף גע־אַרבעט.

אום איר זאָלט זיין איבערצייגט דאָס איך זאָג אייך דעם ריינעם אמתן אמת קענט איר פרעגן גיליסן(3), ער איז געווען דערביי. איר קענט אויך פרעגן העלדן(4) און יאפען אויב איך פלעג ניט קומען עקסטרא טאָג טעגליך אין אָפיס פון „פּאָרווערטס" קעמפן מיט יעדן איינעם, וואָס האָט געוואַגט וועגן אייך צו ריידן מיט גרינג שעצונג. איך וואָלט דאָס געטאָן ווען איר וואָלט מיך אַפילו צובלוטיגט. איך בין אַ פערעהרער פון פעאיגקייט, פון מענשן מיט אָרגינעלע איינפאַלן.

וואָס האָב איך אָבער דערזוען נאָכדעם ווי איר זייט עלעקטעד געוואָרן? עפּעס אַ מין איגנאָרירן־פּאָליטיק! איר דרוקט ניט מער מיינע ב ע ס ט ע געדיכטע. איר זוכט מיר צו „נעמען די געדערים", איר פערשטייט דאָך, אַז איך זוך ניט מער קיין בערימטקייט און פון „אונשטערבליכקייט" לאָך איך זיך אויס. איבערהויפּט לאָך איך פון די אונשטערבליכקייט און בערימטקייט, וואָס אַ ניויאָרקער טעגליכע זשאַרגאָנישע צייטונג קען איינעם געבן... ניט דער „פּאָרווערטס" האָט מיך „גע־מאַכט", ניט ער קען מיך „אָבמאַכן". איך בין שוין אָנגעקומען צום „פּאָרווערטס" אַ געמאַכטער. און וועל שוין אַ געמאַכטער פערבלייבן, אויב העסטער מיט אירע שוועסטער וועט מיך „לעזענען" שבת און זונטאָג אָדער ניט. איך טראַכט גיכער פון אויפהערן שרייבן ווי פון אָנהייבן ווייזן „מאָישען" מיט יאַכנען וואָס איך קען. איך ווייס אָבער סתם ניט אויב איך זאָל גלויבן אייערע פאַלשע אונטער לעקער ביי אייך אין אָפיס, וועלכע האָבן מיר פערזיכערט אויף זייער „עהרן וואָרט", אַז זיי ווייסן

בעשטימט דאָס אייער כונה איז מיך צו פערטרייבן פון „פאָרווערטס”, אַז איר ווילט מיר אַרויסטרייבן פון געדולד כדי איך זאָל אַליין אַוועק גיין(5).

וועל, קענענדיג די חברה, וואָס האָבן דאָס מיר פערזיכערט שווערנדיג דער־ביי מיט שבועות, גלויב איך ניט זייערע ווערטער. איך בין זיכער, אַז איר ווייסט דאָס מען קען מיך ניט אויסטראָשען אַרום און אַרום, און, אַז מיין פעדער איז נאָך אַזוי גוט איצט ווי זי איז געווען מיט 25 יאָר צוריק. איך בעטראַכט זיך נאָך איצט פונקט ווי פריער פאַר דעם גרעסטן אידישן פראָזאַ שרייבער אין אַמעריקאַ און אפשר אין אייראָפּאַ אויך, און מיין פעדער איז נאָך וויציג און בליציג, שאַרף ווי מען דאַרף, פונקט ווי שטענדיג. איך האָב אייך, פריינד קאהאן, געשריבן דיזן בריוו, כדי זיך אַביסל אַראָב צוריידן פון האַרצן. איך האָב ליב דעם „פאָרווערטס” און איר זייט מיר חשוב אַלס איינער פון מיינע ערשטע בעקאַנטע אין אַמעריקאַ און עס ווילט זיך מיר ניט גלויבן די געמיינע אינטריגאַנטן, וואָס שטעקן אייך אַרויס אַ צונג הינטערן רוקן. די דאָזיקע ברואים האָבן קיין כאַראַקטער און קענען קיין פריינד ניט זיין, אָבער איך פערבלייב סיי ווי סיי אייער אַלטער אמתער פריינד

מאָררים ראָזענפעלד

נ. ב. איך האָב ערשט איצט ערהאַלטן אייער בוך וועגן סיאם און... איך ווייס ניט וואָס אייך צו שרייבן. איך גלויב, דאָס ווען איר וואָלט דעם בוך אַליין געלעזן, וואָלט איר זיך אפשר צוויי מאָל איבערלייגט אויב איר זאָלט מיר אים שיקן. דער בוך איז י אָ אינטערעסאַנט און נ י ט אינטערעסאַנט פאַר די ברייטע מאַסן. סיי ווי סיי, איך קען נאָך דערווייל גאָר ניט וויסן ביז איך וועל דעם בוך ניט האָבן אין גאַנצן איבער געלעזן. צען אַרטיקלען אָבער וועט, ווי מיר שיינט, זיין אונמעג־ליך פון דעם בוך צו מאַכן. אַ זעקס אַרטיקלען אָבער גלויב איך י אָ. איך וועל זיך נאַטירליך בעמיען אַרויס צו „פישן” נור די פיקאַנטעסטע שטעלן און דאָס שרייבן אַזוי פּאָפּולער ווי מעגליך, עס זאָל זיין גרינג פאַר צייטונגס לעזער צום צוקאַיען און פערדייען.

מיט הויכאַכטונג און גרוסן פון מיין פאַמיליע און פון מיינע ווייניגקייט. די לופט, די וואַסער, די שטילקייט און די אומגעבונג זיינען דאָ גן־עדנדיק. די איינ־ציגע זאַך, איז דאָס קיין אַטאַמאָביל האָב איך ניט, מיט פערד קען איך זיך ניט אָבגעבן, און שטענדיג צאָלן געלד פאַרן אויספאָרן איז פשוט ניט אויף מיין בייטל, מילא, ליידט מען צו אַביסל, דערויף איז מען דאָך אַ ייד און אַ יידישער שריי־בער דערצו.

---

(1) דער בריוו איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן דורך אַ צופאַל. אב. קאהאן האָט דעם בריוו דערהאַלטן אין דער „פאָרווערטס”־רעדאַקציע און נאָכן איבערלייענען האָט ער אים צעריסן און

אַריינגעוואָרפן אין פּאַפּיר־קאַרב. דער דיכטער און הומאָריסט י. אַדלער (ב. קאָוונער), אַ מיט־אַרבעטער פון „פאָרווערטס" האָט זיך פונקט דאַמאָלס געפינען אין רעדאַקטערס קאַבינעט. ווען אַב. קאַהאַן איז אַרויס פון צימער האָט אַדלער צונויפגעקליבן די צעריסענע טיילן, זיי צוזאַמען־געקלעפּט און מיט יאָרן שפּעטער האָט ער דעם צונויפגעקלעפּטן בריוו איבערגעגעבן דר' שאַצקין, וואָס האָט דאַמאָלס געקליבן ראָזענפעלדס בריוו. י. אַדלער, דרך אגב, איז געווען פון די געציילטע יידישע שרייבערס, וואָס זיינען געווען איינגייערס אין מאָריס ראָזענפעלדס הויז. מרדכי דאַנציס דערציילט אין די זכרונות וועגן ראָזענפעלדן, אַז דאָס ערשטע מאָל וואָס ער, דאַנציס, האָט געזען דעם דיכטער איז געווען ווען אַדלער האָט אים מיטגענומען מיט זיך אויף אַ זונטיק באַזוך (מ. דאַנציס, אַ פערטל יאָרהונדערט באַגעגעניש מיט מאָריס ראָזענפעלדן, דער טאָג, ניו־יאָרק, דעם 15טן יולי, 1933).

אַב קאַהאַנס בריוו וואָס מיר ברענגען דאָ ווייטער, איז אַן ענטפער אויף ראָזענפעלדס בריוו. קאַהאַנס בריוו געפינט זיך אין דער ראָזענפעלד־קאָלעקציע, וואָס קלמן מרמר האָט איבערגעגעבן דעם ייוואָ־אַרכיוו. דער בריוו, וואָס איז אָן אַ דאַטע איז אַוודאי געשריבן אַרום סוף יוני אָדער אָנהייב יולי 1914.

ליבער פריינד ראָזענפעלד!

אייער בריוו האָט מיר פאַרשאַפט שמערצן און איך מוז אייך זאָגן גלייך פון אָנהייב, אַז איר האָט אַ טעות אין דער גאַנצער געשיכטע. עס איז פונקט פאַרקערט ווי איר מיינט. איך בין גראָד דער וועלכער האָלט אימער אין שרייען און באַווייזן, אַז איר זייט נאָך עד היום דער גרעסטער אידישער פּאָעט. איר זייט אין פּראַקטישן לעבן זייער נערוועז און קורצזיכטיק, ווי פילע פּאָעטן. דעריבער באַמערקט איר ניט וואָס עס טוט זיך און טייטשט ניט דעם פשט לויט דעם אמת. איר דערמאָנט דעם פאַקט אַז מיט העכער ווי אַ יאָר צוריק האָבן מיר ביידע זיך צעווערטלט און איר גלויבט, אַז איך קען דאָס נאָך אַלץ ניט פאַרגעסן. ווי קינדעריש דאָס איז! איך פאַרזיכער אייך ווי אַפילו דאָן האָט דאָס אויף מיר ניט געהאַט קיין שום ווירקונג אין באַצוג אויף אייער שרייבן. איך בין נאַטירלעך געווען זייער באַליידיקט, אָבער איך האָב זיך געקלערט, אַז איר זייט אימער אַ היציקער, נערוועזער מענטש און אַז אויף אייער טעמפּעראַמענט קען מען ניט בויען. היינט זייט איר אַזוי און מאָרגן פונקט פאַרקערט, ווי פילע פּאָעטן. ווען איך וואָלט וועלן זיך „אָפּרעכענען" וואָלט זיך דאָס אויסגעדריקט דאָן. עס איז אַבסאָלוט לעכערלעך. איך האָב דאָס קיינמאָל אין זין ניט געהאַט, און מיינע פאַרהעלטניסע צו אייך זיינען היינט אַבסאָלוט דיזעלבע ווי מיט זעקס אָדער זיבן יאָר צוריק. איך פאַרזיכער אייך.

איך האַנדל לויט די פאָדערונגען פון דער רעדאַקציאָן. דער עולם איז אַ קאַפּריזנער און זיין געשמאַק אָדער אינטערעס קען מען נאַטירלעך ניט איגנאָרירן. איר דאַרפט ביי זיך גאָרניט זיין געפאַלן. עס טרעפן געוויסע מאָמענטן אין דער קאַריערע פון אַלע שרייבער, און אין אייער פאַל וועט אַלץ זיין אַללרייט ווען איר זאָלט נאָר די זאַך פאַרשטיין געלאַסן און רואיק און ניט זיך פאַרשטעלן גאָט וויים וואָס און וואַרפן אַלערליי קינדערשע בלבולים. די פליכט פון אַ רעדאַקטער איז צו וואַטשען (היטן) די לעזער. מיר מוזן זיי לערנען, און צו דיזן צוועק גופא מוזן מיר זיך צוהערן צו זייער שטימע. גראָד האָט זיך געמאַכט, אַז איר האָט אַ געוויסע צייט אָפּגעלאָזן די לייצעס און געשריבן זאַכן וואָס האָבן ניט אינטערעסירט. אייערע אַרטיקלען וועגן מויל, נאָז, אויערן א. ז. וו. אין אייער סעריע וועגן „נודניקעס" זיינען ערשינען אין דעם פעריאָד. וואָס מען זאָגט אייך פערזענלעך האָט קיין באַדייטונג ניט. קיין שרייבער הערט קיינמאָל ניט דעם אמת. אָבער איך, אַלס רעדאַקטער, האָב באַקומען מאַסן בריוו פון פאַרשידענע ערטער; איך האָב געהאַט

באַריכטן פון אונדזערע אַגענטן און פון אַלערליי אַנדערע קוועלע, און אַלץ האָט אַנגעדייטעט אויף דאָס זעלבע — אַז די טעמאָס און דער אָרט באַהאַנדלען מאַכט ניט קיין גוטן איינדרוק. איך האָב אַלץ פון אייך באַהאַלטן. איך האָב אייך ניט געוואָלט אָנטאָן קיין שמערצן. אָבער איך האָב אימער אַרגומענטירט צו גונסטן פון אייער שרייבן, געשריבן וועגן אייער טאַלאַנט. וועגן די גערדיכטע האָט מען פון אַלע זייטן ערקלערט, אַז עס איז ניט דער אַמאָליקער ראָזענפעלד, אַז עס איז ניט אינטערעסאַנט צו לעזן. און די אורזאַכע איז געווען, וואָס אנשטאָט פּאָעזיע אָדער הומאָר (אין די פעליעטאָנען) האָט איר זיך אַריינגעלאָזן — אין ביידע אַרטן שרייבן — אין באַטראַכטונגען, און האַלב־פעליעטאָניסטישע געדאַנקען. דאָס איז אָבער גוט פאַר קאַלטע, טיפע דענקער, ניט פאַר פּאָעטן אָדער הומאָריסטן. מען פלעגט פון אייך געוואוינט זיין צו זען ווי עס שפּריצט מיט פּאָעזיע אָדער מיט שפּאַס, און אנשטאָט דעם האָט מען באַקומען באַטראַכטונגען און דאָס איבער טעמאָס, אין וועלכע עס האָט ניט געקענט אַרויסקומען קיין גוטער רעזולטאַט. אַלזאָ בין איך איבערגעוואָלט געצוואונגען געווען צו האַנדלען ווי איך האָב געהאַנדלט. אָבער עס איז ניט געפעלט. איך האָב זיך באַראָטן מיט פייגענבוימען און מיט נאָך אַ קאָמפּעטענטע פּערזאָן און איך אַליין האָב געוויסע פּלענער. עס איז אַ פראַגע פון טעמאָס. פּאָעזיע קען מען אַ ווײַלע געבן וואָס זעלטענער, וואָרעם דאָס איז איבערהויפּט ניט קיין אַרטיקל פאַר אַ טעגלעכע צייטונג (אין די גרויסע בלעטער פון די אומות העולם דרוקט מען קיין גערדיכטע כמעט גאָר קיינמאָל ניט. מען דרוקט זיי אין זשורנאַלן) און פאַר אַרטיקלען וועל איך שיקן אַ ליסטע מיט טעמאָס, וועלכע זאָלן געוויס אינטערעסירן. דאָס קען איך היינט נאָך ניט טאָן, אָבער אין אייניקע טעג אַרום וועט איר אַזאַ ליסטע פון מיר ערהאַלטן. פאַרלויפיק אויב עס לאָזט זיך שרייבן פון סיאַם, פערטיקט צו עטלעכע אַרטיקלען. אויך קען איך אייך צושיקן אַ בוך וועגן עפּעס אַן אַנדער אינטערעסאַנט לאַנד.

אגב אורחא, אום אייך צו באַווייזן ווי לעכערלעך עס איז אייער טעאָריע, אַז איך האָב אויף אייך אַ כעס און אַז דאָס שטאַמט פון דעם פאַראַיאָריקן צעווערטלען זיך, וועל איך אייך זאָגן דאָס פאָלגנדע. איך האָב אויפגעהערט פון אייך צו פאָדערן די דריי אַרטיקלען אַ וואָך, וועלכע אונדז קומט פון אייך, נאָך מיט אַ יאָר צוריק. איך האָב אייך ניט געוואָלט אָנטאָן קיין שמערצן מיט ערקלערונגען, אָבער איצטער צווינגט מיר אייער בריוו אייך צו זאָגן, אַז מען האָט פון אַלע זייטן געלאָזט וויסן אַז עס ווערט שוין אַביסל Too much Rosenfeld (צופיל ראָזענפעלד).
איך ווייס אַז אייער טאַלאַנט איז גרויס, אַז אייער איינבילדונגס־קראַפט איז לעבעדיק און אָריגינעל ווי אַמאָל, אָבער איר האָט אַ געוויסע צייט „אָפּגעלאָזן די לייצעס", ווי איך האָב זיך שוין אויסגעדריקט, און דעריבער האָט דער עולם פאַרלאָרן אַביסל פון זיין אינטערעס. מען מוז ערשטנס דעם פובליקום לאָזן זיך אַביסל אָפּרוען, און צווייטנס מוז מען זיך נעמען פאַר גוטע טעמאָס. אַלץ וועט רעכט ווערן; איך פאַרזיכער אייך, אַז איך האָב צו אייך די בעסטע געפילע, און אַז וואָס איר שטעלט זיך פאָר איז אַ „נעכטיקער טאָג". שלאָגט זיך אַלץ אַרויס פון קאָפּ. ערשטנס קומט דאָך אייך אַ וואַקיישאַן (וואַקאַציע) און צווייטנס וועלן מיר זיך נעמען צו אַזעלכע טעמאָס, אַז דער עולם וועט ווידער זיך כאַפּן לעזן מיט אינטערעס. גלויבט מיר אין דעם וואָס איך זאָג. איך זאָג אייך דעם אמת און איך, אַלס רעדאַקטער, ווייס דעם אמת. איך בין עד היום איינער פון די גרעסטע Admirers (פאַרערער) פון אייער טאַלאַנט. דאָס ווייס יעדער.

זייט זשע געזונט און מונטער און גריסט אייער פרוי מיט אייער סימפּאַטישע טאָכטער

אייער אב. קאַהאַן.

(2) אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פון די שניידערס איז דאַמאָלס געווען אַ גרויסע אָפּאָזיציע צום „פאָרווערטס" מחמת אַ פאַרשפּילטן סטרייק. די שטימונג קעגן „פאָרווערטס" איז

אויסגענוצט געווארן פון דער „ווארהייט" און די אפאזיציאנעלע שטימונגען האבן זיך אריבער־געטראגן אין א סך אנדערע יידישע פראפעסיאנעלע פאראיינען. עס איז ניט געווען קיין זעלטענע דערשיינונג דאמאלס צו זען פארן „פארווערטס" פיינטלעכע דעמאנסטראציעס, וואס האבן זיך פארענדיקט מיטן אויסהאקן שויבן אין דער „פארווערטס"־געביידע. (זע אב. קאהאן, בלעטער פון מיין לעבן, ב. 5, ז. 253—278).

(3) אב. גילים און יאפפע זיינען געווען טוער פון דער יידיש־סאציאליסטישער באוועגונג אין ניו־יארק און מקורבים צום „פארווערטס".

(4) אדאלף העלד א באקאנטע פיגור אין דער יידישער ארבעטער־באוועגונג אין אמעריקע. ער איז 1912—1917 געווען נייס־רעדאקטער פון „פארווערטס" און שפעטער געשעפטס־פארוואל־טער פון דערזעלביקער צייטונג. זינט 1928 איז ער דירעקטאר פון דער „אמאלגאמייטעד" באנק אין ניו־יארק.

(5) אין א ברייו צו יחזאל לעוויטן, וואס ווערט דא פארעפנטלעכט אביסל ווייטער זאגט ראזענפעלד, אז ער האט „מיטן געלן זשורנאליסט קאהאן ניט געקענט אויסקומען, האב א שפיי געטאן און בין אוועק". ווי ס'זעט אבער אויס איז ר. געצוואונגען געווארן צו פארלאזן דעם „פארווערטס".

# צו דר׳ יחזקאל לעוויטן

דר׳ יחזקאל לעוויט (1878—1945), פובליציסט, רעדאַקטאָר, פּאָעט און דראַ־מאַטורג. געשריבן רוסיש, ענגליש, העברעאיש און יידיש. 1914 האָט ער אַרויס־געגעבן אין באָסטאָן אַ וואָכנבלאַט „די באָסטאָנער אידישע שטימע״, וואו מאָריס ראָזענפעלד האָט אָפּגעדרוקט אַ צאָל סאַטירישע לידער.

1

"Belle Rose Farm", Spencertown, N. Y.
May 16, 1914.

זייער געערטער פריינד לעוויט!

אייער פּאָסט קאַרטע איז אָנגעקומען צו מיר אויפן דאָרף. מערקווירדיג, איך האָב מיט אַ קורצע צייט צוריק ניט געוואוסט וואו איר זייט הין געקומען, ביז אַ בעקאַנטער האָט מיר געזאָגט, אַז איר זייט אין באָסטאָן און גיט דאָרט אַרויס אַ צייטונג.

מיר טוט לייד וואָס איר האָט נאָך מיינע לעצטע דריי ביכער ניט געזען, עס איז איצט פונקט אַ יאָר ווי זיי זיינען ערשינען. ליידער בין איך אויפן דאָרף, וואו איך האָב זיי ניט און קען זיי אייך ניט שיקן. איך בין סיי ווי סיי ניט דער גאַנצער בעל־הבית איבער זיי און קען זיי ניט געבן וועמען איך וויל. די ביכער בעלאַנגען צום „פאָרווערטס״. ווען עס וועט ערשיינען מיין נייעס ווערק, וואָס איז איצט אין דרוק, וועל איך עס אייך פּאָזיטיוו גלייך צושיקן, ווייל אויף דיזעס ווערק בין איך אַליין אויך אַ שטיקל בעל דעה.

טאָקע וועגן דאָס דאָזיקע ווערק וויל איך אייך שרייבן. איך האָב ערשט מיט דריי וואָכן צוריק פערקויפט צום פערלעגער דאָקטאָר מ. גורעוויטש אין ניו־יאָרק אַ נייעם בוך מיטן נאָמען „דאָס בוך פון ליעבע״. דאָס איז אַ בוך פון געדיכטע, ליעבעס־געדיכטע אין צוויי טייל, געבונדן אין איין באַנד. דער ערשטער טייל הייסט „ליעבע, ליידענשאַפט און זינד״ און ענטהאַלט אַלע ליעבע־לידער, וואָס איך האָב אויף מיין לעבן געשריבן און וואָס זיינען נאָך קיינמאָל אין אַ בוך־פאָרם ניט ער־שינען. דער צווייטער טייל בעשטייט פון גאַנץ „שיר השירים״ אין גערייםטער נאָכ־דיכטונג. איך בין זייער שטאָלץ אויף דער דאָזיגער איבערזעצונג און בעטראַכט דאָס אַלס איינע פון די בעסטע אַרבייטן פון מיין לעבן.

דאָס בוך וועט ענטהאַלטן פולע 300 „פיידזשעס”, שיין געדרוקט און געבונדן און וועט מן הסתם קאָסטן 80 סענט. דאָס וועט זיין לויט מיין מיינונג די שענסטע ליטעראַרישע מתנה פאַר אונדזער יידישער יוגנט. ביי אַלע פעלקער זייגען אַזעלכע לידער דאָ, ביי אונדז יידן אָבער האָבן זיי ביז איצט געפעלט, נו, זאָלן זיי איצט ביי אונדז אויך זיין. איך וואָלט אייך געשיקט מיין בילד, בין איך אָבער אויפן דאָרף און האָב עס ניט מיט זיך. דער "Belle Rose Farm" אויף וועלכן איך געפין זיך איצט, און וועלכער איז ביי דעם זוים פון די „בוירק שיער” בערג, קאָלאָמביאַ קאָונטי, נ. י. איז טאַקע מיין אייגענער. איך האָב דעם פאַרם געקויפט און בע־צאָלט, כדי איך זאָל האָבן וואו זומער צו וואוינען, ווייל איך בין זייער נערוועז און דאָקטוירים האָבן מיר געראָטן זומער ניט צו זיין אין ניו־יאָרק. איך בעאַרבייט ניט דעם פאַרם, איך געברויך דאָס נור אַלס אַ זומער־וואוינונג. דער פאַרם איז ניט גרויס, בלויז צען אַקער לאַנד און אַ הויז. דאָס איז זעקס דאָלאַר רייזע פון ניו־יאָרק הין און צוריק מיטן אייזנבאַן. דריי דאָלאַר איין וועג. איך קום דאָ, ווייל מיין וויב האָט דאָ אַ ברודער אַ פאַרמער, אָבער טאַקע אַן א מ ת ן פאַרמער.

מיין בוך האָף איך זאָל פאַרטיג ווערן אַרום אָנפאַנג סעפּטעמבער, דאַן וועל איך פּאָזיטיוו צושיקן אַ קאָפּיע.

מיט די פאַרציגליכסטע גרוסן אייער גאַנץ ערגעבנסטער

מאָררים ראָזענפעלד

2

"Belle Rose Farm", Spencertown, N. Y.
May 31, 1914.

זייער טייערער פריינד לעוויט: —

איך דאַנק אייך זייער פאַרן שיקן מיר אייער ווערטע צייטונג. זי געפעלט מיר זייער גוט. זי איז, וואָס מען רופט „אַן אמת יידישע צייטונג”. אַזוי ווי איר זייט גוט צו מיר וויל איך ניט זיין שלעכט צו אייך. איך שיק דאַרום אייגעם פון מיינע געלונגנסטע נאַטור־לידער איצט געשריבן טאַקע אויף מיין אייגענעם פאַרם. ניצט דאָס געזונדערהייט נור זעט, עס זאָל געדרוקט ווערן אַן גרייזן.

מיט הויכאַכטונג און גרוסן

אייער גאַנץ ערגעבנסטער

מאָררים ראָזענפעלד

3

1421-29 Crotona Ave., Bronx, N. Y.
August 9, 1914.

זייער טייערער און פערערטער פריינד יחזקאל לעוויט!

אַזוי ווי איך בין געצוואונגען צוליב געשעפט און אויך צוליב מיינע צייטונגס־אַרבעט (איבערהויפּט צוליב מיין נייעם ווערק, וואָס איז איצט אין דרוק, „דאָס בוך פון ליעבע”) צו זיין אין נויאָרק און ניט אויף מיין פאַרם, וואו מיין פאַמיליע געפינט זיך, האָב איך ערשט היינט, קומענדיג אויף אַ קורצן בעזוך אויפן דאָרף, געפונען אייער ווערטע פּאָסט קאַרטע.

ווי אייך איז געוויס בעקאַנט בין איך אַוועק פון „פאָרווערטס” און שרייב איצט נור פאַרן „טאָגעבלאַט”. איך האָב מער מיט דעם „געלן” זשורנאַליסט קאַהאַן ניט געקענט אויסקומען, האָב אויף אים אַ שפּיי געטאָן און בין אַוועק(1).

איך בין ניט געגן אַרבייטער, אָדער געגן וויסנשאַפטליכן סאָציאַליזמוס, וועלכן אונזערע יידן האָבן געגרינדעט. איך בין אָבער געגן שונד־זשורנאַליזמוס, געגן אַנטיסעמיטיזמוס און געגן פּאָרנאָגראַפיע (זנות), וואָס פילן אויס די שפּאַלטן פון „פאָרווערטס”. איך בין אַ ייד און וועל אַלס אַזעלכער פערבלייבן, איך בין אַ ליטעראַט און קען זיך מיט שונד ניט חברן, דערפאַר בין איך אַוועק פון דער רויט־געלער קלייזל, האָב אַ פייף געטאָן אויפן „צענטן שטאָק”, וואו די זנות־רעדאַקציע געפינט זיך, און בין אַוועק צווישן יידן.

וועגן מיין „בוך פון ליעבע” קען איך אייך, פריינד, שרייבן, אַז ער וועט ערשיינען אָנפאַנג סעפּטעמבער. דאָס וועט זיין דאָס ווערק פון מיין לעבן און דאָס איינציגע פון דעם אַרט אין דער יידישער ליטעראַטור. „דאָס בוך פון ליעבע” וועט זיין אַ פרייד און אַ גייסטיגער גענוס פאַר אונזער יידישער יוגנט. זיי האָבן שוין לאַנג געדאַרפט האָבן אַזאַ בוך. ער האָט זיך אַביסל פאַרשפּעטיגט, אָבער דאָך ניט צו שפּעט.

אייער פריינדשאַפט איז מיר ליב און אייער צייטונג, וועלכע איז אַן אמת יידישע און וועלטליכע צייטונג, איז מיר אויך ליב. איך לעז איר שטענדיג מיט פאַרליבע. ליידער האָב איך קיין צייט פאַר אייער בלאַט צו שרייבן, ווייל איך בין זייער, זייער אַ פאַרנומענער מענש, אָבער איך זאָג זיך ניט אָב דערפון. איר מעגט רעכענען אויף מיין בייטראַג, ווייל, ווי געזאָגט, אייער בלאַט איז מיר טייער. איך וועל אייך שיקן מיין בילד ווי גיך איך וועל נור קומען צוריק אַהיים אין נויאָרק.

ניין, פריינד, אייער בלאַט אין וועלכן עס איז געוועזן געדרוקט אַן איבערזעצונג פון מיינעם אַ געדיכט, האָב איך ניט ערהאַלטן. טוט מיר אַ טובה און שיקט דאָס מיר צו. זיך אומקערנדיג צו מיין ערשטן ענין דער רויט־געלער „פאָרווערטס”

מוז איך אייך זאָגן, אַז איבערהויפּט האָט מיך דאָרט אָבגעעקלט דער וואולגאַרער אַזוי גערופענער „הומאָר", ספּעציעל אָנגעמאָסטן פאַר קרעטשמעס און פאַרן מאַרק, יאָ, פאַר די נידעריגסטע, געזונקענסטע קלאַסן, וואָס זוכן ניט קיין אמתן, קלאַסישן הומאָר צום שמייכלען אָדער לאַכן, זאָנדערן באַלאַגאַנסטינע, וואָס זאָל זיי מאַכן הירזשען ווי די פערד.

ניין, איך קען זיך ניט צוריק האַלטן פון צו שיקן אייך עפּעס אַ שיינע זאַך. איך שיק אייך דאַרום מיין ליד „די טויטע ערד" און ניצט דאָס געזונדערהייט. זעט, אַז דאָס זאָל אַרויס קומען אָן גרייזן!

מיט די פאָרציגליכסטע גרוסן אייער אמתער פריינד

מאָררים ראָזענפעלד

נ. ב. געדענקט נאָכאַמאָל, אַז דאָס געדיכט זאָל אַרויסקומען אָן גרייזן!! איר קענט דיזן בריוו דרוקן אויב איר ווילט. איך ערלויב דאָס אייך. איך גלויב, אַז דאָס וואָלט געמאַכט אַ סענסאַציע.

---

(1) פגל. בריוו צו אב. קאהאנען.

4

1421-29 Crotona Ave.
Bronx, New York, N. Y., Aug. 19, 1914.

זייער טייערער פריינד י. לעוויט!

ענטשולדיגט מיין פערשפּעטיגטן ענטפער. איך האָב ניט געקענט בעקומען מיינעם אַ בילד פאַר אייך. איך (האָב) זיך שוין מערערע מאָל פאָטאָגראַפירט, אָבער די בילדער ווערן פון מיר צוגענומען און איך האָב זיי ניט. איך האָב געמוזט גיין זוכן ערגעץ מיין בילד אויף אַ פּאָסט קאַרטע אין אַ דייטשע קונסט־אַנשטאַלט, איך שיק עס אייך דאָ, ניצט דאָס געזונדערהייט. ביטע, שיקט מיר ניט מער אייער ווערטע צייטונג אויף מיין דאָרף־אַדרעס, ווייל איך בין יעצט אין שטאָט און איך וויל לעזן אייער בלאַט. שיקט דאָס מיר אויף דעם אַדרעס, וואָס איר געפינט אויבן אויף דיזן בריוו.

געוויס, געוויס וועל איך אייך צושיקן סאַטירישע לידער, וואָס וועלן מאַכן אַ „היט", נור זייט אַ ביסעלע געדולדיג, פריינד, ווייל איך בין זייער, זייער בעשעפטיגט. איך האָב אַ גאַנצע סעריע סאַטירישע געדיכט מיטן נאָמען די „רויט־געלע

שרייבאַרניע״. איך האַלט דאָס אַריינצונעמען אין אַ זאַמלונג, אָבער איך וועל דאָס אייך פּאָזיטיוו צושיקן.

מיט הויכאַכטונג אייער גאַנץ ערגעבנסטער

מאָררים ראָזענפעלד

נ. ב. איך האָב שיער פאַרגעסן אייך צו גראַטולירן צו אייער פּערקויף פון אַ דראַמאַ צו אדלערן, איך ווינש אייך גרויס ערפאָלג.

5

1421-29 Crotona Ave.
Bronx, New York, N. Y., Aug. 24, 1914.

זייער טייערער פריינד מר׳ י. לעוויט!

מיר טוט זייער לייד, וואָס איך קען אייך קיין בילד מיינעם ניט שיקן, ווייל איך האָב דאָס פּשוט ניט. איך האָב זיך שוין אפשר 50 מאָל פאָטאָגראַפירט און מען האָט די בילדער פון מיר אַלץ צוגענומען. שרייבט אייער ארטיקל און דרוקט אים אָן אַ בילד. וואָס זאָל מען טאָן?

איך שיק אייך דאָ דערווייל די ע ר ש ט ע ד ר יי לידער פון מיין סאַטי־רישע סעריע „די רויט־געלע שרייבאַרניע״. דאָס קעפּל „די רויט־געלע שרייבאַר־ניע״(1) מוזט איר אויפזעצן איין מאָל פאַר אַלע מאָל, נאָכדעם קענען גיין די פער־שידענע „סאָב העדינגס״ (אונטער־קעפּלעך). דרוקט די פּאַרלויפיקע דריי לידער לויט פאָלגנדע אָרדענונג: פריער „שונד־רעדאַקטערס טענה״, דאַן — „שונד־רע־דאַקטער צום סקיצן־שרייבער״ און דאַן — „צום הומאָריסט״. זעט נור עס זאָלן אין די געדיכטע קיין דרוק־פעלער ניט זיין און איך וועל אייך צושיקן נאָך אייניגע לי־דער פון דער זעלביגער סעריע.

איך דאַנק אייך פאַר אייערע גוטע ווערטער וועגן מיר אויף אייער ענגליש פיידזש.

אייער מאָררים ראָזענפעלד

(1) צווישן די ביכער וואָס ראָזענפעלד האָט פאַרן טויט געגרייט צום דרוק, האָט זיך אויך געפונען אַ בוך „כעס און שמייכל״ — סאַטירעס, הומאָר, סאַרקאַזם, וויצן און עפּיגראַמען. די גרעסטע אָפּטיילונג אין דעם בוך איז געווען אונטערן טיטל: „די שרייבאַרניע — סאַטירן איבער געלע בלעטער, שונד רעדאַקטערס און שונד רעדאַקציעס״. אַלס מאָטאָ צו דעם בוך האָט ראָזענפעלד

אוועקגעשטעלט דעם פסוק: „אין שלום אמר ה׳ לרשעים" (זע קלמן מרמר פון מאָריס ראָזענפעלדס ליטעראַרישער ירושה פּנקס, ניו־יאָרק, ב. 1, ז. 200). דער כתב־יד פון „כעס און שמייכל" איז איצטער אַ טייל פון דעם ראָזענפעלד עזבון אין ייוואָ־אַרכיוו.

## 6

1421-29 Crotona Ave.
Bronx, New York, N. Y., Sep. 8, 1914.

**זייער געערטער פריינד יחזקאל לעוויט!**

איך טו אייך צוליב און שיק אייך נאָך פיר לידער. שפּעטער וועל איך אייך צושיקן נאָך. האָט ניט קיין זאָרג, איך וועל האַלטן מיין פערשפּרעכן. כסדר: — צום ע ר ש ט ן זאָלט איר דרוקן די סאַטירע

1) „שונד־רעדאַקטערס אַרגומענט". דאַן, אַזוי:
2) „צירקולאַציע".
3) „שונד רעדאַקטער וועגן טאַלאַנט".
4) „שונד רעדאַקטער צום דיכטער".

מיין בוך וועט ערשיינען אַרום ענד פון דיזן חודש (סעפּטעמבער). ווי גיך דער בוך וועט ווערן געבונדן וועל איך אים צושיקן. איך וואָלט אייך נאָך געשריבן, אָבער איך בין אַזוי בעשעפטיגט, אַז איך מוז שליסן דעם בריוו.

מיט גרוסן אייער

מאָרריס ראָזענפעלד

## 7

1421-29 Crotona Ave., Bronx, N. Y., September 27, 1914.

זייער געערטער פריינד י. לעוויט,

ווי איך ווייס, האָב איך אייך צוגעשיקט ז י ב ן לידער. אין אייערע ציי־טונגען, וואָס איך האָב ערהאַלטן, האָב איך נאָר געזען 2 לידער (פון די סאַטירן) אָפּגעדרוקט. ווען איך וועל זען געדרוקט אַלע ז י ב ן, וועל איך אייך צושיקן נאָך.

מיין בוך וועט פריער ווי דעם קומענדיקן פרייטאָג אָדער שבת ניט ערשיינען. איך וועל אייך צושיקן אַ קאָפּיע. ביילינגנד וועט איר געפינען אַ קורצע בישריבס

וועגן אייער בלאַט וואָס איז אַלט געוואָרן איין יאָר. איך גלויב, אַז די עטלעכע צײַלן וועלן אייך געפעלן.

כסדר: איך וואָלט אייך וועלן בעטן אַ שטיקל טובה, אויב מעגלעך. נעמלעך: איר ווייסט דאָך, פריינד, אַז אַ גרויסע טייל פון מיין חיונה מאַך איך פון עפנטלעכע פאָרלעזונגען. איך האָב שוין גענוג מאָל געלעזן אין באָסטאָן אויך. איך האָב שוין געלעזן אין טרימאָנט טעמפל, אין די גרויסע באָסטאָנער טעאַטערע און אין האַר־וואַרד קאָלעדזש. ווי מיינט איר, ווען איר זאָלט זיך זען מיט אייניגע איינפלוסרייכע יידן אין באָסטאָן, אַז מען זאָל פאַר מיר אַראַנזשירן אַ גרויסע פאָרלעזונג, אַז איך זאָל קענען פאַרדינען? געדענקט זשע, דאָס דאַרף ניט זיין אַ פראַגע פון געבן מיר כבוד, אונשטערבלעכקייט... נאָר פשוט שטערבלעכע דאָלאַרס, ווייל איך מאַך פון שרייבן אַליין ניט קיין לעבן. דערצו וואָלט איך פשוט וועלן פטור ווערן פון די טייטנדע צייטונגס־שרייבעריי, וועלכע דערהרגעט מיר קערפּער און גייסט. רעדט זיך דורך מיט אונזערע געמיינזאַמע פריינד קריסטן און יידן, אפשר וואָלט מען געקענט עפּעס טאָן? באַדענקט זיך, פריינד, וועגן דעם און שרייבט מיר.

מער קיין נייס פאָרלויפיק. דערוואַרטנדיק פון אייך אַ גינסטיקן ענטפער, פער־בלייב איך אייער אויפריכטיקער,

מאָרריס ראָזענפעלד

8

1421-29 Crotona Ave.
Bronx, New York, N. Y., Oct. 4, 1914.

זייער געערטער פריינד י. לעוויט: —

איך שיק אייך דאָ נאָך צוויי סאַטירן פון דער לויפנדער סעריע „רויט־געלע שרייבאַרניע". שיקט מיר צו אַ בריוו מיט די נעמען פון אַלע לידער פון דיזער סעריע, וואָס איך האָב אייך געשיקט, וועל איך וויסן וואָס איך האָב ווייטער צו טאָן, דען איך האָב פערגעסן וואָס איך האָב אייך געשיקט.

איך דאַנק אייך זייער פאַר אייער פערשפּרעכן צו זען וועגן אַ פאָרלעזונג פאַר מיר אין באָסטאָן.

מיין בוך איז שוין פאַרטיק, נור עס איז אונמעגליך אים אַרויס צו קריגן פון בוכבינדער, אַזוי ווי פון פעד. ערשט אין אַ וואָך אַרום וועלן מיר בעקומען פון בוכ־בינדער געבונדענע ביכער. איך האָב דערווייל געלאָזט בראָשירן אַ הונדערט ביכער, נ י ט פאַרן מאַרקעט נאַטירלעך, נור פאַר דער פּ ר ע ס ע. די ביכער צום פערקויף זיינען אַלע אַרטיסטיש געבונדן מיט אַ ספּעציעלע „עדישאַן דע לוקס", אַ

פרעזענט אויסגאַבע, ווי איר וועט דאָס זען פון דעם בייגעלעגנדער אַנאָנסע. איך שיק אייך דאַרום אַ ניט געענדיקטע קאָפּיע; אַ ניט־געבונדענע, זאָנדערן אַ ב ר ו־ ש י ר ט ע, בלויז פאַר דער פּרעסע. נאַטירלעך צום אינהאַלט האָט דאָס ניט. דער אינהאַלט איז דער זעלביגער.

מיט גרוסן און די בעסטע ווינשונגען, אייער

מאָרריס ראָזענפעלד

9

1421-29 Crotona Ave., Bronx, New York, N. Y.
Oct. 17, 1914.

זייער געערטער פריינד לעוויט!

אייער בריוו פון 16טן אָקטאָבער האָב איך ריכטיק ערהאַלטן. מיך האָט גע־פרייט צו פאַרשטיין, אַז די קראַנקהייט'ס טראָבלס אין אייער פאַמיליע איז שוין איבער. ליבער פריינד, אַ קאָפּיע פון מיין בוך(1) ספּעציעל געבראָשירט פאַר דער פּרעסע, ס'הייסט פאַר אַלע צייטונגען און זשורנאַלן, האָב איך אייך אַליין צוגעשיקט. נון, ווייס איך ניט אויב איר האָט עס ערהאַלטן אָדער ניט. איך וויל זיך מיט דעם פערלעגער ניט דולן אום אים צו בעטן טובות, אַז ער זאָל מיינע פריינד שיקן עדישאָן דע לוקס ביכער. ער איז אַ האַרט יידל און קען מיך ניט פאָלגן אויך און איך וועל נור אַוועק גיין פון אים מיט אַ „נאָז".

וואָס האָבן מיר ביידע אַלס פריינד צו טאָן מיט אַ פּאָבלישער? די היפּש זאַך בין א י ך דאָך און ניט דער פערלעגער. שרייבט וועגן דעם ליטעראַרישן ווערט פון דעם בוך און ניט וועגן זיין איינבאַנד. שלאָגט זיך דער חז... פּאָבלישער קאָפּ אָן דער וואַנט!...

יאָ, פריינד. וויליאם דיען האועלס האָט אַמאָל געשריבן וועגן מיר אַ גרויסן אַרטיקל(2) און האָט איבערזעצט אין בלאנקע פערזן מיין געדיכט „וואָס איז די וועלט?" איך גלויב, אַז האועלס איז שוין זייער אַן אַלטער מאַן(3) און פערשטייט אַפילו ניט אויף ווי ווייט מיר מעגן זיך ערלויבן אים צו באַדערן. נור איך בין זיכער, אַז אין דעם ווייסט איר בעסער ווי איך. איר זייט מיט די לייט נעענטער. איך פער־לאָז זיך דאַרום אין גאַנצן אויף אייך.

איר וואָלט מיר געטאָן אַ גרויס געפעליקייט ווען איר וואָלט מיר צוגעשיקט אַלע קאָפּיעס אין וועלכע מיינע לידער זיינען געווען געדרוקט, כדי איך זאָל זיי קענען האָבן פאַר דער האַנט אום צו וויסן וואָס ווייטער צו טאָן. לאָמיר האָפן. אַז עס וועט אייך געלינגען צו אַראַנזשירן פאַר מיר אַן אָנשטענדיקע פאָרלעזונג אין באָס־



יוסף ראָזענפעלד, מאָריס ראָזענפעלדס בן־יחיד, וואָס איז געשטאָרבן 1904,
ווען ער איז אַלט געווען פופצן יאָר. — זע בריוו צו ליבאָוויטשן.

**טאָן וואָס זאָל פאַסן פאַר אייך און פאַר מיר. מיר געפעלט זייער אייער פּלאַן זיך צו שטעלן אין פערבינדונג מיט אַזעלכע פּראָמינענטע פּערזאָנען ווי פריילין בלעק־וועל(4) און הערן האועלס. ווי שטייט איר מיט דע האאז?(5) קענט איר אים פער־אינטערעסירן אין דער פאַרלעזונג?**

**פאַרלויפיק מער קיין נייעס. מיט גרוסן און די בעסטע ווינשונגען**

**אייער אמתער פריינד**

**מאָררים ראָזענפעלד**

---

(1) „דאָס בוך פון ליבע", וואָס ר' דערמאַנט אין די פריערדיקע בריוו צו לעוויטן.

(2) אין Literature פון 10טן פעברואַר 1899, ציטירט אין שייכות מיטן בריוו צו ווינערן פון 28סטן פעברואַר, 1899.

(3) האועלס איז דאַמאָלס אַלט געווען 77 יאָר.

(4) אַליס סטאָון בלעקוועל איז געווען אַ באַקאַנטע סופראַזשיסטקע, דיכטערין פּובליציסטקע און איבערזעצערין. זי איז געווען די רעדאַקטאָרין פון דעם פאַרשפּרייטן זשורנאַל Woman's Journal האָט פאַרעפנטלעכט אַ סך ווערק וועגן פּרויען־רעכט און איבערזעצונגען פון אַרמע־נישער, רוסישער, שפּאַנישער און יידישער פּאָעזיע (די פּאָעמע „דבורה" און אַנדערע לידער פון יחזקאל לעוויט אונטערן נאָמען „סאָנגס און גריף ענד גלעדנעס"). אַליס סטאָון בלעקוועל איז גע־ווען טיף פאַראינטערעסירט אין דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און געשטאַנען אין נאָענטער פאַרבינדונג מיט דער „באַבושקאַ" ברעשקאָווסקאַיאַ און האָט 1917 רעדאַקטירט אַ בוך וואָס איז געווען געווידמעט דער באַבושקאַן.

(5) יעקב דע האאז (1872—1931) דער באַקאַנטער ציוניסטישער עסקן און שרייבער איז גע־ווען צווישן די ערשטע הערצל־אָנהענגער אין דער ענגליש־רעדנדיקער וועלט און זינט 1902, ווען ער איז פון זיין געבוירנשטאָט לאָנדאָן געקומען קיין אַמעריקע, איז ער דאָרט געווען „אַן אנגע־זעענע פיגור אין יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן. ער האָט דערנענטערט צום ציוניזם די סופרים־קאָורט ריכטער בראַנדייס און פראַנקפורטער. ער האָט געשריבן די ביאָגראַפיעס פון הערצל, לואי בראַנדייס און די געשיכטע פון ארץ־ישראל".

## צו נ. ש. ליבאָוויטשן

נחמיה שמואל ליבאָוויטש (1862—1935) איז געווען אַ באַקאַנטער העברע־אישער שרייבער און פאָרשער, וואָס פלעגט זיך אויך פון צייט צו צייט דרוקן אין דער אָרטאָדאָקסישער יידישער פּרעסע. אַ זאַמלונג פון ליבאָוויטשעס אינטערע־סאַנטע בריוו האָט נ. ש. ליבאָוויטשעס טאָכטער פאַרעפנטלעכט אין 1933 אונטערן קעפּל: „מכתבים מאת נחמיה שמואל ליבאָוויטש לידידו פּרופיסור ר׳ ישראל דוד־זון". ביידע שרייבערס, ליבאָוויטשן און ראָזענפעלדן, האָט דערנענטערט דאָס, וואָס ביי יעדן פון זיי איז געשטאָרבן אַ יונגער און פעאיקער זון.

1390 Clinton Ave., Bronx, New York, N. Y., December 28, 1914.

זייער טייערער און געערטער פריינד הער נ. ש. ליבאָוויטש,

אַנטשולדיקט וואָס איך האָב אייך באַלד ניט געענטפערט אויף אייער ווערט־פולן בוך פּ נ י א ל (1).

דער פאַקט איז, אַז איך האָב זיך אפשר צען מאָל געזעצט שרייבן אַ בריוו צו אייך און יעדעס מאָל געבליבן זיצן ווי געליימט און האָב אַבסאָלוט קיין ווערטער ניט געפונען. איר האָט אין אייער מערקווערדיקן ספר געזאָגט אַלץ, וואָס עס לאָזט זיך זאָגן אין אַזאַ פאַל.

טייערער פריינד, איך ווייס ניט ווי ווער עס פילט אייך, איך אָבער פיל אייך געוויס, דען אויך מיר האָט דער שיקזאַל אונערבאַרעמלעך געשלאָגן. איך האָב פאַר־לאָרן מיין בן־יחיד יוסף אין עלטער פון 14 יאָר. ער וואָלט פאָזיטיוו געווען אַ גדול, אַן ענגלישער דיכטער און אַ דענקער. דערצו איז ער געווען אַזוי שיין און געראָטן קערפּערלעך ווי זעלטן איינער. ער איז דורכגעגאַנגען צוויי יאָר האָכשול.

ווען איך האָב גענומען לעזן אייער בוך, האָבן זיך מיר אויפגעריסן אין האַרצן מיינע אייגענע וואונדן און איך האָב געוויינט און געוויינט.

וואָס בלייבט אונז דען איבעריק צו טאָן מער ווי זיך צו טרייסטן מיט דעם געדאַנק, דאָס מיר וועלן ענדלעך אויך גיין דעם זעלביקן וועג, וועלכער איז דער שליאַך אויף וועלכן אַלע וואָס קומען מוזן גיין.

אונזער פרעגן, טראַכטן, פאָרשן און גריבלען זיינען איבעריק. אָט וויפל וויגע־לעך, אַזוי פיל קברים און וויפל „מזל־טובס", אַזוי פיל „ברוך דיין אמתן" און שאַ!

דער צוועק פון קומען איז אַ וועג צו גיין. ווער עס ש י ק ט אונז ווער עס ר ו פ ט אונז? ווער ווייס?

זייט מיר געזונט און שטאַרק און איך דאַנק אייך זייער פאַר אייער טייערעס ווערק.

אייער אמתער פריינד און ליידנס־ברודער

**מאָררים ראָזענפעלד**

---

(1) דאָס ספרל, וואָס איז אַ זאַמלונג פון מאמרי חז״ל „על דבר המות, אבלות ותנחומין" האָט דער צוזאַמענשטעלער אַרויסגעגעבן „לזכרון נשמת בני האהוב", וואָס איז געשטאָרבן צו זעכצן יאָר.

# צו ז. ב. קאַמייקאַן

ז. ב. קאַמייקאַ איז כתריאל שרהזאַנס אַ שוואָגער, געוועזענער שותף און מיט־אַרבעטער פון „טאַגעבלאַט" און שפּעטער פון שיקאַגער „אידישער קוריער" ער איז נאָך איצט אַקטיוו אין יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן און ספּעציעל אין דער ציוני־ניסטישער באַוועגונג.

1

Der Amerikaner
77 Bowery
N. Y., March 17, 1916.

זייער טייערער פריינד הער קאַמייקאַ: —

אייער זייער ליבענסווירדיקן שרייבן האָב איך ערהאַלטן און עס האָט מיר האַרציק געפרייט דאָס מיינע געדיכטע זיינען אייך געפעלן. איך ערהאַלט גאַנץ אָפט לויב־בריוו פון אינטעליגענטע לעזער, אָבער איר זייט פיל, פיל, מער ווי אַ אינטעליגענטער לעזער. איר זייט אַ אינטעליגענטער ל י ט ע ר אַ ט אַ מאַן, וואָס האָט אַמאָל אַליין באַלאַנגט צו דער קינסטלער פאַמיליע.

ווי עס שיינט אָבער, האָט דאָס דער הימל אַנדערס געוואָלט. ניט באַשערט אייך, מיט צו מאַכן די ביטערקייטן, וואָס אַ אידישער קינסטלער מוז ליידער מיט־מאַכן. וואָס מיינט איר וואָלט געווען, ווען איר וואָלט שוין געהאַט צען ביכער אויפן ביכער־מאַרק ווי איך? גאָר ניט! עס וואָלט אַבסאָלוט גאָר ניט געווען. איצט זייט איר אַ אינטעליגענטער בכבודער אַנגעזעענער געשעפטס־מאַן.

גאָט צו דאַנקען דערפאַר!

אייערער אַ בריוו, איז פאַר מיר אַ געווינס. עס מאַכט מיר דענקען, אַז מיר האָבן זיךביידע אַרויפגעאַרבעט. איר אויף אַ יין וועג און איך אויף אַ צווייטן. מיר טאָרן ביידע ניט זינדיקן. עס האָט געקאָנט חלילה ערגער זיין. איך ליב אייך און אַכט אייך, דערפאַר וואָס איר זייט געבליבן אַ פריינד פון אונדזער פאָלקס־ליטעראַטור. אַן אַנדערער אויף אייער אָרט, וואָלט געבליבן פאַרלאָרן פאַר יידישע ליטעראַטור און קונסט, איר אָבער פריינד קאַמייקאַ איר זייט אונזערער און מיר האָבן אייך ליב. אמת איר שרייבט ניט מער איר זייט אָבער אַ טייערער לעזער אַ

מאָריס ראָזענפעלדס בריוו

מאַן וואָס ווייס וואָס ער לעזט. שרייבט פריינד אַמאָל סתם אַזוי אַ בריוו, וואַרט ניט אויף אַ געלעגנהייט.

מיט די פאַרציגלעכסטע גרוסן אייער אמתער פריינד

מאָרריס ראָזענפעלד

2

Spencertown, N. Y., Sep. 20, 1916.

ייער ליבער און טייערער פריינד מר. ז. ב. קאַמייקאָ:

איר זייט זער ליבנסווירדיק דערמיט, וואָס איר האָט זיך גענומען די מי מיר צוצושיקן דעם אויסשניט פון „שיקאגאָ איזראַעליט". איך וואָלט עס פּאָזיטיוו ניט געזען, דען ווי איר זעט אָן די אויבערסטע אַדרעסע בין איך איצט אויפן דאָרף, וואו איך וועל האָפנטלעך פערבלייבן ביז דעם 15טן אָקטאָבער. אייער בריוו מיטן אויסשניט האָט מען מיר צוגעשיקט אַהער אין די בערג. איר זייט ווירקלעך אַזוי גוט מיין טייערער מר. קאָמייקאָ, אַז איך בין ענטציקט פון אייער אמתע עדעל־קייט. פאַרבלייבנדיק אַ יידישער שרייבער, וואָלט איר געוויס ניט געקענט אויפ־האַלטן אייער עדעלן כאַראַקטער, איבערהויפּט זייענדיק נאָך פאַרבונדן מיט יידי־שע בלעטער! זיי זיינען מטמא דעם מענשן וואָס זיצט אין יענע שרייבאַרניעס. איך ווייס ניט, ווי דאָס איז ביי אייך אין שיקאַגאָ, דאָ ביי אונז אין נויאָרק איז דאָס געוויס אַזוי און ניט אַנדערס.

ווער ווייס וואָס פון מיר וואָלט שוין ביז איצט געוואָרן, ווען איך וואָלט זיך געמישט מיט די שרייבאַרעס. איך וואָלט געזעסן מיט זיי צוזאַמען אין די אַזוי גע־רופענע „רעדאַקציעס" און „קיבעצאַרניעס" נור געלויבט איז גאָט איך האַלט זיך פון זיי וויט, ווייט אַוועק.

שרייבט מיר פריינד אויב מעגלעך אויף די אויבערשטע אַדרעסע. וואָס הערט זיך אין „רעקאָרד" מיט אונזערע געמיינזאַמע פריינד מר. ספּיוואַק און לייבנער? עפּעס באַמערק איך דאָרט ניט מער זייערע נעמען.

מיט הויכאַכטונג און די האַרציקסטע ווינשונגען אייער גאַנץ איבערגעבנסטער

מאָרריס ראָזענפעלד

3

Clinton, N. C., Nov. 17, 1916.

זייער טייערער פריינד ז. ב. קאָמייקאָ: —

אייער ליבנסווירדיקן בריוו מיט מיין אויסשניט פון מיין ליד איבערזעצט אין רוסישן, האָט מען מיר צוגעשיקט אין די סאוט, וואו איך מיט מיין פרוי געפין זיך איצט ביי מיינע אַ טאָכטער, און פון וואַנען איך שיק אייך אָט דעם דאַזיקן בריוו.

אַ גוטער יאָר אויף אייך, ווי איר באַמיט זיך דאָס אַלץ פון מיינעטוועגן! איר זייט מיט אַן אמת: גוט, עדל, און ליבנסווירדיק. ווייס כאָטש דאָס שיקאַגער יידיש־ליטעראַריש וועלטל ווי אייך צו ווירדיקן? פאַרשטייען זיי דאָרט ווי צו בע־וואונדערן אייער אמתע ליבע צו אונזער ליטעראַטור? ווען זיי וואָלטן אייך אַזוי פערשטאַנען ווי איך פערשטיי אייך, וואָלטן זיי אייך זיכער בעוואונדערט.

ערשט איצט, טוט מיר ווירקלעך וויי פאַר וואָס איך האָב אייך ניט אויסגע־זוכט, ווען איך בין געווען אין שיקאַגאָ, און האָב אייך ניט געדריקט ברידערלעך אייער האַנט. עס וועט נאָך אָבער קומען האָף איך אַמאָל אַ צייט, ווען מען וועט מיך אַראָפּברענגען אין שיקאַגאָ, דאַן וועלן מיר זיך ביידע האַרציק באמת אַרומכאַפּן.

איך בין ווי איר זעט אין די סאוטה, וואו איך האָף צו פאַרבלייבן דעם גאַנצן ווינטער. ערשטנס בין איך דאָ אויף באַזוך ביי מיין טאָכטער, צווייטנס בין איך דאָ צוליב מיין שוואַכעס געזונד, דען איך נייטיק זיך אין אַ מילדן קלימאַט. מיינע נערוון זיינען זייער ניט אין אָרדנונג און איך לייד פון שטענדיקע קאָפּ שמערצן. דאָ וואו איך בין איצט פיל איך אַ סך בעסער.

מיט הויכאַכטונג און פאַרציגלעכע גרוסן

אייער גאַנץ ערגעבענער

מאָררים ראָזענפעלד

# צו די פּאַפּערס

Spencertown, Columbia Counry, N. Y.
July 12th 1919.

זייער טייערע און געשעצטע פריינד

הער און מאַדאַם פּאַפּער: —

מאַדאַם ראָזענפעלד און מיינע ווייניקייט געפינען זיך איצט, ווי איר ווייסט, אין אונזער זומער־היים אין די יאגדעס־בערג. צו בעשרייבן די שיינקייט און פּרעכטיקייט פון אָט דעם דאָזיקן געגנט, די בעצויבערנדע נאַטור־סצענעס, די פעלדער, וועלדער, די בערג און שטילע, פרומע פאַרם־הייזער בין איך ניט אימשטאַנד. איבערהויפּט בין איך ניט בכוח צו בעשרייבן די קוויקנדע, היילנדע לופט פון דיזן געגנט. הלוואי וואָלט דאָ געווען מאַדאַם פּאָפּער מיט אונזער ליב־האַרציקן, בריליאַנטענעם משהלען.

נעכטן און היינט מוזן מיר דאָ טראָגן דיקע וואָלענע יאקען, „סוועטערס" אין אויף די „סוועטערס" וואַרעמע רעק און עס איז נאָך אַלץ קאַלט. ווי איך פערשטיי איז איצט אין נויאָרק אויך ניט הייס, נור אַזאַ קרעפטיקנדע קעלט און איבערהויפּט אַזעלכע קאַלטע, אייז קאַלטע וואַסער ווי מיר האָבן פון אונזער קוואַל אויף אונזער פאַרם, דאָס קען אין נויאָרק קיינמאָל ניט זיין. מיר האָבן דאָ די בעסטע מילך די פרעכטיקסטע זיסע פּוטער און שמעטענע און יעדן טאָג פרישע, וואַרעמע וויסע אייער נור וואָס פון דער הון.

מיט די פאַרציגלעכסטע גרוסן צו אייך און צו אונזער משהלען אין נאָמען פון מאַדאַם ראָזענגעלד פערבלייב איך אייער אמתער פריינד

מאָררים ראָזענפעלד

נ. ב. אונזער אַדרעסע געפינט איר פון אויבן אויף דיזן בריוו.

נ. ב. פערגעסט ניט צו קושן משהלען פון אונזערטוועגן!

## צו גרינבערגן

New York, September 24, 1919.

זייער געערטער הער גרינבערג: —

איך מוז אייך געשטיין דעם ריינעם אמת, אַז איך האָב ליידער ניט מער קיין צוטרוי צו אייער מאָנטרעאַלער מין „איינלאַדונג", נור די העפלעכקייט פאָדערט, אַז איך זאָל ענטפערן און איך טו מיין פליכט.

כסדר: אויב איר זאָלט מיך ווירקלעך וועלן ברייננגען צו אייך אין קענעדע וועט איר מיר דאַרפן בעצאָלן פופציק (50) דאָלאַר פיר מיין לעזן און עקספּענסעס הין און צוריק. אוןביידע זאַכן: אי מיין האָנאָראַר, אי די הוצאות וועט איר מיר מוזן צושיקן מיט אַ וואָך פ אַ ר מיין קומען נאָך מאָנטרעאַל.

אויב איך וועל ניט הערן פון אייך ביז דעם 15טן אָקטאָבער, וועל איך דאָס בעטראַכטן אַלס גאָרניט מיט גאָרניט אונטערגעשלאָגן.

מיט הויכאַכטונג

מאָרריס ראָזענפעלד

נ. ב. מיין פּריוואַט אַדרעס איז ווי פאָלגט:

Morris Rosenfeld
The Bronx, New York
N. Y., U. S. A.

שרייבט מיר נ י ט אויף דער אַדרעס פון „טאָגעבלאַט".

# צו דער מאָנטרעאַלער פאָלקס ביבליאָטעק

1

נויאָרק דעם 28טן אָקטאָבער, 1919.

זייער געערטע הערן פון מאָנטרעאַלער פאָלקס־ביבליאָטעק:

איך האָב ערהאַלטן פון אייך צוויי זאַכן, נעמלעך: די אַנאָנסע מיט מיין בילד דערויף און אייער פירטן און פינפטן יערלעכן בעריכט, שיין געדרוקט און בראָשירט. פיר אָט דעם דאָזיקן בעריכט דאַנק איך אייך זייער, דען ער האָט מיך ווירקלעך איבערראַשט. אויב איר מיינט, אַז די נויאָרקער איינגעוואַנדערע יידישע יידן, יידיש־ריידער און יידיש־לעזער האָבן עטוואָס ענלעכעס צו אייער פאָלקס־ביבליאָטעק האָט איר אַ טעות, דען זיי האָבן דאָס נ י ט. איך האָב דעם באַטרעפנדן בעריכט פון אייער פאָלקס־ביבליאָטעק אויפמערקזאַם דורכגעלעזן און בין ממש געוועזן ענטציקט. איך האָב געזען, אַז איר טוט די ריכטיקע זאַך אויפן ריכטיקן אופן.

האָבנדיק דורכגעלעזן זייער פאָרזיכטיק די איינצלהייטן פון אייער גייסטיקן אינסטיטוט, האָף איך גאָר מיט בעזאָנדער ליבע און רעספעקט צו די יידן פון מאָנטרעאַל אויפצוטרעטן צו אייער קאָנצערט און פאָרלעזן מיט נשמה־פערגעניגן.

מיט הויכאַכטונג צו אייך פערבלייב איך אייער אמתער פריינד

מאָרריס ראָזענפעלד

2

New York, November 6, 1919.

זייער געערטע הערן פון אידישער פאָלקס־ביבליאָטעק: —

איך געפין פאַר נויטיק אייך אויפמערקזאַם צו מאַכן, דאָס איך האָב געביטן מיין אַדרעס. איר וועט אַזוי גוט זיין איצט צו מיר שרייבן אויף פאָלגנדע אַדרעסע:

Morris Rosenfeld
c/o Harris, 193 Crotona
Park North, The Bronx
New York, N. Y., U. S. A.

# אינהאַלט



בריוו פון מאָריס ראָזענפעלד:

E. LIFSCHUTZ

# Las Cartas de Mauricio Rosenfeld



INSTITUTO CIENTIFICO JUDIO — IWO

BUENOS AIRES

1955